שלמה שטראוס-מארקא

# געווען אמאָל אַ שטעטל




1965

S. STRAUSS-MARKO

BYŁO KIEDYŚ MIASTECZKO

Red. M. MIRSKI

רעד. מ. מירסקי

Okładkę projektował ERCHOW

הילע פּראָיעקטירט: ערכאָוו

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch” Warszawa, Nowogrodzka 5

Nakład 2500 egz. Druk ukończono w lutym 1964 r. Ark. druk. 16.
Ark. wyd. 13. Papier druk. sat. kl. IV, 61 × 80 g.
Druk. RSW „Prasa”, Warszawa, Tarczyńska 8. Zam. 1655 — E-12

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין
טאַטן לייבוש,
מאַמען שיינדל,
שוועסטער פייגע און ביילע,
ברידער — וואָלפיש און הערש —
ג ע וו י ד מ ע ט.

# אַ וואָרט פון מחבר

אין מיין בוך האָבן זיך זיכער אַריינגעכאַפּט אייניקע טעותים אין די נעמען אָדער אין די דאַטעס. עס איז דאָך אַזאַ לאַנגע און שרעקלעכע צייט פאַרפלאָסן זינט די אַלע געשעענישן, וועלכע איך טו דאָ דערמאָנען, אַ צייט, וואָס האָט געקאָנט נישט ביי איין מענטשן אָפּשוואַכן זיין זכרון.

אפשר האָב איך עמעצן פון מיינע העלדן אין בוך נישט אויף דעם ריכטיקן אָרט געשטעלט, נישט גוט באַהאַנדלט אָדער מיט עפּעס באַליידיקט. גלייבט מיר, חשובע לייענער, אַז דאָס בין איך באַשטימט נישט אויסן געווען. זיי זענען אַלע מיר אַזוי טייער, אַזוי נאָענט.

איך וויל אויף דעם אופן שטעלן אַ מצבה מיין אָרעם שטעטל, מיין היים. וו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ווו איך האָב מיין קינדהייט פאַרבראַכט, מיין געליבט שטעטל וואַריש, וואָס איז נעבעך אַזוי גרויזאַם אָפּגע־מעקט געוואָרן פון דער ערד.

איך וויל אויף דעם אופן שטעלן אַ מצבה מיין משפחה, מיינע פריינד און חברים, אַלע וואַרישער יידן, אַלע, וועמען איך האָב נאָר געקענט און נישט געקענט.

עס וווינט מיין האַרץ ביי יעדן נאָמען פון זיי, ביי יעדער דערינערונג פון דעם קלענסטן געסעלע אָדער שטיבעלע. עס שטייען מיר פאַר די אויגן די קאַרשן־ביימלעך ביים וועג, וועלכע מיר האָבן נאָך אַלס קינדער געפּלאַנצט; לאָזערס באַרג, פון וועלכן מיר פלעגן ווינטער פאָרן מיט די שליטעלעך; די קליינע ביידלעך אויף דעם מאַרק־פּלאַץ; דער קאַרקאָווער וועג און אַרום אים די בליענדיקע פעלדער; די ייִנגלעך און מיידלעך, וועלכע פלעגן שבת נאָכן עסן גיין שפּאַצירן צום געדיכטן און רוישנדיקן וואַלד; דאָס טייכל ביי דער מיל מיט דער איינגעבויגענער ווערבע ביים ברעג, וואָס אירע צווייגן האָבן

זיך געטונקען אין וואַסער. דאָרט פלעגן יידן זיך באָדן אין אַ זומערדיקן ערב שבת.

אַלץ איז אַזוי טיף איינגעבאַקן אין האַרצן, אַזוי טייער.

וויפל יאָרן פון מיין לעבן וואָלט איך גרייט געווען אָפּצוגעבן, כדי באַטש אויף איין טאָג קאָנען ווידער דערזען אַלע ווי אַמאָל. די חברים אויך די געהיימע זיצונגען ביי שמואל שמש אין שטוב, יוסף הערש דעם דאָרפס־גייער מיט זיין זאַק אויף די פּלייצעס, די שבת־יום־טובדיקע יידן מיט זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס, וועלכע איילן אין די בתי מדרשים. מיין פעטער הערש ביים וואָגן מיט זיין שטאַרק איינגעצויגענעם פּאַסעק. מיין טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער...

ניין, עס איז בלויז אַ טרוים. דאָס וועט שוין קיינמאָל נישט קומען צוריק. אין האַרצן וועט בלייבן אַ ווייטאָק און פּיין ביז צום סוף פון מיינע טעג.

וואַרשע, דעם 3 יוני, 1960

# קאַפּיטל 1

## דאָס חדר

עס רעגנט און דרויסן אָן אויפהער. דער ווינט רייסט די שינדלען פון די קליינע איינגעהויקערטע שטיבלעך לענגאויס דעם לינקן ברעג פון וואַרישער טייכל, קלאַפּנדיק דערביי מיט די לאָדנס און מיט די שלעכט פאַרמאַכטע טירלעך. עס זעט אויס ווי די שטיבלעך וואָלטן זיך געבעטן ביים אומברחמנותדיקן ווינט: „לאָז אונדז שטיין, עס גייט דאָך צו ווינטער, צעשטער נישט די נעסטן פון די אָרעמע יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן זייערע היימען מיט ביטערן שוויים געבויט“.

אָבער דער ווינט הערט נישט זייער געבעט און טרייבט אַלץ נייע כוואַליעס, געמיישט מיט רעגן און באַגלייט מיט אַ יאָמערלעכן וואָיען.

אַרום איז פינצטער. דער הימל איז אינגאַנצן פאַרצויגן מיט וואָלקנס, וועלכע יאָגן זיך פון צפון אויף דרום מיט אַ געוואַלדיקן געיעג. אָבער די איינוווינער פון דעם קליינעם גאַליציאַנער שטעטל, וואָס האָט געציילט אַן ערך דריי טויזנט נפשות, האָבן זיך נישט געלאָזט שטערן זייער געשמאַקן שלאָף, וועלכער האָט זיי אַנידערגעלייגט נאָך דער שווערער טעגלעכער אַרבעט.

נאָר אין דעם שטיבל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער קליינער מלכהלעם באַרג, איז געווען ליכטיק און אַלע פענצטער. לייבוש ישראלס איז געשטאַנען מיטן פּנים אויסגעדרייט צום פענצטער, אין דער שטיל מיט גרויס התלהבות תפילה געטאָן צו גאָט, כדי אויסצובעטן אַ לייכטן קימפּעט פאַר זיין פרוי.

— חנה! — האָט זיך אָנגערופן רחל די באָבע צו איר טאָכטער, וועלכע זי האָט מיטגענומען, כדי זי זאָל פאַרווייטיקן אין פאַך — מענטש שוין אַרויפשטעלן אויף דער קיך דאָס וואַסער צו וואַרעמען, עס איז שוין באַלד, באַלד...

— שוין, שוין, שיינדעלע... שוין נישט לאַנג — האָט רחל גע־טרייסט די געווינערין, גלעטנדיק זי מיט איר אַלטער ציטערנדיקער האַנט, אָפּווישנדיק דערביי פון איר די שווערע טראָפּנס שוויס, וואָס זענען אַרויסגעטראָטן אויף איר פּנים — געלויבט השם יתברך, עס גייט אַלץ לויט זיין ווילן — האָט רחל מיט גרויס ערנסט צוגעגעבן.

חנה האָט זיך געדרייט ביי דער קיך, פאַרדעקט דעם באַניאַק מיט וואַסער, ער זאָל זיך שנעלער דערוואַרעמען, צערירט דאָס האָלץ מיט דעם אייזערנעם האַטשעק, עס זאָל געבן אַ בעסערן פלאַם, אַרויפגעשטעלט די וואַניענקע אויף צוויי הילצערנע טאַבאָרעטן, צוגעגרייט די ווינדעלעך און אַ שערל אָפּצושניידן דעם נאָפּל.

לייבוש איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף זיין אָרט, מורמלענדיק מיט די ליפּן קאַפּיטלעך תהילים.

ענדלעך...

מיט אַ הילכיקן געשריי, דורך דעם אַריינציען דאָס ערשטע מאָל אַליין די לופט אין זיין קליינעם ברוסטל, האָט אייזיקל — ווי מען האָט אים שפּעטער אַ נאָמען געגעבן אין שול — באַגריסט די שטוב־מענטש, צו וויסן געבנדיק דערמיט זיין אָנקום אויף גאָטס וועלטל.

— זאָל זיין מיט מזל! אין אַ גוטער שעה! דער גוטער מלאך האָט אים געגעבן אַ שנאָל אין דער ליפּ, ער זאָל פאַרגעסן דאָס לערנען, וואָס ער האָט מיט אים געלערנט די גאַנצע ניין חדשים — האָט מיט אַ פריילעכער שטימע געזאָגט רחל די באָבע. — נו, נו, זאָל ער טאַקע שרייען, זיך בייזערן אויף דעם גוטן מלאך, פאַרוואָס ער האָט אים נישט פאַרגונען די תורה. מזל טוב, לייבוש — האָט זי זיך געווענדט צום טאַטן, וועלכער האָט ערשט איצט זיך אויסגעדרייט מיט דעם פּנים צו דער שטוב — אַ זכר!... אויף לייבושעס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שטראַל פון פרייד. — ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס טאַקע מן השמים — האָט רחל באַלד צוגעגעבן — אַ זכר, אַ בכור און געבוירן אום שבת, דערצו ווען מען בענטשט ראש חודש — אַלץ אינאיינעם! אַ קלייניקייט!... — מיט צוויי פאַרגלאָצטע אויגן געווענדט אין דער הייך האָט רחל ווייטער געצויגן: עס שטייט אין די הייליקע ספרים, אַז אַ זכר, אַ בכור ווערט געבוירן אום שבת, ווען מען בענטשט ראש חודש, וועט ער זיין אַ גרויסער צדיק.

רחל די באָבע איז אָנגעגאַן אין שטעטל פאַר אַ יידענע, וואָס האָט

אַ סך זיך אָנגעהערט פון די קלייגע אותיות און קאָן פיל פון זיי דערציילן.

— ווער ווייסט, שיינדעלע — האָט זי זיך איצט געווענדט צו דער קימפּעטאָרין — ווען דו האָסט זוכה געווען צו ברענגען אויף דער וועלט....

אייזיקל איז טאַקע שיין געוואַקסן. זיין קיילעכדיק קעפּעלע האָט זיך פאַוואָליע באַדעקט מיט געדיכטע שוואַרצע לאָקן, וואָס האָבן ממש צוגעצויגן די אויגן פון יעדן, וואָס האָט זיי געזען.

— שיינדעלע — פלעגט תמיד זאָגן די שכנטע מינטשע — אָן אייער שאָדן זאָל מיר מיין גרשון זעליקל אַזוי געראָטן, ווי אייער אייזיקל. אַ קינד ווי ביים קיסר, קיין ביז אויג זאָל אים נישט שאַטן, טפו! טפו! טפו! — האָט זי אויסגעשפּיגן, אָנקלאַפּנדיק דערביי דריי מאָל מיט אַן איינגעבויגענעם פינגער אויף דער אונטערשטער זייט פון דעם טיש.

דאָס קינד איז טאַקע געווען ווי אַ יונגע רויז. עס האָט געפרייט דאָס לעבן און געגעבן גרויס פאַרגעניגן זיינע עלטערן. די מאַמע האָט דאָס קינד נישט אַראָפּגעלאָזט פון אירע אויגן און געציטערט פאַר זיין יעדן טריט.

די צייט שטייט נישט, די יאָרן לויפן — און אייזיקל האָט געענדיקט גאַנצע דריי יאָר. די מאַמע האָט זיך געמוזט מיט אים שיידן אויף אַ גאַנצן טאָג, אייזיקל האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר אַריין.

אין שטעטל האָט זיך פאַר דער צייט אויך פיל געענדערט. עס זענען צוגעקומען צוויי נייע מלמדים. דער קליינער יונהלע און רב זישע. מע איז זיך טאַקע נישט באַגאַנגען אָן אַן אסיפה אין בית המדרש, וואָס האָט זיך געצויגן ביז דריי ביי־טאָג. אָבער קהל האָט די צוויי מלמדים באַשטעטיקט.

רב וואָלף מלמד איז טאַקע געווען גערעכט: — מה כולו האי? — האָט ער געטענהט — איר ווילט מיך לאָזן אָן פרנסה? איך האָב, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין, דריי טעכטער חתונה צו מאַכן. וווּ זשע האָב איך פאַר זיי אַ נדן? זאָל איך זיי לאָזן זיצן ביז אין גראָען צאָפּ אַריין, ביי די פעדערן פליקן?!

אָבער קהל איז אויך גערעכט געווען: ראשית קומט דאָס מלמדות דעם קליינעם יונהלען בירושה, ער האָט דאָך טאַקע די טאָכטער פון רב הערש — חיים כולעס, דעם גמרא־מלמד. והשנית, איז ער דאָך אַ ייד אַ למדן...

— און רב זישע געבעך — טאַקע רב זישע — האָט זיך ווי פאַרענטפערט שלום מנשהס — אַ צוגעקומענער יונגערמאַנטשיק — געלט אויף קיין געוועלב האָט זישע נישט, ער וועט דאָך נישט גיין ווערן אַ בעל מלאכה... ער איז דאָך פאָרט דעם רבי רב זישעס, עליו השלום, אַן אייניקל. איז ווי־זשע זאָל ער נעמען פרנסה?...

פונדעסטוועגן האָט לייבוש באַשלאָסן, אַז זיין אייזיקל זאָל גיין צו רב וואָלפן. ערשטנס, איז רב וואָלף אַן אַלטער מלמד און ווייסט ווי מיט קינדער זיך צו באַגיין, צווייטנס, גייען דאָך צו רב וואָלפן אין חדר די קינדער פון די שענסטע באַלעבאַטים פון דעם שטעטל. מילא, ס'קאָסט טאַקע נאָך עטלעכע זלאָטעס אַ זמן, אָבער ס'איז ווערט.

געווען איז אַ שיינער פרימאָרגן, די זון האָט געוואַרעמט ממש ווי אין אַ פרילינג־טאָג, כאָטש עס איז געווען שוין טיף אין הארבסט אַריין. זי האָט, ווייזט אויס, געוואָלט מיט איר וואַרעמקייט באַגלייטן דעם דריי־יאָריקן בחור זיינע ערשטע טריט צו דער תורה.

איינגעוויקלט אין זיין טלית מיט דער זילבערנער עטרה, האָט לייבוש גענומען אייזיקלען אויף זיין רעכטער האַנט און אים געטראָגן אין חדר אַריין. שיינדל איז אים שטיל נאָכגעגאַנגען.

דעם גאַנצן וועג איז דאָס קינד געווען איינגעהילט איבער דעם פנימל אין טלית, כדי עס זאָל אים חלילה קיין בייז נישט טרעפן, און אויך קיין ערל זאָל אים נישט זען. ערשט ווען זיי זענען אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם חדר, האָט מען אים אויפגעוויקלט און אַנידערגעשטעלט אויף דער פאָדלאָגע.

דער חדר האָט זיך געפונען אין אַ הילצערנער הייזקע. דער נידעריקער סופיט, די אָפּגעדראַפּעטע ווענט, פול מיט פלעקן פון די קינדערישע הענטלעך, די פאָדלאָגע פון נישט געהובלעוועטע ברעטער, פאַרטאָפּטשעטע מיט בלאָטע, דאָס נידעריקע פענצטערל מיט די פירקאַנטיקע שויבן, פון וועלכע צוויי זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט היי־קישעלעך, די כמאַרע פליגן אויפן טיש, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום די קינדערס נישט דערעסענע פרישטיקן און אָנבייסן, וועלכע די קינדער פלעגן מיט זיך מיטנעמען אָדער דער בעלפער מעכל פלעגט זיי ברענגען פון זייערע היימען, די דושנע לופט — דאָס אַלץ איז געווען זייע־אומהיימלעך. שיינדלען האָט אַזש געגעבן אַ קלעם ביים האַרץ אויף דעם געדאַנק, אַז איר אייזיקל מוז זי דאָ איבערלאָזן אויף אַ גאַנצן טאָג.

אין חדר איז געווען טונקל. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ לאַנג באַנקבעטל, אויף וועלכן עס זענען געזעסן די קינדער און געוואַרט אויף זייער רײ צום לערנען.

אין שטיבל האָט זיך געפונען נאָך אַ זייער וויכטיקע זאַך: דאָס אויף בלוי אָפּגעקאָלעכטע קיכל מיט זיין קאַפּע, וועלכע האָט פֿאַרהאַלטן דעם רויך, ער זאָל זיך וואָס ווייניקער רייסן אין שטוב אַריין, בעת מען האָט געהייצט אין אויוון אויף צו באַקן ברויט.

די קאַפּע האָט געהאַט נאָך אַ שליחות. אונטער איר פֿלעגט דער בעלפֿער מעכל אַריינשטעלן די יינגלעך אַלס שטראָף פֿאַר נישט וועלן גיין אין חדר אַריין אָדער פֿאַר אַנטלויפֿן אַהיים.

פֿאַר אַזאַ זינד, ווען זי פֿלעגט באַגאַנגען ווערן צום ערשטן מאָל, פֿלעגט דער רבי רב וואָלף אָדער דער בעלפֿער בלויז אָפּשמייסן דאָס יינגל מיטן קאַנטשיק נומער איינס, וואָס האָט געהאַט נאָר דריי רימענדלעך. אָבער ווען דאָס האָט זיך איבערגעחזרט — דעמלט פֿלעגט מען דעם בחור אַראָפּלאָזן די הייזלעך, אַנידערלייגן אויף דעם באַנקבעטל און שמייסן מיט דעם גראָבן קאַנטשיק, וואָס האָט געהאַט אַזש פֿינף רימענדלעך. דער בעלפֿער מעכל פֿלעגט דערביי זאָגן צו אַלע תלמידים, אויפֿהייבנדיק הויך דעם קאַנטשיק: — זעט, אַז איר וועט נישט קומען אין חדר, וועט איר אַלע אַזוי קריגן — און נאָך געבן דעם קאַנטשיק אַ קוש.

מיט אומעטיקע אויגן פֿלעגן די יינגלעך שיר אָפּמעסטן דעם בעלפֿער ביי די ווערטער.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ קלייניקייט אין פֿאַרגלייך מיט דער קאַפּע. זי האָט געוואָרפֿן אַן אימה אויף אַלע קינדער.

עס האָט בלויז געגונגט דאָס וואָרט „קאַפּע", „אַריינשטעלן אין קוימען" — אַז אַלע פֿאַרבן זאָלן ביים קינד אַנטלויפֿן פֿונעם געזיכטל.

טיף אין זכרון האָט זיך ביי אייזיקלען איינגעקריצט די געשעעניש, ווען מעכל בעלפֿער האָט אַריינגעשטעלט אין קוימען אַרעלע — דבורה שימעלעס. זיין זינד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס געוויינלעך דערזעענדיק מעכלען דורכן פֿענצטער, פֿלעגט ער זיך געשווינד אַרויסשאַרן פֿון שטוב און זיך באַהאַלטן צווישן די ברעטער פֿונעם סקלאַד, וועלכער האָט זיך געפֿונען לעבן זייער הויז. אַזוי פֿלעגט ער אָפּט אַרויסדרייען זיך פֿון מעכלס הענט און נישט גיין אין חדר. נאָר איין מאָל איז אַרעלען נישט געלונגען. ער האָט אַ ביסל צו שפּעט דערזען דעם

בעלפער דורכן פענצטער. מעכל האָט באַמערקט זיין באַהעלטעניש, און כאָטש אַרעלע האָט שנעל ווי אַ האָז אַ שפּרונג געטאָן און זיך איינגעפּרעסט צווישן די סטערטעס ברעטער, האָט אים מעכל שנעל אָפּגעפונען. דאָס ווייסע שוועמצעלע פון דעם העמדל האָט אים פאַראַטן...

מעכל האָט אים אַרויסגעצויגן פון צווישן די ברעטער און אַ באַגאָסענעם מיט טרערן געברענגט אין חדר...

איצט איז אַרעלע געשטאַנען מיט דעם העמדל פאַרצויגן איבער דעם קעפּעלע, וואָס איז אויבן געווען פאַרבונדן מיט אַ שטריקל, די צוויי קלאַמערדיקע הענט פון מעכל בעלפער האָבן אים געהאַלטן אונטער דער קאַפּע פון קיכל. דאָס קינד איז געשטאַנען און געציטערט פאַר שרעק. שטיקנדיק זיך פון די טרערן...

נאָר האָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט די רביצין לאהקע:

— גענוג שוין, מעכל! וואָס פאַר אַ שטיק טרייבסטו דאָרט? — נישט אויפהייבנדיק איר קאָפּ פון די פעדערן פליקן.

— ס'מאַכט נישט, רביצין — האָט געענטפערט מעכל — מיר האָט מען אויך אַזוי געטאָן. איר ווייסט דען וואָס פאַר אַ שייגעץ דאָס איז! וואָס וועט פון אים אויסוואַקסן? אַ גוי גומר!... אַ וואָך צייט נישט צו קומען אין חדר — האָט מעכל שוין ווי צו זיך אַליין געזאָגט — און ווען איך בין נאָך אים געקומען, האָט ער זיך פאַרשטעקט צווישן די ברעטער...

מעכל איז אין די זאַכן שוין געווען בקי, וואָס־זשע, דעם ערשטן טאָג אַ בעלפער! שוין פאַוואָליע פערצן יאָר אַוועק, ווי ער האָט אָנגעהויבן פון די קינדערס היימען צו טראָגן די קיישלעך מיט עסן. ער איז דעמלט אַלט געווען קוים צוועלף יאָר. טאַקע נאָך געווען אַ ביסל צו פרי צו דער אַרבעט, נאָר וואָס האָט מען געקאָנט טאָן. אַ קראַנקע מאַמע, דער טאַטע אַ דאָרפס־גייער און דערצו נאָך פינף קינדער אין דער היים. האָט דער טאַטע געשיקט פאַרדינען. נו, און דער עלטערער ברודער זיינער — יונה איז דאָך אויך שוין צו פופצן יאָר געגאַנגען אויף דעם האָרף האַנדלען צווישן די פויערים... מעכל האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט איבער זיין גורל, נאָר באַלד זיך צוריק דערמאָנט אין זיין אַרבעט...

— ווי הייסטו, יינגעלע? — האָט זיך מעכל אָנגעבויגן צו אייזיקלען און אים געפרעגט מיט חניפה.

גלייכצייטיק האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט רב וואָלף מלמד. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין טייטל אויף דעם סידורל פון דעם תּלמיד, מיט וועלכן ער האָט אין דער חנע געלערנט. אַוועקגערוקט דעם קאַנ־טשיק אויף דער רעכטער זייט פון דעם טיש, כּדי איציקל זאָל אים נישט דערזען. גלעטנדיק מיט זיין לינקער האַנט זיין לאַנגע ווייסע באָרד, האָט ער זיך געטאָן דערנעענטערן צו זיין נייעם תּלמיד.

— שלום עליכם, לייבוש! — האָט רב וואָלף אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו דעם פרישן באַלעבאָס. — ס'זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

— אמן — האָט לייבוש געגעבן אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ.

— נו, בחור — האָט רב וואָלף מיט אַ שמייכל אַ קניפּ געגעבן איציקלען אין בעקל. קום אַהער — האָט ער געוויזן אויף דעם סידור, וואָס איז געלעגן אויף דעם טיש — און ווייז וואָס דו קענסט, ועסטו באַקומען אַ זייגער.

דער טומל, וואָס האָט געהערשט, די פרעמדע סביבה האָט אָנגע־וואָרפן אַן אימה אויפן קינד. איציקל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך פעסט געקלאַמערט אין דער מאַמעס זייט. און ווען רב וואָלף האָט אים געפּרוּווט צופירן צום לערן־טיש, האָט ער אויפגעהויבן בייזע הענטלעך צו דער מאַמען מיט אַ געוויין, ווי ער וואָלט זיך געבעטן: — מאַמע, נעם מיך צו פון דאַנען, איך בין נאָך צו יונג צו דעם אַלעם, איך בין קוים הריי יאָר אַלט.

דער הדר און אַלץ אַרום האָט ווירקלעך אויסגעזען ווי דער טרויע־ריקער יאָמער פון דער גאַנצער וועלט וואָלטן דאָ זייער מקום מנוחה געפונען.

די מאַמע האָט טאַקע דערפילט די שרעק פון איר קינד, זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און עס גענומען אויף די הענט און געפּרוּווט אַליין עם צוטראָגן צום טיש.

רב וואָלף מלמד האָט דערווייל אויסגעזוכט די גרעסטע אותיות פון דעם אויסגעפליקטן סידורל און מיט זיין טייטל אין דער רעכטער האַנט געפּרוּווט זיי ווייזן איציקלען.

— אָט זעסטו, יינגעלע, וואָס דאָס איז? — האָט רב וואָלף אָנגע־הויבן מיט אַ זינגענדיקן קול — דאָס איז אַן אַלף... נו, זאָג אַלף... — האָט ער איבערגעחזרט.

איציקל איז געזעסן און גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ אַרום טוט זיך, און וואָס וויל מען פון אים. ער האָט געקוקט אויף דעם גע־

קאַרבמן טײטל, אױף דעם רבין, אָבער יעדעס מאָל האָט ער אױסגע-געדרײט זײן קעפּעלע צו דער מאַמען, הײטנדיק זי זאָל פון אים נישט אַװעקגײן.

— נו, זאָג, אײזיקל — האָט רב װאָלף ממש געבעטן — זאָג אַלף.

— זאָג אלף — האָט זיך אַרײנגעמישט דער טאַטע.

— זאָג אלף — האָט נאָכגעזאָגט דאָס קינד...

— זאָג נישט זאָג אַלף, נאָר אַלף אַלײן — האָט װידער אָנגע-הױבן רב װאָלף.

— זאָג נישט זאָג אלף, נאָר אלף אַלײן — האָט איבערגעחזרט דאָס קינד מיט אַ בעטנדיק קעלעכל, מע זאָל אים שױן לאָזן צורו.

אױף אַלעמענס געזיכטער האָט זיך באַװיזן אַ שמײכל פון פרײד, נאָר פון שײנדעלעס אױגן האָבן זיך אַראָפּגעקײקלט צװײ גראָבע טרערן אױף אײזיקלס קעפּעלע, װײל איר האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז זי װעט נישט דערלעבן די פרײד פון זײן לערנען.

רב װאָלף האָט איצט אַריבערגעשיבט דאָס טײטל אױף דעם דערנעבן שטײענדיקן אות. — און איצט זאָג, ייִנגעלע — האָט ער אָנגעהױבן מיטן פריערדיקן ניגון — בית... זאָג-זשע בית...

— זאָג-זשע בית — האָט איצט שױן גלײך נאָכגעזאָגט אײזיקל, נישט קוקנדיק אַפילו אױף דעם אות.

— זאָג נישט זאָג-זשע, נאָר בית אַלײן — האָט ליבלעך צוגעגעבן דער רבי.

דאָס קינד האָט שױן װירקלעך נישט געװוּסט, װאָס מען האָט נאָך צו אים און װידער געװענדט זײן בליק צו דער מאַמען.

— נו, זאָל זײן אױף הײנט גענוג — האָט מיט אַ גלעט איבער אײזיקלס קעפּעלע פאַרענדיקט רב װאָלף...

לאַנגע צװײ יאָר האָבן זיך געצױגן אין דעם ענגן און טריבן חדר. טאָג-אײן טאָג-אױס, פון פרימאָרגן ביז אין דעם שפּעטן פאַר-נאַכט אַרײן...

אין דער זעלבער צײט האָבן זיך די יונגע יאַנעקלעך, סטאַשעקלעך און בראָנעקלעך געשפּילט אױף דער פרישער לופט, אין די סעדער, אױף די פעלדער, אױף די גרינע לאָנקעס. זײערע הימל-בלױע אײגעלעך זענען צעשפּילט און קוקן לוסטיק פון אונטער די פלאַקס-העלע װיעס.

זיי, מיט די בלאָנדע קעפּעלעך, מיט די שטיפעריש צעוואָרפענע הערעלעך יאָגן זיך נאָך אַ רייפל אָדער שפּילן אין פּאַלאַנט. זייער ברוינע פאַרב אויף די בעקלעך, אָפּגעברענט לייב אויף דער זון, וואָס קוקט אַפּער פון די צעבראַסטעטע, גראָבע לייוונטענע העמדלעך מאַכט זיי אונטערשיידן פון די בלאַסע פּנימלעך פון די יידישע יינגלעך פון חדר.

קאַפּיטל 2

# דער חומש־בחור

— שײנדעלע, דו שלאָפֿסט שױן? — האָט זיך לײבוש געװענדעט צו זײַן פֿרױ.

— נײן, נאָך נישט.

— דו װײסט, עס װאָלט טאַקע גוט געװען אױף שבת אױך אָנצוגרײטן אַ לאָקשנקוגל מיט האָלובטשעס, זאָלן ייִדן װיסן, אַז אײזיקל הײבט אָן חומש צו לערנען. צװײ ליטער בראָנפֿן האָט דער אײבערשטער מיר שױן צוגעשיקט, װעסט אױך מוזן אָפּבאַקן אַ מאָן־שטרודל צו פֿאַרבײַסן — האָט ער רואיק צוגעגעבן — עס װעט דאָך קומען אַ מנין ייִדן גלײַך נאָך דעם האַװדלען פֿון דער קאַלטער שול. און דו װײסט, שײנדל, װאָס דאָס הײסט, אַז אַ מנין ייִדן זאָגט לחיים?....

לײבוש האָט דערפֿילט, אַז שײנדל באַציט זיך קאַלט צום גאַנצן עסק. איז װעלנדיק זי אױפֿרודערן איז ער שנעל אַריבער צו רעדן װעגן די צוגרײטונגען פֿאַרן קינד גופֿא. — דאָס אָנצוגל פֿאַר אײזיקלען איז שױן אױך פֿאַרטיק, חײם־לײב שנײַדער האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף נאָר צונײען די קנעפּלעך.

— און װאָס איז מיט די שיכלעך? — איז שײנדל גלײַך װי װאַכער געװאָרן.

— עס װעט אַלץ זײַן — האָט לײבוש געענטפֿערט — מאָריץ דער שוסטער װעט זײ מאָרגן אינדערפֿרי אַלײן ברענגען.

לײבוש האָט אָנגעהױבן אױסצורעכענען, װאָס אַלץ מען דאַרף נאָך צוגרײטן און קױפֿן אױף שבת.

— זאָג נאָר, לײבוש — האָט שײנדל זיך אָנגערופֿן — צי איז נישט דאָס אַלץ אַ ביסל צו פֿרי? אַלץ װױל און פֿײַן, אָבער דאָס קינד האָט דאָך ערשט פֿינף יאָר, שױן אָנהײבן אים מוטשען מיט חומש? צי װעט ער מיט דעם אַלעם פֿאַרשפּעטיקן בײַ צען יאָר? ער װעט זײַן עלטער, װעט ער דאָס בעסער פֿאַרשטײן.

— איך ווייס, איך ווייס — האָט לייבוש מיט אַ ביסל אַ העכערן טאָן זיך אָנגערופן — לויט דיר וואָלט ער אין חדר אויך נישט גע־דאַרפט גיין.

— וואָס־זשע מיינסטו, מיטן חדר איז אויך נאָך געווען צייט אַ דריי אָדער פיר יאָר.

— אַז דו ביסט אַן אפּיקורס, ווייס איך שוין פון לאַנג, אָבער זאָלן כאָטש מענטשן דערפון נישט ווייסן. דו וועסט דאָך נישט ברעכן אַ מנהג, וואָס איז ביי יידן איינגעפירט שוין פון ששת ימי בראשית?!

— און צוליב מנהגים זאָל איך דערלויבן, אַז מיין קינד זאָל זיך מאַטערן.

שיינדל האָט זיך אויסגעקענט אין די יידישע דינים און מנהגים, כאָטש זי האָט פון זיי נישט פיל געהאַלטן. אין דער היים, ביי איר טאַטן זענען געווען פינף זין, צו וועלכע ער האָט געהאַלטן די בעסטע מלמדים ביי זיך אין הויז, און שיינדל, אַלס עלטסטע טאָכטער, האָט אָפט מיט גרוים גייגער זיך צוגעהערט צו זייער לערנען און פיל דערפון געכאַפּט. זי האָט געקענט אַ סך פסוקים פון דעם חומש אויף אויסנ־ווייניק.

— אָבער שיינדל — האָט לייבוש שוין גאַנץ שטיל געזאָגט — עס איז דאָך אַ קליין שטעטל, מען מוז זיך היטן פאַר מענטשנס מיילע־מער ווי פאַר גאָט אַליין. מען וואָלט דאָך אונדז אויסגעמיטן אויף שטעג און וועג. איך האָב גאָרנישט דאַקעגן, וועסט שפּעטער קענען אים לער־נען וועלט־זאַכן אויך...

עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, ווען לייבוש איז איינגעשלאָפן. אין חלום האָט ער געזען זיין טרוים — אייניקלען אַ דערוואַקסענעם מענטשן, אַ למדן, אַ קענער פון תורה און וועלטלעכן וויסן, אַ מענטש, וואָס וועט זיך נישט שעמען ווי ער, וואָס ווייסט אַזוי ווייניק. צי איז עס זיין שולד, וואָס ער איז געבליבן אַן אָרעמער יתום און קיין לערנע נישט באַקומען? דערפאַר האָט ער געזען זיין אייניקלען לעבן זיך אין בית־המדרש, מען רופט אים אויף צו דער תורה. זיין ברכה קלינגט איבער דעם גאַנצן בנין, און אַלע זענען אים מקנא מיט אַזאַ זון. לייבוש קוקט — יאָ, דאָס איז מיין אייזיקל, אַ הויכער שוואַרצער בחור. און טרערן פון פרייד גיסן זיך פון זיינע אויגן...

— וואָס וויינסטו, לייבוש? — האָט אים שיינדל אויפגעוועקט פון זיין שלאָף און אים איבערגעריסן זיין זיסן חלום.

די וואָך איז שנעל פאַרביי, און עס איז געקומען דער דערוואַרטער שבת.

ס'איז געווען אַן אמתדיקער פרילינג־טאָג, די זון האָט אַזוי ליבלעך געוואַרעמט, טיף אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינקעלע פון דעם קליינעם שטעטל. דער הימל איז געווען בלוי, נישט פאַרפלעקט אַפילו פון דעם קלענסטן וואָלקנדל. עס האָט ממש געלאָקט דאָס אויג אויף אים צו קוקן און באַוווּנדערן.

דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פריי פון די פויערישע פורן פון אַ גאַנצער וואָך. עס האָט זיך אָפּגעטאָן דאָס געשריי פון די הענדלערקעס ביי זייערע קלייטלעך און שטעלעס. די געוועלבער זענען געווען געשלאָסן. די סוחרים, די שיינע ייִדן און אויך די קליינע תבואה־הענדלער, וועלכע פלעגן לויפן מיט די האַנט־וואָגשאָלן צווישן די פורן — אַלע זענען איצט געווען אין שול, ביים דאַווענען.

די צוועלף מאַרק־בודקעס זענען געשטאַנען ווי פאַריתומט. קיינער האָט זיך לעבן זיי איצט נישט געדרייט, נישט געפּאָרעט, אַרום איז געווען שטיל, ווי מען וואָלט זיי דאָס מויל פאַרמאַכט מיט די אייזערנע שטאַבעס און שלעסער. בלויז אַ וואָרעם מערב־ווינטל האָט לייכט באַוועגט די צעוואָרפענע בינטלעך היי און שטרוי, וועלכע זענען דאָ געבליבן פון די פויערישע פורן אַלס עדות פון דעם גערויש און טומל פון דעם וואָכנדיקן האַנדל, וואָס איז דאָ געפירט געוואָרן.

אויף די פריזבעס האָבן זיך באַוויזן אַלטע ווייבער מיט זיידענע יום־טובדיקע טיכלעך אויף די קעפּ. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די צוזאַמענגעלייגטע, הילצערנע בענקלעך, וואָס די קינדער האָבן אויף שנעל אַרויסגעטראָגן פון די שטובן, כדי זיך צו וואַרעמען אויף דער זון און גענים פון גאָטס וועלטל. אַפילו דער איינציקער וועג, דער שטיינערנער, וואָס איז געווען אין מיטן מאַרק, האָט היינט געהאַט אַן אַנדערן אויסזען. אָפּגערייניקט פון דער בלאָטע, האָט ער אויסגעזען עפּעס העלער, נישט אַזוי פאַרשוואַרצט ווי אַ גאַנצע וואָך. איבער אים האָבן שפּאַצירט יונגע מיידלעך אָנגענומען אונטער די אָרעמס צו פיר און צו זעקס. זיי זענען געווען אין זייערע נייסטע קליידלעך, וואָס די עלטערן האָבן פאַר זיי געקויפט. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָבן זיך אַלע דאָ באַגעגנט, און איינע די אַנדערע העפלעך באַגריסט מיט אַ הויכן „גוט־שבת!, גוט־שבת!“...

און איבער אַלעם איז אין מיטן מאַרק געשטאַנען מאַיעסטעטיש דאָס הויז פון דעם שוין דעמאָלט פאַרשטאָרבענעם גראַף לומניצקי, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעקוקט די גאָלדענע אותיות פון דעם שפּרוך, וואָס ער האָט געלאָזט אויפשרייבן: „היט מיך, גאָט, פאַר מיינע פריינד, ווייל פון די שונאים וועל איך מיך אַליין אויסהיטן"...

אין שול האָט מען דערווייל געענדיקט דאָס דאַווענען, יוחנן שמש האָט פאַרמאַכט זיין גראָבן סידור, דריי מאָל אין אים אַ קלאַפּ געגעבן, בלייבנדיק מיט דער אויפגעהויבענער האַנט אין דער הייך אַלס צייכן, אַז ער דאַרף עפּעס מודיע זיין.

דער עולם איז שטיל געוואָרן, אויסדרייענדיק זיך גלייכצייטיק צום באַלעמער.

— רבותי! — האָט מיט זיין שטאַרקער שטים אויסגערופן יוחנן שמש — לייבוש ישראלס בעט דעם עולם אויף קידוש...

ייִדן האָבן אָנגעהויבן צונויפצוזאַמלען זייערע טליתים, אַנדערע ווידער האָבן זיי נאָר אַראָפּגערוקט אויף די אַקסלען און גענומען אַרויסגיין פון דער שול.

פאָרויס איז געגאַנגען לייבוש מיט יוחנן שמש און דערנאָך צו צוויי און צו דריי — דער פעטער הערש, נחמיה שיפמילער, יאָסל מעגים, עליע מלמד, שמואל אַנשל שילער מיט זיין זון שלמה. שמעון פּייזשעס, חיים קינדלער און נאָך אַנדערע, וואָס האָבן מיט לייבושן געדאַוונט צו־זאַמען אין דער „קאַלטער שול".

— וווהין גייען עס אַזוי ייִדן? — האָט דער קרומער אשר פאַר־האַלטן יאָסל מעגים, וועלכער האָט עפּעס געשמועסט מיט נחמיהן.

— וואָס הייסט וווהין, צו לייבושן אויף קידוש — און גלייך צוגעגעבן — זיין אייזיקל הייבט דאָך היינט אָן חומש צו לערנען, און ביי אים וועט מאַקע זיין אַ פול מויל בראָנפן.

— איי, איי, איי! אַ שאָד, וואָס איך בין היינט נישט געגאַנגען דאַווענען אין דער קאַלטער שול אַריין — האָט זיך אשר געקראַצט דעם קאָפּ דורכן שטריימל.

— נו, און אַז דו האָסט נישט געדאַוונט אין דער קאַלטער שול, וועט דיר לייבוש אַרויסוואַרפן?!

— קום מיט, אשר — האָט זיך אַריינגעמישט נחמיה.

אשר האָט זיך מאַקע לאַנג נישט געלאָזט בעטן און אָנגעשלאָסן זיך צום עולם.

— מאַמע, מען גייט שוין פון דער שול — איז היהלע אַ פאַרסאַפּעטע אַריינגעלאָפן פון דרויסן. מען האָט שוין עפענען דעם אויוון און אָנהייבן אַרויסרוקן דעם טשאָלנט.

— יאָ, יאָ, קרוין מיינע — האָט זיך אָנגערופן חנה יענטע, געמענדיק גלייכצייטיק דאָס האַקמעסער מיט אַ שייטל האָלץ.

פאַרקאַטשעט די אַרבל פון דער בלוזקע, פון פאַנט אַרומגעוויקלט מיט אַ האַנטעך, כדי זיך נישט אויסצושמירן ביי דער אַרבעט, האָט חנה יענטע גענומען אויפהאַקן דאָס טשאָלנט־ברעטל און אַראָפּשאַרן דאָס ליים. ווי דער שטייגער האָט זי גענומען אַרויסרוקן די טעפּ און זיי אויסשטעלן פון ביידע זייטן לעבן דער קיך, כדי זי זאָל קאָנען מיט איר פּאַכמעגיש אויג אַ בליק געבן און גלייך אונטערשיידן, צו וועמען יעדעס טעפּל געהער.

אין שטוב האָבן זיך דערווייל אָנגעהויבן זאַמלען די ווייבער נאָך זייערע טעפּלעך, כאַפּנדיק דערווייל אַ שמועס, ווי מען זאָגט „ווער מיט וועמען און צו וועמען": וועלכע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, ווער האָט זיך געקריגט מיטן ווייב און וועלכע האָט פאַרגעסן צו גיין אין מקווה אַריין, אָדער גאָר זיך פאַרלאָזט עטלעכע האָר אונטערן שייטל...

עס איז אַ רעש, אַ טומל, איינע שרייט איבער דער אַנדערער: „מיין טעפּל", „דיין טעפּל", „דאָס איז מיין פּאָקרישקע!" — שרייט העסע עזריאלס „און דאָרט איז מיין לאָקשן־טאָפּ!" — רופט פייגע־לאה די געטשעכע. עס קאָכט ממש ווי אין אַ קעסל...

— שאַ, ווייבער, שאַ! — רופט אויס מיט אַ מאַיעסטעטישער שטים חנה־יענטע — געלויבט השם יתברך, שטעלט מען שוין ביי מיר טשאָלנט אַכט יאָר און איך האָב נאָך קיינעמס טעפּל נישט פאַרטוישט, דער אייבערשטער זאָל מיר נאָר געבן כוח און געזונט, קען איך יעדנס טעפּל און יעדנס פּאָקרישקע.

די ווייבער זענען אַ ביסל שטיל געוואָרן און חנה־יענטע האָט זיך גענומען ווייטער צו דער אַרבעט.

— נאַ, טויבע, דער קוגל איז דיינער, ער איז היינט גוט אויסגעבראָטן, איך האָב נישט געזשאַלעוועט נאָך עטלעכע שייטלעך האָלץ אויפצוואַרפן — האָט חנה־יענטע זיך געמאַכט טייער — אַזאַ טשאָלנט ווי ביי מיר וועט איר נישט טרעפן אין דער האַלבער וועלט, אַ קליינע־קייט אַזאַ אויוון מיט אַזעלכע שאַמאָט־שטיינער, דער קיסר אַליין וואָלט געמעגט עסן טשאָלנט פון אַזאַ אויוון.

— כ׳לעבן... כ׳לעבן... חנה־יענטע, טאַקע אמת — האָבן די ווייבער מיט חנופה צוגעשטימט.

ביי לייבושן האָט מען דערווייל זיך געגרייט אויפצונעמען דעם עולם, וואָס וועט קומען אויף קידוש. שיינדל האָט אויפגעשפּרייט אויף דעם טיש אַ ווייס, געשטיקט טישטעך, וואָס זי האָט נאָך געבראַכט פון איר היים. די מומע מלכה האָט אַרויסגעשטעלט די פלעשלעך מיט בראָנפן אויף דעם טיש, צעשניטן דעם מאָן־שטרודל צו פאַרבייסן, אויסגעווישט די גלעזלעך מיט אַ ווייס טישטעכל, אַלע שכנות האָבן זיך דאָ געדרייט, און יעדע האָט עפּעס געהאָלפן.

— די האָלובטשעס מעג מען נאָך דערווייל לאָזן אין אויוון, זיי זאָלן נישט אויסקילן. יאָ, שיינדעלע? — האָט געפרעגט העניטשע די שטוב־איינגייערין, פאַרזוכנדיק דערביי אַ פּאָר פון זיי. ווי געזאָגט, האָט טאַקע יעדער צוגעלייגט אַ האַנט צו דער שמחה, אָבער אויך נישט פאַרגעסן עפּעס צו כאַפּן אין מויל אַריין.

די טיר האָט זיך געעפנט און אין איר האָבן זיך באַוויזן די ערשטע געסט.

— גוט שבת, גוט שבת! — האָט מיט אַן אויסגעצויגענער שטימע באַגריסט יוחנן שמש.

יוחנן איז דאָ שוין נישט איינמאָל געווען שבת פאַרן עסן אויף אַ „שלינג בראָנפן", ווי ער פלעגט זאָגן, נאָר דער היינטיקער שבת און דער היינטיקער בראָנפן וועט האָבן אַן אַנדערן טעם, וואָס הייסט, ס׳איז דאָך פאָרט אַ שמחה.

די שטוב האָט זיך גלייך אָנגעפילט מיט מענטשן. די מער היימישע האָבן זיך גלייך אויסגעזעצט ביים טיש און גענומען אָנגיסן פון דעם פלעשל...

— נו, יידן, לחיים! — האָט דעם ערשטן כוס אויפגעהויבן דער פעטער הערש.

— לחיים, לחיים! — האָט זיך געהערט ווי אין אַ כאָר אַן ענטפער פון די, וואָס האָבן שוין אויך אָנגעהויבן אָנפילן זייערע קעלישעקלעך.

— אוה, אוה! ער איז גוט! — האָט געריבן די הענט שמעון פייטיס, ער צעגייט זיך אין אַלע אברים.

— ממש אַ רפואה — האָט צוגעגעבן יאָסל מעניס, אַריינגיסנדיק דערביי די צווייטע כוסה.

— נו. לייבוש, לחיים! — האָט זיך צו אים געווענדט עליע מלמד — דער אייבערשטער זאָל העלפן, ער זאָל זיין אַ בן־תורה.

— אמן, אמן! — האָט לייבוש מיט גרויס ערנסט געענטפערט. אַרויס־גענומען נאָך צוויי פלעשער פון דעם קרעדענס און אַרויפגעשטעלט זיי אויפן טיש.

דער עולם האָט גענומען נאָך צו קאַפּעטשקעלעך. זיך געוווּנטשן גע־זונט און פרנסה און ספּעציעלע ווונטשן פאַר דעם חומש־בחור און פאַ־וואָליע אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיין...

די אמתע שמחה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן נאָך דעם עסן...

דער רבי רב וואָלף איז מאַיעסטעטיש געזעסן מיט דעם ספר „ויקרא" אין דער האַנט, שמייכלענדיק פאַר גרויס תענוג פון דער געלונגענע־דרשה און בפרט פון דעם וויכוח, וועלכן עס האָבן געהאַלטן זיינע צוויי תלמידים, דער חומש־בחור אייזיקל און זיין חבר דוד ביילע־מלכהס...

די צוויי „בחורים" זענען געשטאַנען איצט שטאָלץ אויפן טיש, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעשפּרייט שיינדעלעס זיידן־טיכל. אייזיקל, אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז פיס אין נייע קליידער, באַהאַנגען מיט זייגערס, וויפל עס האָט נאָר געקאָנט אויף אים אַרויף. אין דער סאַמע מיטן האָט געבלישטשעט דאָס גילדענע זייגערל פון דער מאַמען, וואָס איז געהאָנגען מיט אַ גאָלדן קייטל אויף זיין האַלדז.

די שטוב איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן. עס זענען געקומען פרייַנד, באַקאַנטע, שכנים און סתם מענטשן, נייגעריקע בייצוווינען די גאַנצע צערעמאָניע און דערביי ווי געוויינלעך כאַפּן עפּעס אין מויל אַריין און דער עיקר, אַ שטיקל האָניק־לעקעך, וואָס איז שוין געווען ביי ייִדן אַ מנהג ביי אַזעלכע שמחות צו טיילן מיט אַ ברייטער האַנט.

אַ וואַרעם ווינטל האָט זיך אַריינגעריסן דורך דעם אָפענעם פענצטער און לייכט געגלעט די פאַרפלאַמטע פּנימלעך פון די צוויי פינף־יאָריקע חומש־בחורים, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דעם טיש, פילנדיק אויף זיך די נייגעריקע בליקן פון די פאַרזאַמלטע...

די שמחה האָט באַגינען דורך.

— וואָס לערנסטו, ייִנגעלע? — האָט ער זיך געווענדט צו זיין חבר. מיט זיין קינדערישער שטימע האָט ער אויף אַ קול אַרויסגעזאָגט די ווער־טער, ווי צו אייגעם, מיט וועלכן ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט.

— חומש — איז געווען דער שטאָלצער ענטפער.

— וואָס איז די טייטש חומש?

— פינף!

— וואָס פינף? —האָט דודל ווייטער געפּרעגט.

דאָ האָט שוין אייזיקל געגעבן אַן אויספּירלעכן ענטפער:

— פינף ספרים שטייען געשריבן אין אונדזער הייליקער תורה, וואָס איטלעכעס ייִנגל מוז זיי לערנען.

ער האָט אָנגעהויבן זיי אויסצורעכענען. אויפהייבנדיק זיינע קליינע צאַרטע הענטלעך, האָט ער אָנגעהויבן ציילן אויף די פינגער: — בראשית איז איינס, שמות איז צוויי, ויקרא איז דריי, במדבר איז פיר און דברים איז פינף.

— און וואָסער ספר לערנסטו?...

— ויקרא — האָט ווידער קורץ געענטפערט אייזיקל.

— וואָס איז די טייטש ויקרא?...

— ער האָט גערופן.

— ווער האָט גערופן. דער שמש אין שול אַריין? — דאָס איז געווען די אויסגעלערנטע חכמה, אויף וועלכער מען האָט געוואַרט. און אַלע אַנ־ וועזנדיקע האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן פון דער געלונגענער שפּיל. אָבער אונדזערע צוויי בחורים זענען געשטאַנען ערנסט און ווייטער געפירט זייער וויכוח.

— ניין! — האָט שטרענג געענטפערט אייזיקל — גאָט האָט גע־ רופן צו משהן, און ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט... דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער רבי רב וואָלף, אויפגעעפנט זיין גראָבן חומש און אָנגעהויבן מיט אייזיקלען די סדרה פון דער וואָך, וועלכע ער האָט געהאַט צוגעגרייט צו דעם הייַנטיקן יום־טוב.

אַלע האָבן אָנגעהויבן צו ווינטשן די עלטערן מזל־טוב. אין שטוב איז געוואָרן אַן אמתדיקע שמחה. די פרייד האָט געשייַנט פון יעדנס געזיכט...

— מזל טוב! מזל טוב! — האָט אויך געווונטשן דער רבי רב וואָלף — איר זאָלט דערלעבן מיט פרייד אים צו פירן צו דער חופה!

— אמן! — האָט געענטפערט דער טאַטע. — אמן! — האָט מיט אַ שמייכל אויך צוגעגעבן די מאַמע, וואָס האָט הייַנט געשייַנט מיט אַלע אירע חנען. אירע אויגן האָבן געלויכטן ממש ווי צוויי ליכטיקע שטערן און אויף די ליפּן האָט געשפּילט אַ ליבער שמייכל. זי האָט אייזיקלען איצט גענומען אויף די הענט און אים שטאַרק צוגעדריקט צו איר ברוסט. אַ זילבערנע טרער האָט אַ פינקל געגעבן אין אירע אויגן. און שייַנדעלע

איז אויף אַ ווײַלע טרויעריק געוואָרן. ווײַזט אויס, זי האָט געפֿילט, אַז דעם געוווּנטשענעם טאָג וועט זי ניט דערלעבן. דער מאַמעס האַרץ האָט געזאָגט, אַז עפּעס שרעקלעכעס דערוואַרט איר קינד. זי האָט אים געזען אין אַ וועלט פֿון בייזע און ווילדע מענטשן, אויף אַ וועג פֿול מיט דערנער, אין אַ וועלט פֿון שׂנאה און אכזריות.

— גיי, מײַן קינד, שפּיל זיך מיט די חברים אין דרויסן. — געגעבן אים אַ קוש אין קעפּל, האָט זי אים אַראָפּגעלאָזט פֿון אירע הענט.

אירע ליכטיקע אויגן האָבן אים באַגלייט ביז אויף דער גאַס, און לאַנג האָט זי זיי פֿון אים ניט אַראָפּגענומען געקאָנט. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וויל אים פֿאַרהיטן פֿון דעם שרעקלעכן וועג, אויף וועלכן דער גורל וויל אים פֿירן.

## קאַפּיטל 3

# יוסף־הערש דער דאָרפס־גייער

אין דרויסן איז געווען נאָך גוט פינצטער. אַ פּראָסטיקער ווינט האָט געקלאַפּט אין די קליינע פאַרפרוירענע שייבלעך פון יוסף־הערש דעם דאָרפס־גייערס שטיבל. דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געשמאַק געשלאָפן, איינגעטוליעט אין די איינושיטן, וואָס זענען געווען אָנגעפּילט מיט שלעכט געפּליקטע פעדערן — אָן ציכן, פון אויבן פאַרוואָרפן מיט אַלטע גרויע קאָצן אָדער טיילן פון געוואַנט.

די מענטשן האָבן שווער געאָטעמט, אַרייַנגעצויגן אין זיך די געדיכטע און שווערע לופט פון דעם קליינעם שטיבל.

יוסף־הערש איז שוין נישט געשלאָפן. זיין אַרבעטס־טאָג האָט שוין באַגינען. אויף דעם טישל, וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט, איז שוין געווען אָנגעצונדן דאָס קליינע נאַפט־לעמפּל מיט דעם האַלב צעבראָכענעם און פאַרקאָפּטשעטן גלעזל. און אַ שטינקענדיקער רויך האָט זיך געצויגן פון דעם שלעכט־פאַרשפּיצטן קנויט, וואָס האָט ממש געבויערט אין דער נאָז.

אויף די נאַסע ווענט האָט זיך אָפּגעשלאָגן דער שאָטן פון אַן איינגעהויקערט געשטאַלט, וואָס איז געווען איינגעבויגן איבער אַ גרויסן גרויען זאַק און אויסגעלייגט זיין אָרעמע סחורה, מיט וועלכער ער האָט זיך געגרייט צו גיין איבער די דערפער.

צוערשט האָט ער אַרייַנגעלייגט עטלעכע טאַרבעלעך זאַלץ, וועלכע ער האָט גענומען אויף באָרג ביי אשר מייזעלעס אין געשעפט, אַ פּאָר דעקאָ פּעפּער, אַ פּעקל הייוון, וואָס איז געווען צעשניטן אויף אַכט טיילן, עטלעכע צענדליק נאָדלען. דערנאָך האָט יוסף־הערש דעם זאַק איבערגעבונדן אין דער העלפט, און אָנגעהויבן אַרייַנלייגן דעם צווייטן טייל סחורה, וועלכע האָט נישט געקאָנט ליגן ביינאַנד מיט דעם עסנוואַרג. צווישן אַנדערע זענען געווען — עטלעכע שטיקלעך ביליקער זייף, צוויי פלעשלעך

גאַנץ צו פּערטל ליטער, עטלעכע ליכט און נאָך עטלעכע אַרטיקלען פֿון דעם מין סחורה.

אין דער קעשענע פֿון דעם אַלטן, אויסגעריבענעם אויבעררעק האָט יוסף־הערש אַריינגעלייגט אַ רעפּטל ראָזעווע ברויט, מיט אַ ביסל זאַלץ, איינגעוויקלט אין עפּעס אַ טונקעלער פֿאַטשיילע, כּדי ס'זאָל זיין מיט וואָס צו דערכאַפּן דאָס האַרץ אונטערוועגנס. אַזאַ פּעקעלע האָט שוין זיין ווייב מינטשע פֿאַר אים צוגעגרייט אַ יעדן טאָג נאָך איידער זי פֿלעגט גיין שלאָפֿן.

דעם אויבעררעק פֿאַרקנעפּלט אויף זיינע פֿינף קנעפּלעך, וועלכע זענען געווען יעדעס פֿון אַן אַנדערן סאָרט — האָט ער איצט זיך ווי מיט אַ גאַרטל אַרומגעבונדן אין דער העלפֿט מיט אַ גראָבן שטריק, וועלכער איז געווען אויסגעדרייט פֿון קליאַטשעס. ער האָט געזאָלט צוגעבן וואַרעמקייט.

— דאַכט זיך, אַז אַלץ איז שוין פֿאַרטיק — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

איצט האָט יוסף־הערש פֿאַרוואָרפֿן דעם זאַק אויף דעם לינקן אַקסל אַזוי, אַז איין העלפֿט איז געלעגן אויף די פּלייצעס און די צווייטע העלפֿט — פֿאָרנט אויף זיין ברוסט. דאָס שליאַפּל אַראָפּגערוקט איבער די אויערן, איז ער צוגעגאַנגען און געקושט די מזוזה; אַריבערגייענדיק די שוועל מיט דעם רעכטן פֿוס — האָט זיך יוסף־הערש געלאָזט אין וועג אַריין...

די נאַכט האָט אַרויסגעיאָגט פֿון דער היים, און די נאַכט האָט צוריק אַהיים געבראַנגט.

פֿאַר זיין פֿאַרקויפֿטער סחורה, בעסער געזאָגט, אויסגעביטענער סחורה, האָט יוסף־הערש אַהיים געבראַנגט אַ ביסל מעל, אַ טאָרבעלע גרויפּן, עטלעכע קילאָ קאַרטאָפֿל, נאָר מייסטנטייל — קליאַטשעס, וועלכע ער פֿלעגט טראָגן פֿאַרקויפֿן אין הורט און פֿאַר דעם געלט באַצאָלן דעם חוב פֿאַר דער אויסגעבאָרגטער סחורה.

אַזוי האָט יוסף־הערש זיך אָפּגעמוטשעט עטלעכע שיינע יאָרן. געהאַט דריי יינגלעך און צוויי מיידלעך. דער יינגסטער, גרשון־זעליק איז טאַקע צוזאַמען מיט אייזיקלען געגאַנגען אין חדר צו רב וואָלפֿן.

באמת געזאָגט, איז רב וואָלף נישט אַזוי שטאַרק צופֿרידן געווען פֿון דעם תּלמיד, ווי געווייגלעך אַן אָרעם קינד, אַ זון פֿון אַ דאָרפֿס־גייער. און דערפֿאַר האָט מען טאַקע געמוזט צומאַכן אַן אויג, אַז יוסף־הערש האָט נישט אַזוי פֿיל געצאָלט ווי אַנדערע. נאָר וואָס האָט ער געזאָלט טאָן, נישט אָננעמען? איצט, ביי אַזאַ קאָנקורענץ, ווען עס

זענען צוגעקומען נאָך צוויי מלמדים אין שטעטל — רב יונהלע און רב זישע... צווישנס, וועט ער זיך מאַכן אַ שם־רע אין שטעטל, אַז ער וויל נישט אָננעמען צו לערנען אַן אָרעם קינד. איי, ס'איז טאַקע אַריינגעפאַלן פאַר אים עטלעכע זלאָטעס פון תלמוד־תורה, אָבער ס'איז פאָרט נישט דאָס, וואָס מען נעמט ביי אַ בעל־הבית. טאַקע דערפאַר האָט זיך דאָס קינד געפילט אַ ביסל דערשלאָגן, טרויעריק, עפּעס נישט אַזוי גלייך מיט די אַנדערע קינדער. ביים לערנען פלעגט ער זיצן אין עק, אַריינגעקוקט אין חומשל פון דער זייט; זיינע גרייזן פלעגט רב וואָלף נישט תמיד דערהערן. ווי געזאָגט, פאַר דעם געלט איז דאָס אויך גענוג... הייַנט האָט שוין הער חבֿי רב וואָלף טאַקע אויסגעלאָזט זיין גאַנץ בייז האַרץ צו אים. צוריקגעשמועסט, איז רב וואָלף געווען בייז אויף יודעלע שניידער, נאָר ער האָט דאָך אים נישט געקאָנט געבן דעם פּסק ווען רחטשע איז געווען!... אַ קלייניקייט, דאָס ווייב פון רב יוחנן לאַבאַן — אַזאַ גבֿירה, דער שענסטער בעל־הבית אין שטאָט.

— אַזאַ עזות־פּנים! — האָט רב וואָלף צו זיך אַליין געזאָגט — אַ שניידער און זאָל זיך דערלויבן אַזוי צו רעדן צו רחטשע לאַבאַן? איז צו וועמען לאָזט מען אוים דעם צאָרן? — צו גרשון־זעליקלען...

יודעלע שניידער איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, נאָר ער איז ביי זיך קיינמאָל נישט אַראָפּגעפאַלן. זיינע וויצן פלעגן אַרומגיין אין גאַנצן שטעטל.

און גראד הייַנט, ווען רחטשע לאַבאַן האָט זיך אַליין מטריח געווען און געברענגט איר אייניקל דאָס יאיכל אין חדר אַריין, טראָגט דער רוח אָן יודעלע שניידער מיט אַ טעפּל ראָזעווע טייגלעך מיט קאַרטאָפליעס פאַר זיין דודלס וועגן... דודל האָט נעבעך געמישט מיטן לעפל די טייגלעך מיט קאַרטאָפל און שיף געקוקט אויף זיין שכן אייזשעלען, וועלכן די באָבע די גבֿירנטע האָט געהאָדעוועט מיט דעם פיינעם הינערנעם יאיכל, פון וועלכן עס האָט זיך געצויגן אַזאַ זיסער און געשמאַקער ריח, אַז ס'איז ממש גערונען די סלינע פון דעם מויל. דודל האָט געפילט, אַז ער וואָלט דאָס יאַיכל איינגעפאַך אויפגעגעסן מיט די אויגן, אָבער אייזשעלען האָט עס איבערהויפּט נישט געשמעקט. נאָר וואָס קאָן מען טאָן? מען איז דאָך פאָרט הונגעריק. און דודל האָט זיך ווידער איבערגעבעטן מיט זיין טעפּל, גענומען נאָך צוויי לעפל אין מויל אַריין, אָבער עס איז בשום אופן נישט געגאַנגען אין האַלדז אַריין. עס איז שוין אַזוי ווייט געקומען, אַז דער לעפל איז שוין אַליין געשטאַנען אין דער זופּ.

נאָר, אַז דער אויבערשטער וויל „שיסט אַ בעזעם“ — און דודלען איז היינט טאַקע געלונגען... אין דער זעלבער צייט האָט זיך אייזשעלע פאַראינטערעסירט מיט זיינע טייגלעך מיט קאַרטאָפליעס.

— באָבע — האָט זיך געהערט זיין דין קעלעכל — איך וויל דאָס, וואָס דודל עסט.

— מ'דאַרף נישט — האָט רחטשע קורץ געענטפערט.

נאָר דאָס קינד האָט פאָרט נישט געגעבן קיין רו. ייִדעלע שניידער האָט שנעל אונטערגעכאַפּט דעם מיין פון דעם רייכן אייניקל און זייער העפלעך פאַרגעשלאָגן דעם טויש מיט דעם עסן.

רחטשען האָט שוין נישט געפּאַסט פון דעם זיך אַרויסצודרייען און מיט שטאָלץ דערלאַנגט דודלען דאָס יאַיכל, וועמענס העניטלעך האָבן מיט גרויס פרייד געכאַפּט דאָס טעפּל און נישט וואַרטנדיק, אָן צערעמאָניעס אָנגעהויבן געשמאַק צו שלינגען די לאָקשן מיט יויך. צום גרויסן וווּנדער האָבן די ראַזעווע טייגלעך מיט קאַרטאָפליעס אויך געשמעקט דעם רייכן אייניקל... און אַלע זענען געווען צופרידן.

— נו, וואָס זאָגסטו, יידל? — האָט רחטשע פאַרצויגן אירע שמאָלע ליפּן — עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אָרעמע לייט קאָנען אויך עפּעס גוטס אָפּקאָכן.

יידל האָט שטאָט אַן ענטפער בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אוי, יידל, איך זאָג דיר — האָט רחטשע ווייטער געצויגן — עפּעס די לעצטע צייט האָב איך איבערהויפּט נישט קיין אַפּעטיט צום עסן. מע קאָכט אָפּ אַ שטיקל הון, אַ ביסל יויך, נעם איך ממש קיין לעפל אין מויל אַריין.

ביי יידלען האָט מען נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן אויף קיין ענטפער.

— אוי, פרוי לאַבאַן — האָט יידל מיט אַ געמאַכטן ערנסט אָנגעהויבן — וואָס וואָלט איר געוואָלט, אי דאָס יאַיכל, אי דעם אַפּעטיט?! — גענוג, אַז אייך גיט גאָט דאָס יאַיכל און מיר דעם אַפּעטיט.

— אוי, יידל, יידל, דו רעדסט שוין ווי אַ קאָמוניסט. ביסט שוין אפשר מיט זיי אַ שמעלקע? און אפשר גלייבסטו שוין נישט, חלילה, אויך אין גאָט?...

— און וואָס מיינט איר, פרוי לאַבאַן, אַז די רויטע זענען נישט גערעכט? — און וואָס וואָלט עס, למשל, דעם רבונו־של־עולם געשאַט, ווען ייִדעלע שניידער וואָלט אויך געהאַט אַ פאָר גאַנצע שיך, מיט

וואַרעמע קאַלאָשן אויפֿן ווינטער. צי אויך טאַקע וויסן דעם טעם פֿון אַ געזונדענער פּולקע?...

— אוי, אוי, — האָט זיך רחמשע אַזש פֿאַרשליקערצט — ווי איך זע, ביסטו שוין טאַקע געכאַפּט אין דער מעשׂה... זאָלסט וויסן, יידל — האָט רחמשע איצט אָנגעהויבן מיט אַ באַלערישן טאָן — זייט ששת ימי בראשית איז געווען אָרעם און רייך, שיינע באַלעבאַטים און בעלי־מלאכות, און איר — האָט זי געגעבן אַ וווּנק מיטן פֿינגער — וועט דאָס שוין נישט איבערמאַכן ביז משיח וועט קומען...

די קינדער האָבן דערווייל געענדיקט דאָס עסן, זיך איבערגעוווּנקען מיט די פֿרייַלעכע אייגעלעך און אָנגעהויבן אויף זייער שטייגער צו שטיפֿן.

יידעלע האָט צוריקגענומען זיין פֿאַרקאָפּטשעטע טעפּל און פּאַוואָליע זיך געקליבן אין וועג אַריין.

אויף דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט אים כּסדר געפּאָלגט דער געדאַנק, מיט וועלכן ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן. ווידער און ווידער האָבן אים געקלונגען די ווערטער אין די אויערן, וואָס רחמשע האָט אים הייגט אַריינגעזאָגט: „שיינע באַלעבאַטים און בעלי־מלאכות, און ביז משיח וועט קומען“ — דאָס הייסט אַזוי זיך מוטשען דאָס גאַנצע לעבן. נאָר נישט געזאָרגט, יידל — האָט ער זיך אַליין געטרייסט — די רויטע פֿאַרשטייען די זאַך אַ ביסל אַנדערש...

נאָר יוסף־הערש דער דאָרפֿס־גייער, ער האָט פֿאַר זיך קיין טרייסט נישט געפֿונען... דער היינטיקער טאָג איז געווען פֿאַר אים נאָך שווערער ווי תּמיד. שוין ביים אַרויסגיין פֿון זיין שטוב איז אים לאַהטשעלע די וואַסערטרעגערין איבערגעגאַנגען דעם וועג מיט צוויי ליידיקע קאַנען. זי איז אַפֿילו צוריקגעלאָפֿן פֿון דעם וועג, דערזעענדיק אַ ייד מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַריין, אָבער ביי יוסף־הערשן איז דאָס האַרץ נעבעך געווען שווער. ס'איז זיך טאַקע נישט צו וווּנדערן, אַ קלייניקייט — צוויי ליידיקע קאַנען און דערצו נאָך אַ יידענע.

וכן היה... ביי יוסף־הערשן האָט זיך דאָס האַרץ טאַקע נישט טועה געווען. שוין אין דעם ערשטן דאָרף ליפּטש האָט ער גאָרנישט געלייזט. אומזיסט געקלאַפּט אין די צענדליקער טירן פֿון די פּויערישע כאַטקעס און אומעטום אָוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט.

נאָר עס מאַכט זיך אַ טאָג, וואָס מען לייזט נישט — האָט ער געפּרוווט אַליין זיך אויסרעדן דאָס האַרץ. נישקשה, וועט מען לייזן מאָרגן

צי איבערמאָרגן, מסתמא האָבן זיי נאָך זאַלץ צו גאַפּט פון יענער וואָך, וואָס איך האָב זיי געבראַכט... אָבער ווי אַ דונער פון דעם הימל אין מיטן העלן טאָג האָט געבעך יוסף־הערשן געטראָפן די ידיעה, אַז אין דעם דאָרף הילטיש האָבן די פּויערים געעפנט אַן אייגן געוועלב. און טאַקע דער ערשטער ברוך־הבא, מיט וועלכן די הילטישער פּויערים האָבן אים באַגעגנט איז געווען: „יאָשקע, איצט וועסטו שוין נישט דאַרפן מער קומען, מיר האָבן שוין אַן אייגן געוועלב — אַ קריסטלעכס, דאָרטן וועט מען אונדז נישט באַשווינדלען“...

יוסף־הערש האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט, נאָר טרויעריק האָבן געקוקט זיינע בלויע אויגן, ווי אין אַן ענדלאָזער, פינצטערער טיפעניש אַריין.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ און אָנגעווייטיקט געמיט האָט זיך דער אָרעמער דאָרפס־גייער געלאָזט גיין ווייטער זוכן זיין פּרנסה...

דער ציל איז איצט געווען זשניאַטין — אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן אַן ערך פינף קילאָמעטער פון הילטיש.

דער וועג איז געווען אַ דאָפּלט שווערער. אַ פּראָסטיקער ווינט האָט געבלאָזן, אַריינרייסנדיק זיך דורך דעם אויסגעריבענעם אויבערראָק ממש אין די ביינער אַריין. די פיס האָבן עפּעס אַזוי שווער געטראָגן דעם מידן קערפּער. די שטיוול אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס, האָבן מאָדנע געריטשעט אויף דעם גליטשיקן וועג, ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט אָפּגלאַנצן. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, האָט יוסף־הערש, שפּאַן ביי שפּאַן, זיך גערוקט ווייטער און ווייטער צו דעם אָרט, וווּ ער האָט געהאָפט צו פאַרדינען אויף דעם טרוקענעם שטיקל ברויט פאַר זיך און זיין ווייב און קינדער. ער האָט שוין איצט נישט געפילט קיין מידקייט, נאָר אין זיינע אויערן האָבן נאָך אַלץ געקלונגען די ווערטער פון די הילטישער פּויערים: „יאָשקע, איצט וועסטו נישט דאַרפן מער קומען, מיר האָבן שוין אַן אייגן געוועלב — אַ קריסטלעכס, דאָרט וועט מען אונדז נישט באַשווינדלען“.... אַ טיפער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט.

— רבונו־של־עולם! — האָט זיין הייזעריקע שטים אַרויסגעקרעכצט, אויפהייבנדיק ביידע אויגן צום פאַרוואָלקנטן הימל — פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט מיט אַזאַ ביטערער פּרנסה?... וועמען האָב איך באַשווינדלט?... ביי וועמען האָב איך גענומען אַן איבעריקן גראָשן?.... דו, טאַטעניו, ווייסט דאָך דעם אמת... וואָס בין איך דען, מ'שטייגס געזאָגט? — אַן אָרעמער טרעגער פאַר די פּויערים פון סחורה פון די

גרויסע געשעפטן. בלויז מו איך מיין שטיקל ברויט פאַרדינען. תמיד פאַריאָגט און פאַרפּלאָגט, קיינמאָל קיין מנוחה. טאָג און נאַכט אונטער־וועגנס. דעמלט ווען עס דונערט און בליצט, שטורעמט און רעגנט, דעמלט ווען עס ברענט די תמוזדיקע זון אָדער ווען עס בלאָזט אַ פראָסטיקער ווינט אין די אויגן, אויך דעמלט ווען עס שיט אַ נאַסער שניי — בין איך איינער אַליין אונטערוועגנס, מיט מיין שווערן זאַק אויף די אַלטע פּלייצעס... ווען־זשע מו איך באַשווינדלען?... הארבע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער זיין פּנים, זיך פאַרהאַלטן אויף דער ברייטער, שוין גרוילעכער באָרד און זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין גרידקעלעך אייז....

עס איז שוין געוואָרן טונקל. פונדערווייטנס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שיינען פון ליכט דורך די קליינע פענצטערלעך פון די פויערישע הייזלעך, וועלכע זענען געשטאַנען ביים הילצערנעם בריקל, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דאָרף... דאָ האָט יוסף־הערש פאַרקויפט זיין ערשטע סחורה...

— יאָשקע, האָסט געבראַכט צוקערלעך פאַר מיין האַווריליקען? — האָט געפרעגט די אַלטע מאַטשאַלעכע, גלעטנדיק די ווי פלאַקס ליכטיקע הערעלעך פון איר אייניקלס קעפּעלע.

— אה, יאָ, יאָ, — האָט יוסף־הערש ליבלעך געענטפערט און אָנגעהויבן אַרויספּאַקן די צוקערלעך, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעקלעפּט אין איין מאַסע צום פּאַפּיר.

— גיב מיר נאָך עטלעכע נאָדלען און אַ פלעשעלע נאַפט. און דאָ האָסטו דריי אייער דערפאַר און אַ טאָרבעלע געדרשטענע גרויפּן.

יוסף־הערש האָט אָפּגעמאַכט דעם האַנדל און זיך געלאָזט ווייטער צו די אַנדערע פויערים...

— מען מוז זיך אַ ביסל צואיילן — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — איך האָב נאָך אַ ווייטן וועג אויך אַהיים, און דאָרטן וואַרטן דאָס ווייב מיט די קינדער אויף דער וועטשערע, אויף וועלכער איך האָב נאָך היינט פאַרדינען...



גרשון־זעליקל איז היינט אַהיים געקומען אַ טרויעריקער פון דעם חדר. געגנוג קאָנטשיקעס האָט אים היינט רב וואָלף אַריינגעלייגט, פאַר

ייִדעלע שניידערס שמועס מיט רחמשע לאַבאַן. אָבער אין דער היים האָט ער זיך גאָרנישט באַקלאָגט.

די מאַמע איז געווען פֿאַרזאָרגט און זיצנדיק ביים לאַטען די וועש האָט זי יעדעס מאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר און אויף אים אַפֿילו זיך נישט אומגעקוקט. דער מינדסטער שאָרך פֿון דרויסן האָט זי געמאַכט גלייך אויפֿציטערן און דאָפּלט וואַך. — עס איז שוין שפּעט און דער טאַטע איז נאָך נישטאָ. אין דרויסן איז אַזאַ געוויטער — האָט זי טרויעריק צוגעגעבן — אפֿשר האָט מיט אים חלילה עפּעס פּאַסירט?...

די קינדער האָבן איר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין און מיט א פֿאַרשפּאַרטן אָטעם געהאָרכט יעדעס וואָרט פֿון דער מאַמעס מויל.

מינטשע האָט ווייטער גענייט און מיט דעם רעכטן פֿוס האָט זי געוויגט דאָס הילצערנע וויגל, אין וועלכן ס'איז געלעגן איר מוזיניקל און ווי אויף צו להכעיס, נישט געוואָלט איינשלאָפֿן. זי האָט געוויגט דאָס קינד מיט דעם ייִדיש־בענקענדיקן וויג־ליד „פֿון ראָזשינקעס און מאַנדלען" — וואָס איז געבעד ביי יוסף־הערשן און ביי קיינעם פֿון זיינע קינדער נישט מקוים געוואָרן...

דאָס קינד איז שוין איינגעשלאָפֿן, דאָס קליינע נאַפֿט־לעמפּל האָט געקאָפּטשעט, אַלע זענען שטיל געזעסן, אַפֿילו דער הונגער האָט איצט קיינעם נישט געאַרט. די געדאַנקען פֿון אַלע זענען איצט געווען פֿאַרנומען מיט דעם טאַטן... פֿאַרוואָס איז ער נאָך נישט אַהיים געקומען?... עס איז דאָך שוין אַזוי שפּעט?...

שעהן האָבן זיך געצויגן לאַנגע, און די שטילקייט האָט זיי נאָך מער פֿאַרלענגערט. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס ריטמישע קלאַפּן פֿון די צוויי שווערע ביעגונעס פֿון דעם וויגל — אויף וועלכע מינטשע האָט נאָך געהאַלטן איר פֿוס און אויטאָמאַטיש געוויגט — טאַך! טאַך! טאַך! טאַך!...

יוסף־הערש האָט זיך דערנעענטערט צו באַהגיוקס געביידעס, וועלכע זענען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ברוין־געמאָלענעם, הילצערנעם פּאַרקן... אפֿשר וועט זיך דאָ עפּעס פֿאַרדינען? — האָט ער זיך געטראַכט. וואַסיל באַהגיוק איז אַ רייכער פּויער און ביי אים אין שטוב פֿעלט תמיד עפּעס אויס, און זיין ווייב האָט דאָך מיר אויך געזאָגט, איך זאָל איר ברענגען הייוון.

יוסף־הערש האָט אַריבערשטעקט זיין לינקע האַנט איבער דעם טירל פון דעם פאַרקן, אויפגעהויבן דעם קייטל און זיך געלאָזט גיין צו דעם הויז, פון וועלכן עס האָט געוואָרפן אַזאַ ליכטיקע שיין פון אַלע פענצטער.

זיי עסן איצט באַשטימט וועטשערע. דערפאַר וואָלט אפשר בעסער געווען אַ ביסל צוצוואַרטן און נישט שטערן... באהגיוק איז אַ בייזער, און דערצו האָט ער נישט שטאַרק ליב קיין יידן... יוסף־הערש האָט אָנגעהויבן פאַרקלענערן די טריט.

נאָר פּלוצעם האָט אַ שווערער קלאַפּ פון צוויי הינטישע לאַפּעס אים אַנידערגעשליידערט אויף דער ערד. פון שרעק האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, וואָס האָט דעם הונט נאָך מער געריצט און צעיושעט. ווען יוסף־הערש האָט זיך געפּרוווט ווערן און אויפשטיין פון דער ערד, האָט ער אים אָנגעכאַפּט ביי דער לידקע פון זיין רעכטן פוס און טיף איינגע־ביסן זיך מיט זיינע פאָדערשטע שפּיציקע ציין.

יוסף־הערש איז געבליבן ליגן ווי אַ צוגעפּרעסטער צו דער קאַלטער ערד אונטער דער שווערער חיה. אויף זיין געשריי איז אַרויסגעקומען דער באַלעבאָס אַליין.

— ווער איז דאָרט? — האָט זיך באַהניוק בייז אָנגערופן — צו מיר! קודלאַטי!

אויף דעם באַפעל פון זיין האַר האָט דער הונט אָפּגעלאָזט זיין קרבן, מיט עטלעכע שפּרונגען שוין געווען לעבן אים און אָנגעהויבן לעקן זיינע שטיוול, מאַכנדיק דערביי פרייליך מיט זיין דיקן וויידל.

יוסף־הערש האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט די ווערטער: — אייער ווייב האָט מיך געהייסן קומען מיט היוון...

— מיר דאַרפן נישט מער אייערע יידישע היוון, מיר האָבן שוין אַן אייגן געוועלב אין הילטש, און מער זאָלסטו זיך מיר דאָ נישט באַווייזן..

— אָבער אייער ווייב אַליין האָט דאָך מיר געהייסן קומען — האָט זיך יוסף־הערש געבעטן.

— איך האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט, גיי פון דאַנען, פאַר־שיווער ייד! — ווייזנדיק מיט דער האַנט דאָס טירל — און דו, „קודלאַטי“, האָט ער זיך אָנגעבויגן צום הונט, גיי אין דיין בויד, גלעטנדיק אים אי־בער זיין גרויסן קאָפּ.

יוסף־הערש האָט אויפֿגעהויבן זיין זאַק פֿון דער ערד, פֿון וועלכן עס האָבן געקלאַפּט די צעקלאַפּטע אייער, וואָס ער האָט געלייזט ביי דער מאַטשאַלאַכע, און איז פֿאַרוואָרפֿן אויף זיינע פּלייצעס. הינקענדיק האָט ער זיך געלאָזט צוריק אין דער ריכטונג פֿון דעם טירל ביים פּאַרקן. טראָפּנס בלוט פֿון דעם צעביסענעם פֿיס האָבן געצייכנט די טריט איבערן הויף פֿון דעם רייכן פּויער, וואָס האָט אַרויסגעטריבן אין דער קאַלטער ווינטער־נאַכט דעם אָרעמען און הונגעריקן יידישן האָרפּס־גייער...

— גאָט! גאָט! — האָט יוסף־הערש שווער אָפּגעזיפֿצט, שוין זייענדיק אין דרויסן — דו האָסט געשוווירן צו אונדזערע אבות, אַז מיר וועלן זיין ככוכבי השמים, וכחול הים. זאָלסט מיך נישט שטראָפֿן, הייליקער טאַטע, פֿאַר מיינע רייד. דאָס ערשטע האָסטו נישט געהאַלטן. קיינער ציצקעט זיך נישט מיט אונדז, יידן, אַפֿילו אַ פּויער, ביי וועלכן איך וויל זיין אַ משרת, רייצט אַ זיין הונט אויף אונדז. דערפֿאַר אָבער האָסטו אונדז געגלייכט צו דעם צווייטן — כחול הים — ווער עס וויל, טרעט אויף אונדז טאַקע ווי אויף זאַמד ביים ברעג פֿון דעם ים...

אָנגעשפּאַרט אויף זיין סעקעוואַטן שטעקן, דעם זאַק אויף די פּלייצעס, אַ דערשלאָגענער, האָט יוסף־הערש דער האָרפּס־גייער זיך געלאָזט אין דער קאַלטער, פֿראָסטיקער און פֿאַרוואָלטער ווינטער־נאַכט אויף דעם וועג צוריק אַהיים...

## קאַפּיטל 4

# די חברה קדישא

די חברה קדישא פון דעם שטעטל האָט שוין לאַנג אַזאַ מלוה מלכה נישט געהאַט... — מען וועט טאַקע קייען אויף ביידע באַקן — האָט געזאָגט יידל פסחס צו לייזער ביק אויף דעם וועג צו דער סעודה — אַ קלייניקייט אַזאַ פעט מת די וואָד באַגראָבן, נישט אַ יעדן דינסטיק און דאָנערשטיק טרעפט זיך, אַז אַ מאַמע פון אַ גוטבאַזיצער שטאַרבט און דערצו פון אַ יידישן.

— לייזער, דו האָסט געזען, ווי ער האָט געקוקט אויף די תכריכים?

— הע, הע, — האָט יידל אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט ווייזנדיק אויף דעם הימל — דאָרט זענען מיר אַלע גלייך אָנגעטאָן, דער רייכער גוטבאַזיצער, וואָס פאָרט מיט דער שיינער בריטשקע און צוגאַווע פערד און עסט קוילעטש אינדערוואָכן — און עד, יידל פסחס, מיט די צוויי צעריסענע שטיוול. דאָרט איז מען אויס שמעלקע, אויס!...

— דער הלל הנשיא, דער הלל הנשיא, ער זאָל זיך נאָר תמיד מיען פאַר אונדז אָרעמע לייט. האָבן דען די אומות העולם אַזוינס זוכה געווען צו האָבן? אַזאַ צדיק, אַזאַ גאון, אַ קלייניקייט, עפּעס אַזוינס אויסצוקלערן! — האָט יידל געוויזן מיט זיין האַנט אויף דעם קאָפּ — אָרעם צי רייך מוז באַגראָבן ווערן אין לייוונטענע תכריכים, הע, הע, דאָס איז שוין איינמאָל גערעכטיקייט, האַ? לייזער, וואָס זאָגסטו, ניין?....

— אוודאי איז אַזוי גערעכט — האָט צוגעשטימט לייזער. — וואָס דען אויף דער וועלט וועט ער גיין אויסגעפוצט און אויף יענער וועלט וועט ער מיר אויך קומען — גוט שבת, איך בין דאָ — אַן אויסגעפוצטער... אויף דעם האָט שוין געזאָרגט... ווי האָסטו געזאָגט האָט ער געהייסן...

— הלל הנשיא — האָט שנעל אונטערגעכאַפּט יידל.

— יאָ, הלל הנשיא — האָט איבערגעחזרט לייזער.

— און וואָס זאָגסטו, לייזער, צו דעם, ווי ער האָט זיך געדונגען? ער האָט אפשר געמיינט, אַז ביי חברה־קדישא איז „פּיינשטשינע“ און מען וועט אַרבעטן אומזיסט. האָט אונדז דאָך אָבער דער ליבער גאָט צוגעשיקט אַ קולטעס־פּרעזידענט, זאָל ער נאָר מאריך־ימים זיין! אוי, איז דאָס אַן עזריאל רייזמאַן, איז דאָס... אַ פּאָר זלאָטעס איז טאַקע אַריינגעפאַלן צו קהל אויך, און חברה־קדישא בלייבט חברה־קדישא — און אויף אַ מלווה מלכה מוז זיין פאַר אַזאַ מת...

— און פאַר דעם קבר האָט ער אויך גוט באַצאָלט — האָט צוגעגעבן לייזער.

— נו, הער נאָר — האָט יידל ברייט אַ מאַך געטאָן מיט ביידע הענט — ווער־זשע טאַקע זאָל צאָלן, אַז נישט קיין גוטבאַזיצער? וואָס־זשע, ער האָט צוויי מאַמעס, וואָס מען וועט קאָנען נאָך אַמאָל נעמען? זאָג נאָר, לייזער, דו ווייסט נישט — האָט יידל אויף שנעל געפרעגט — זיין טאַטע איז נאָך אַ געזונטער ייד?...

און ס'איז טאַקע געווען ווי חברה האָט געוואָלט. מען האָט צוגעגרייט אַ סעודה כיד המלך. דער געשמאַקער ריח פון די געפעפערטע פיש האָט זיך געצויגן איבער אַ האַלבער גאַס — ער האָט געקיצלט אין די נאָזלעכער און אין גומען, עס איז אַזש אַ סלינע געקומען אין מויל, געקראָכן טיף אין די ביינער און ממש פאַרטעמפּט די געדאַנקען. און ווער שמועסט דאָס געבראָטנס — האָט מען דאָך געקאָנט זאַט ווערן פון דעם ריח אַליין...

אויף שנעל האָט מען טאַקע היינט אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב, און דער עולם האָט זיך געלאָזט צו רב חיים אורענס שטוב, וווּ עס איז געווען צוגעגרייט די גרויסע סעודה...

— היינט וועט מען עס זיך אָבער אָנעסן — האָט געריבן די הענט דער קרומער אשר, וועגנדיק זיך צום קליינעם וועלוועלען, וועלכן ער האָט געטראָפן אויף דעם וועג צו דער קלויז.

— אוודאי וועט מען כאַפּן אַ פעטן ביסן — האָט צוגעשטימט דער קליינער וועלוועלע — וואָס־זשע, חברה האָט אפשר נישט פאַרדינט? לאָזן די גבירים גיין גראָבן אַ קרקע אין אַזאַ פראָסט, וועלן זיי וויסן „פּאָטשעמו לאָקעטש באַרשטש“. אַ ביסל משקה וועט אויך זיין, און ווער שמועסט נאָך, אַז אירע אַליין וועט זיין דער סאַרווער, איז שוין נישטאָ וואָס צו זאָרגן. איך קאָן שוין פּשוט אויף דער סעודה זיך נישט דערוואַרטן, איך פיל ווי עס קיצלט מיך אַזש אין מאָגן...

— שלום=עליכם, שלום=עליכם! — האָבן זיך ייִדן וואַרעם באַגריסט. אַ גוטן אָוונט, אַ גוטן אָוונט — האָט מען געהערט פון אַלע זייטן, און פּאַוואָליע, פּאַוואָליע זענען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע מנינים ייִדן...

לאַנג האָט מען דאָ קיינעם נישט געדאַרפט בעטן, אַלע האָבן אָנגעהויבן אויסצוזעצן זיך ביי די טישן און גלייך זיך גענומען צו די טעלער געפעפערטן אַרבעס, וועלכן יעדער האָט אויסגעשיט אויף דעם טישטעך לעבן זיך.

דער לאַנגער אירע אָדער אירע בעדער, ווי מען האָט אים אין שטאָט גערופן, האָט גלייך אָנגעהויבן אַריינצוטראָגן די ווייסע בולקעס און זיי אויסלייגן לעבן יעדן, וואָס איז געזעסן ביים טיש.

אירע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פאַרטעך, אויף הינטן פאַרבונדן אויף פיר בענדער, די אַרבל פאַרקאַטשעט ביז צו די עלנבויגנס, אָן דעם קאַפּעליוש, נאָר בלויז אין זיין פאַרסמאָלעוועטער יאַרמעלקע, וואָס איז געווען נאָך שוואַרצער ווי שוואַרץ, פאַררוקט אין דער זייט, מעשה בעל=שמחה, און אַזוי זיך ראַש באַוועגט ווי אַן אמתער קעלנער. דער לאַנגער אירע איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער חברה=קדישא, נאָר דאָס סערווירן איז שוין ביי אים געווען אַ חזקה=זאַך, און איצט האָט ער טאַקע פאַכמעניש געטראָגן צו דריי טעלער אויף איין מאָל, באַדינענדיק די גאַנצע חברה=קדישא, וואָס איז געזעסן אַרום די טישן, נישט רירנדיק זיך חלילה פון דעם אָרט, אים מיט עפּעס צו העלפן.

— גיב נאָר אַהער אַ טעלער! — האָט געשריגן דודל אייזיקס, מורא האָבנדיק מ׳זאָל אים אַמאָל נישט פאַרטיילן.

— אַהער אויך! — האָט זיך אָנגערופן בישקע פון די באַראַקן, וועלכער האָט זיך שוין געפּאָרעט ביי דער צווייטער פּאָרציע.

— וואָס=זשע, עס האָט הייגט געפּאַסט, צי אויפגעשטאַנען פון אַ קרענק, וואָס עס פּאַקט אַזוי? — האָט זיי געענטפערט אירע האָבנדיק אַליין אַ פול מויל. ער האָט געגעסן, ווי מען זאָגט, אויף ביידע באַקן, אונטערוועגנס, פון דער קיך צו די טישן און צוריק.

— וואָלסט אפשר אַ ביסל געהאָלפן דערלאַנגען — האָט ער זיך געווענדט צום רויטן ברוך, וועלכער האָט אַריינגעלייגט אַ בולקע אין דער קעשענע אַריין פון זיין בעקעשע — איך זאָג דיר שוין, דאַכט זיך, דאָס צווייטע מאָל, און דו הערסט מיך ווי דער קאָטער.

— שוין, שוין, אירע — האָט ברוך געענטפערט — לאָז מיך נאָר אויסטרינקען דעם סאָס פון דעם טעלער.

אָפּגעווישט מיט בײדע אָרבל פֿון זײַן בעקעשע דאָס מויל מיט דער באָרד, האָט ער גענומען העלפֿן אירען דערלאַנגען צום טיש.

— פֿאַרקאַטשע דיר די אַרבל פֿון דער בעקעשע — האָט אים אירע געלערנט — דו האָסט דאָך זיי שוין עטלעכע מאָל אײַנגעטונקען אין געבראָטנס.

— אוי, אוי, אוי, טאַקע אַ שאָד, אַזאַ געשמאַקער סאָס — האָט ברוך צוגעגעבן גערעכט, אָפּלעקנדיק דערווײַל די גראָבע פֿינגער, וועלכע ער האָט דאָס מאָל אײַנגעטונקען אין אַ טעלער, וואָס ער האָט דאָרט עמעצן דערלאַנגט.

— נו, לחיים, ייִדן, לחיים! — האָט דודל אױפֿגעהױבן זײַן כּוס, זײַענדיק שוין אַ ביסל בגילופֿין.

— לחיים, לחיים! — האָט מען געענטפֿערט פֿון אַלע זײַטן.

— ס'זאָל טאַקע נאָר זײַן לחיים בײַ ייִדן. נאָר אַ גוטבאַזיצערס אַ מאַמע מעג אויך אַמאָל זײַן — האָט לייזער צוגעגעבן מיט אַ געלעכטער.

— וואָס־זשע, ער האָט אַ גרויסע טובֿה געטאָן! — האָט זיך אַרײַנגעמישט רב חיים אורעגס — שטאַרבן מוז אַ יעדער, און דאָס געלט, וואָס ער האָט געגעבן, איז נישט זײַנס. ווי פֿלעגט זאָגן רבֿ מענדעלע קאָסעווער, זכרונו לברכה — דאָס געלט בײַם רײַכן איז נאָר אַ הלוואה פֿון זײַן ליבן נאָמען, אָבער נישט זײַנס.

און ייִדן האָבן דערווײַל ווײַטער גענומען צו קאַפּיטשקעלעך אין מויל אַרײַן און זיך גוט משׂמח געווען....

— אירע, נעם אַוועק דעם ליי־דאַק! — האָט גערופֿן ייִדל פּסחס, גלעטנדיק דערבײַ מיט זײַנע פֿעטע הענט די לאַנגע באָרד. דאָס האָט געזאָלט באַדײַטן, ער זאָל אַוועקנעמען דעם ליידיקן טעלער און דערלאַנגען אַ פֿולן.

ייִדל האָט שוין געסאָפּעט ווי אַ מניעד בײַם קאָוואַל, און אויף זײַן בויך האָט מען שוין געקענט, ווי מען זאָגט, „טשוועקעס אויסגלײַכן“, אָבער ייִדל האָט נאָך געהאַלטן אין איין עסן — וואָס־זשע, אַט מאָרגן איז ווידער אַזאַ מלווה מלכּה?...

ווען דער גאַנצער עולם איז שוין געווען אַזוי זאַט, אַז ער האָט נאָר געקאָנט שוין עסן מיט די אויגן — האָט מען אָנגעהויבן דערלאַנגען צום טיש עפּל מיט וועלטשענע ניס.

איצט ביים קנאַקן די ניס, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער אמתער שמועס פון גוטע יידן, צדיקים, ניסים און מתים...

דער קלייגער וועלוועלע האָט זיך געשוווירן ביי זיין באָרד און פאות, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי מען האָט אַריינגעלייגט אַ מת אין קבר אַריין, זענען אים די שערבלעך דריי מאָל אַראָפּגעפאַלן פון די אויגן...

— אַזוי, טשאַ, טשאַ, טשאַ — האָט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג געסמאַטשקעט יאָסל מעניס, שאָקלענדיק דערביי מיט זיין קאָפּ אויף לינקס און רעכטס. — אַ מעשה פלא! אַ מעשה פלא!

— וואָס־זשע האָט חברה געטאָן? — האָט ער גלייך מיט נייגער געפרעגט, אַראָפּלאָזנדיק דערביי זיינע צוויי לאַנגע ברעמען.

— וואָס חברה־קדישא האָט געטאָן פרעגסטו? — האָט וועלוועלע איבערגעחזרט.

אַלע האָבן אויפגעשטעלט מויל און אויערן, כדי צו הערן, וואָס איז ווייטער געשען.

— מען איז געלאָפן נאָך דעם צדיק רב פנחסלען אַליין... — דאָ האָט וועלוועלע געמאַכט אַ הפסקה.

— און רב פנחסל איז צוגעגאַנגען צום קבר און געגעבן דריי מאָל אַ קלאַפּ מיט זיין איינגעבויגענעם שטעקן, מיט די ווערטער: — יעקב בן לייזער — אַזוי האָט דאָס מת געהייסן — איך, פנחס, הרב שבעיר וואַריש, בעט דיך מחילה און וויל, דו זאָלסט דיך לאָזן ברענגען צו קבר ישראל... און אַזוי איבערגעחזרט דריי מאָל — און אַוועקגעגאַנגען. — וועלוועלע האָט געגעבן אַ מאַך מיט ביידע הענט אין דער לופטן און איז שטיל געבליבן. דאָס האָט געהייסן, אַז אַלץ איז דערנאָך געגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין און דאָס מת האָט די שערבלעך מער נישט אַראָפּגעוואָרפן. אַלע האָבן נאָר געשאָקלט מיט די קעפּ פון דעם גרויסן וווּנדער, וואָס איז דעמלט געשען. וועלוועלע אַליין האָט איצט גענומען זיין שפּיץ באָרד אין מויל אַריין און זיך פאַרטראַכט...

— נו, און וועגן דער קליינער מלכהלען איז גאָרנישט, וואָס זי איז געקומען דריי נעכט נאָכאַנאַנד צו רב אַנשלען? — האָט זיך אָנגערופן געצל פייגע לאהס — ווער געדענקט נישט, וואָס דעמלט האָט זיך געטאָן... ער האָט בודק געווען דעם טלית־קטן, צי עס פעלט נישט קיין ציצית, געלאָזט איבערקוקן די מזוזה. אַלע טעכטער האָבן אָנגעטאָן

פּאַרטעכער און עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. רב אַנטשעלע געבעך איז אַרומגעגאַנגען ווי אויס מענטש. אַ קליינינקייט, אויפֿצושטיין מיט אַ צייכן פֿון נעגל אויף דעם האַלדז...

— איינפּאַך געוואָלט וואַרגן — האָט מיט צוויי דערשראָקענע אויגן זיך אָנגערופֿן שיעלע בטלן.

— וואַרגן זאָגט ער.. דאָס מת האָט קיין רו נישט געהאַט אין קבר!....

— קיין רו נישט געהאַט — האָט שיעלע איבערגעחזרט, אוי ווי איז מיר! אוי ווי איז מיר, אַזאַ אומגליק, לא עלינו, לא עלינו! — האָט ער זיך אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן.

— און דעמלט איז מען געלאָפֿן צום בעלזער צדיק אַליין... און ער האָט געהייסן עפֿענען דאָס קבר... נו, וואָס מיינט עך? — איז געצל אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן.

— נו, נו, נו! — האָבן זיך אַלע אָנגערופֿן ווי אין אַ כאָר.

— די קליינע מלכהלע — איז — נעבעך — געלעגן — איבערגעדרייט — אויף דער לינקער זייט. — ביי יעדן וואָרט האָט געצל אַ מאַך געגעבן מיט זיין האַנט — ווייל מען האָט פֿאַרגעסן אָפּצושניידן פֿון איר רעכטער האַנט אַ נאָגל. און מען האָט געמוזט נאָך אַמאָל איר רעכטס טאָן...

אַלע האָבן אָנגעהויבן שטיל צו קייען די וועלטשענע ניס און זיך דערביי פֿאַרקלערט איבער די ווונדער, וואָס דער אייבערשטער פֿירט אויס אויף דער וועלט מיט דער הילף פֿון זיינע גוטע יידן און צדיקים...

— אירע! — האָט איבערגעריסן די שטילקייט לייזער ביק — פֿאַרגעס נישט איבערצולאָזן אַ ביילקע מיט פֿלייש פֿאַר יוסף־הערשן, ער ליגט נעבעך מיט אַ צעביסענעם פּוס אין דער היים און דערפֿאַר נישט געקאָנט קומען.

— טאַקע, טאַקע, פֿאַר יוסף־הערשן! — האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט — און דער שמועס איז גלייך אַריבער וועגן יוסף־הערשן.

— איך זאָג אייך, יידן, אַז מען טאָר נישט שווייגן! — האָט געשריגן דער קרומער אשר.

— וואָס הייסט נישט שווייגן? — האָט זיך פֿלעגמאַטיש אָנגערופֿן רב חיים ראַווער — גיי האָב אַ דין־תורה מיט אַ כלב — ס'איז טאַקע אַ ביטערער רחמנות אויף יוסף־הערשן, נאָר וואָס קאָן מען טאָן...

— וואָס הייסט אַ כּלב? — האָט זיך געבייזערט אשר — דעם באַלעבאָס באהגויקן מוז מען אָנגלערנען און אים אָנגעבן אין געריכט, און דאָס זאָל טאָן קהל. אַזאַ אַנטיסעמיט מוז מען אָנלערנען. אַ קלייניקייט, אַרויסצוטרייבן אַ מענטש מיט אַ צעבּיסענעם פּוס אין אַזאַ פראָסט.

— אשר, אשר, וואָס רעדסטו? — דו האָסט אינגאַנצן פאַרגעסן אין — אל תּפתח פּה לשׂטן — מען קאָן דאָך נאָך אַרויסרופן בייז בלוט, אַז מ׳זאָל חלילה פאַרביטן א יידן צו קומען אין דאָרף. וואָס קאָן מען טאָן, יידן זענען אין גלות! — און רב חיים האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט ביידע הענט — מען דאַרף אָננעמען פאַר ליב אַפילו די שווערסטע דערנידערונג — דאָ איז חיים ראַווער שוין אַריין אין אַ גמרא־ניגון — די גרעסטע בזיונות, ס׳איז אַלץ מן השמים, געלויבט זיין ליבער נאָמען, וואָס מ׳לאָזט כאָטש אָפּהיטן יידישקייט...

רב חיים ראַווער איז געווען אַ ייד אַ למדן, מען האָט אים אויך געהאַלטן פאַר אַ בעל־שׂכל, אָבער אין דעם פאַל האָבן נישט אַלע מיט אים געוואָלט מסכים זיין.

נאָר אַזוי גלאַט איז דער ענין נישט אַוועק. דערווייל האָט מען באַשלאָסן — ראשית, אַזוי ווי יוסף־העריש איז איינער פון דער חברה־קדישא, זאָל מען אים אָפּטראָגן קודם־כּל — אַ בולקע מיט געבראָטנס, מיט עפּל און ניס און אויך משקה, והשנית — זאָל קהל געבן עטלעכע זלאָטעס פון דעם, וואָס ס׳איז אַריינגעפאַלן פון דעם מת, זיין ווייב און קינדער אויף חיונה און אויף שכר־לימוד פאַר גרשון־זעליקלס וועגן.

אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, ווען די מלוה־מלכּה האָט זיך געענדיקט. דער עולם האָט אויסגעזייעט די קעלישעקלעך, דעם איבערגעבליבענעם אַרבעס האָט מען זיך אַריינגעשיט אין די קעשענעס פון די בעקעשעס, און אַ טייל האָט אויך מיטגענומען אַ בולקע פאַר די קינדערס וועגן, זיי זאָלן אויך וויסן, אַז ס׳איז געווען אַ שׂמחה, און מיט אַ שטיל זמרל האָט זיך די חברה־קדישא געלאָזט אַהיים, יעדער צו זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן...

## קאפיטל 5

# רב כאַסקעלעס באַגעגעניש מיט אליהו הנביא

אין גאַליצישן שטעטל וואריש, ווי אין אַנדערע קליינע שטעטלעך, האָבן קיין לייִדיקגייער נישט געפעלט. געזונטע, יונגע בחורים זענען גע־לעגן אויף טאַטע־מאַמעס קאָפּ, ווײַל ווען גאַנצע פּרנסה איז ס'רוב געווען א קליין געוועלבל מיט דריי שאַכטלעך שוועבעלעך, זעקס נאָדלען און עטלעכע קילאָ גרויפּן... זיי האָבן דען געהאַט אַן אַנדער ברירה? אַז תבואה־סוחרים אין שטעטל זענען שוין געווען מער ווי קערנדלעך אין זאַק, וועלכן דער פּויער פלעגט ברענגען צו פאַרקויפן. ווידער אַראָפּני־דערן צו די נחות דרגאס און גיין זיך לערנען פאַר א באַלמעלאָכע — וואָס־זשע וועט זיין מיט א שידוך? און ווען אסתר־מרים די חסידיסטע האָט שוין יאָ געוואָלט מאַכן א „רעוואָלוציע“ אין איר סביבה און אָפּ־געבן איר זון צו א באַלמעלאָכע — איז איר דאָס אויך נישט געלונגען.

— משהניו קרוין — פלעגט זי נעבעך שטענדיק זאָגן צו איר מאַן — וואָס וועט זיין מיט אונדזער הערש־בעריניו? — א יונג וואַקסט ווי אויף הייוון, אין קלויז אריין לערנען וויל ער נישט, גייט ארום פוסט און פּאַס. דער סוף וועט זיין — ער וועט ווערן א זולל־וסובאניק, א באַנדיט, א קאָמוניסט — דער אשמדאי אליין!...

— כ'וויס, כ'וויס, וואָס דו מיינסט, אסתר־מרים — האָט פלעג־מאַטיש תמיד געענטפערט משה — זאָל איך דעריבער מאַכן פון אים א שוסטער, א סמאָלעקאָפּ — וואָס ווילסטו פון מיין לעבן?!... בעקערס איז שוין דאָ די ויותר, צוויי מיט נס, האָסט א סך גבירים, ווי מרדכי אונ־גער און אשר מייזעלעס, וואָס עסן קוילעטש אינדערוואָכן?! ברויט באַקן יידן יעדן פרייטיק משׂשׂת ימי בראשית אָן אין דערהיים, און דאָס אויף א גאַנצע וואָך... ס'איז נישט פריש — עסט מען ווייניקער, קאָן מען עפּעס אָפּשפּאָרן אויף א נדן פאר א קינד... א זייגערמאַכער ווידער, האָט מלך זייגערמאַכער אליין אויך נישט קיין פרנסה...

— אוי, משה, משה, און למשל א סטאָליער? זענען דען צווישן אונדזערע תנאים און אמוראים נישט געווען אַזוינע ווי ר' יוחנן הסנדלר אָדער רב יצחק נפח?

— גוט, אסתר־מרים, מסכים. אם ירצה השם דינסטיק איז א גוּ־טער טאָג, וועלן מיר אים אָפּפירן צו איטשע סטאָליער, נאָר געדענק, אז דו האָסט דריי טעכטער חתונה צו מאכן, און א זון א סטאָליער וועט תמיד זיין א פּגם אין דער משפּחה...

וכן היה. דינסטיק אינדערפרי זענען שוין אַלע געווען אויף די פיס. מיט די הינטער־געסלעך זענען טאַטע־מאַמע געגאַנגען מיט הערש־בער־לען צום הויז פון איטשע סטאָליער. ווי אויף להכעיס איז געווען א זוני־קער פרימאָרגן און מענטשן זענען שוין ארוים אויף דער גאַס. אסתר־מרים נעבעך איז געגאַנגען ווי א דערשלאָגענע, וויל יעדנס בליק האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אז יענער ווייסט, וווהין זיי גייען. אויך הערש־בערעלע איז מיט זיין אויסגעריבענעם ראָק געגאַנגען ווי צו דער עקדה. גליקלעך האָבן זיי שוין איבערגעטראָטן די שוועל פון איטשע סטאָליערס הויז, און גלייך איז מען צוגעטראָטן צום ענין.

מיט איטשען אליין איז שוין די גאַנצע זאַך מיט א טאָג פריער געווען אָפּגערעדט: הערש־בערל וועט ביי אים זיין אויף דער לער דריי יאָר. פאַר די ערשטע צוויי יאָר וועט איטשע באַקומען פאַר שכר־לימוד צו צוואַנציק זלאָטעס א זמן, און שפּעטער וועט איטשע, כפי המדובר, אָנהייבן צוריקצאָלן.

איטשע האָט טאַקע פאַרלאַנגט צו דרייסיק זלאָטעס א זמן, נאָר אַזוי ווי הערש־בערעלע איז א באַלעבאַטיש קינד און וועט טאַקע באַשיי־נען דאָס פאַך, האָט ער מסכים געווען אויף צוואַנציק.

הערש־בערעלע האָט אויסגעטאָן זיין ראָק, פאַרקאַטשעט פאַכמע־ניש די אַרבל פון זיין העמד און צוגעגאַנגען צום אָנגעוויזענעם וואַר־שטאַט.

— ווי האַלט איר, ר' איטשע, בין איך נישט גערעכט? — האָט מיט חניפה זיך אָנגערופן אסתר־מרים — איך האָב די גאַנצע צייט גע־זאָגט צו מיין משהן: ער וויל נישט זיין קיין לייט — זאָל ער גיין ווערן א סטאָליער! לערנען האָט ער נישט געוואָלט, האַנדלען — אויך נישט. זאָל ער זשע ווערן....

— טאַקע, גערעכט, אסתר־מרים, כשר גערעכט. אין האַרצן אָבער האָבן איטשען אַ שטאָך געגעבן די ווערטער „ער וויל נישט זיין קיין לייט — זאָל ער גיין ווערן אַ סטאָליער!"...

טאַטע־מאַמע זענען שוין אוועקגעגאַנגען. איטשע איז געבליבן אַליין מיט זיין תלמיד. ווי אַ צוגעשמידטער איז ער געשטאַנען ביים וואַרשטאַט און זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אסתר־מרימען צו געבן קיין פּאַסיקן ענטפער אויף דער באַליידיקונג. נאָר וואַרט — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — דו וועסט מיך נאָך געדענקען!

— הערש־בער! — האָט ער זיך פּלוצלונג אָנגערופן — צו זיין אַ גוטער סטאָליער, מוזסטו זיך פריער צעפּירן די הענט. אָט דאָ איז אַ זעג און גיי ארויף אין סקלאַד.

איטשע האָט געהאַט אָנגעפּירט עטלעכע פורן האָלץ צום הייצן אויף ווינטער, און אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט דינגען צוויי האָלצהעקער, זיי זאָלן דאָס צעשניידן, איז אים געקומען אויפן געדאַנק הערש־בערל.

עס איז פאַרביי אַ וואָך, די צווייטע און דער קרעפּטיקער בחור האָט גוט געשניטן דאָס האָלץ. אייןמאָל אין אָוונט, ווען ער איז אהיימגעקומען פון דער לערע, האָט אים די נייגעריקע מאַמע געפרעגט: — נו, הערש־בערלע, ווי גייט דיר די מלאכה?

— איך צעפּיר מיר שוין די הענט — האָט ער פריילעך געענט־פערט.

— הערסט, משה, ער צעפּירט זיך שוין די הענט. איך האָב תמיד געזאָגט, דאָס ער איז נישט אזא טויגעניכטס ווי דיר דאכט זיך.

ווען דאָס האָלץ־זעגן איז שוין געווען פאַרענדיקט האָט אים איטשע סטאָליער אראָפּגערופן און געזאָגט: — גיי אהיים, הערש־בערלע, און זאָג דיין מאַמען, אז דו ביסט שוין אַ לייט, נאָר אויף אַ סטאָליער טויג־סטו נישט....

אזוי אַרום איז צוגעקומען נאָך אַ ליידיקגייער אין שטעטל און ס'איז אויסגעוואַקסן נאָך אַ קאַנדידאַט צו קלמן מאיר דעם קרומען אשרם חברה, וואָס האָט נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט עמעצן אָפּצוטאָן אַ שפּיצל.

* *
*

מיט א ריזן=מויער איז די יידישע יוגנט געווען אָפּגעטיילט פון דער ארומיקער וועלט, פון איר קולטור, פארגעניגן און לעבנס=לוסט. דאָס איינ=ציקע, וואָס איז איר געבליבן איז געווען ליצנות, וואָס איז געווען פאר=בונדן מיט יידישע יום=טובים, דינים און מנהגים. אזוי למשל האָט די חברה לייַדיקגייער צו יעדן ערב=פּסח אָפּגעדרוקט מיט דער האַנט איינ=לאדונגס=קאַרטן און זיי ארויסגעשיקט מיט דער פּאָסט צו יעדן יידן, וואָס האָט נאָר געהאט א זכר פון א קרעצל אויפן קאָפּ, ער זאָל זיך שנעלער צוזאַמענפּאַקן און קומען צום טראַנספּאָרט פון די פארכעס, וואָס ווערט ארויסגעשיקט קיין מצרים. יינגלעך פלעגן שוין אָפּהיטן דעם פּאָסט=טרעגער, כדי צו זען, וואָס פאר א מינע דער אָדער יענער וועט מאכן ביים בריוו לייענען און שפּעטער האָבן וואָס צו דערציילן אין שטעטל.

א פרייַלעכער יום=טוב איז געווען שבועות. אָרעמע יינגלעך פלעגן לויפן שניידן דעם שאַווער אין די טייכן און אים ארומטראָגן פארקויפן אין די רייכע הייזער. דאָס גרינוואַרג פלעגט מען אויסלייגן אויף דער פּאָדלאָגע אין אלע צימערן. חברה האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און אריינגעשמוגלט דערביי עטלעכע לעבעדיקע זשאבעס, וואָס פלעגן דערנאָך ארומקריכן צווישן דעם שאַווער און נישט איינמאָל אריינשפּרינגען צו עמעצן פון די בני=בית אויפן געלעגער...

אָרעם זענען נעבעך געווען די געברעכטע יידן, וועלכע עס איז נישט געווען ווייניק אין שטעטל. זיי דאקעגן האָבן באקומען פון דער חברה לצים אן אנדערן סאָרט בריוו, מיט א גרויסן טיטל, ווי עס פּאסט פאר א מענטש מיט אַ געראָטענער „פרוכט", ער זאָל אַרויסשיקן די „קאַווע=נע" צום רב, מען זאָל זי פארטיילן די יידן אין שטעטל לכבוד יום=טוב אויף א „שהחיינו"...

נישט ווייניק ארבעט האָבן געהאט די קלענערע חברה סוכות=צייט. דאָס איז שוין געווען „אונטערנעמונגען", וואָס ווערן נישט איין מאָל אויסגעפירט מיט דער הילף פון קריסטלעכע יינגלעך פון דער פאָרשטאָט, ווי: צובינדן א קאץ אָדער א הונט ביי א בעל=גאַוהניק אין דער סוכה, אָדער אָפּשניידן די פּאַפּירענע פייגעלעך מיט די עפּלעך, מיט וועלכע די סוכות פון די רייכע זענען געווען באצירט. נאָר צו די וויכטיקסטע „אונ=טערנעמונגען" האָבן געהערט די פּסחדיקע סדר=נעכט. אמת, עס האָט אויך געטראָפן, אז מען האָט בינו=לבינו אויך אָפּגעטאָן עפּעס א שפּיצל די חסידים. מען פלעגט זיך כלומרשט וועטן מיט וועמען פון די דאָרפישע פויערים, וואָס פלעגן קומען פרייטיק אין באָד אריין, אז ער וועט נישט

אויסהאלטן אין דער הייסער מקווה קיין 5 מינוט. דאקעגן יידן וועלן אויס־האלטן לענגער. צו אזעלכע געוואגטע בעלנים האָבן געהערט מיכאלקע פון דער ליפּינע, דאלקע פּאָליציי און אנדערע. לצים פלעגן שטיין און האלטן דעם זייגער אין דער האנט און דער פויער פלעגט דער ערשטער אריינגיין אין מקווה אריין. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אונטער־געטונקען, האָבן שוין אנדערע געמאכט א יללה, חסידים פלעגן זיך צו־נויפלויפן, שרייען אויף דעם גאָט דער נשמה שולדיקן פויער, און חברה פלעגן זיך האלטן ביי די בייכער, פלאצנדיק פאר געלעכטער. דער סוף איז געווען, אז די גאָר פרומע זענען שוין מער אין דער נישט „כשרער" מקווה נישט אַריינגעגאַנגען און באַצאָלט שלומען דעם בעדער, ער זאָל אויסשעפּן דאָס וואסער און אָנפּאָמפּען פרישס. שלום פלעגט דערביי ווינטשן הער חברה לאנגע יאָרן פאר דעם גוט אָפּגעטועטעם שטיקל אר־בעט...

פּסח אָבער איז שוין געווען עפּעס אַנדערש. זעלטן װעלכער פון די בחורים האָט אויסגעהאלטן ביז צום סוף ביים טאטנס טיש דאָס פּראַווען דעם סדר. גאנצע גרופּן פלעגן גיין אונטערהערן אונטער די פענצטער, ווי אזוי יעדער פירט זיך אויף און זאָגט די הגדה, דעם אָדער יענעם כאַפּן ביי אַ גרייז און אויפן קול אויסלאַכן, אָדער אָפּװאַרטן געני, ווען עס האָט געשלאָגן 12 אזייגער, ווען, ווי מען פלעגט זאָגן, עס גייען ארום די נישט־גוטע, און איינער פון דער חברה פלעגט קרייען ווי א האָן און די איבעריקע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט ווי די לצים. נאָך צום לוס־טיקסטן איז געווען אין דער גרופּע פון קלמן מאיר דעם קרומען אשרם. ער האָט שטענדיק געהאַט פאַרשידענע איינפאַלן.

שטיל איז מען צוגעגאנגען צו דער טיר פונעם אלטן פארפאָלק „זיי־דע איטשעלע און באָבע זיסל", ווי מען האָט זיי אין שטאָט גערופן. דאָס אָרעמע פארפאָלק האָט זיך קיינמאָל נישט געשיידט: צוזאמען געגאנגען אין שול, איינקויפן אויף שבת, אויף חתונות און אַזוי גליקלעך אָפּגעלעבט ביז אין שפּעטן עלטער.

חברה האָט איצט אויסגעפירט קלמן־מאירס באפעל: אלע ווארטן... די באָבע זיסל עפנט די טיר פאר אליהו הנביא. עס דערהערט זיך דעם זיידן איטשעלעס קול „ שפוך חמתך על הגיום"... און קלמן־מאיר ענטפערט פון אונטער דער טיר אפיר „אשר לא ידעוך"... מיט א יאמערלעך אויס־געצויגן קול. די באָבע זיסל בלייבט שטיין פארגליווערט: וואָס הייסט — זי הערט דאָך באשיינפערלעך דאָס קול פון אליהו הנביא אליין...

אין דעם מאָמענט רוקט קלמן־מאיר דורך דער אָפענער טיר אריין די האנט און מיט אַ נאָגל טשעפעט ער צו דער באָבע זיסלס קלייד צו דער צווייטער העלפט טיר. אמת, עס איז טאקע געווען געניג פינצטער אינעם לאנגן קאָרידאָר, מען זאָל אים נישט באמערקן, אָבער קלמן־מאיר איז חוץ לזה געווען א ספעציאליסט אין אזעלכע שפּיצלעך.

— נו, זיסל... — רופט שוין א ביסל אומגעדולדיק דער זיידע איטשעלע, פארוואָס זי שטייט אלץ נאָך ביי דער טיר, ווען ער האָט שוין פארענדיקט דעם גאנצן מאמר.

די באָבע זיסל קאָן אָבער בשום אופן נישט אוועקגיין... זי מיינט, אז דאָס האלט זי אליהו הנביא ביים קלייד. אמת, דעם זיידן איטשעלען האָט זי אפילו אין איר מחשבה קיינמאָל נישט פארביטן אויף א צווייטן. אָבער אליהו הנביא איז דאָך פאָרט אַ מאַנספּאַרשוין... שטיל בייגט זי זיך אַראָפּ און ווי נישט מיט איר מויל פליסטערט זי אַרויס די ווערטער: פע, רב עליע, ס'פּאַסט נישט פאַר אייך, אסור...

חברה לאָזט ארויס א הילכיק געלעכטער און אנטלויפט.

אין דער זעלבער צייט האָט שוין קלמן־מאיר געשיקט הערש־בערעלען, ער זאָל ברענגען פון רויטן ברוכס שטעלעכל דעם ווייסן צאַפּ. מיט אים האָט מען געדארפט פארענדיקן די פסחדיקע „אימפּרעזע“ ביי רב כאסקעלען.

רב כאסקעלע איז געווען א ייד א בן־תורה. וועגן דעם גרויסן וואונדער פון זיין ליבן גאָמען, וואָס ער האָט געטאָן צו די יידן בעת יציאת מצרים, האָט ער מיט גרויס יראת שמים און באריכות ליב געהאט צו דערציילן זיין גאנץ הויזגעזינד טאקע ביז בחצי הלילה... דערפאר האָבן די חברה לצים אים איבערגעלאָזט ביז צום סוף.

עס איז שוין געווען נאָך האלבער נאכט, ווי אלע האָבן זיך פארזאמלט ביי רב כאסקעלעס הויז. אין א זייט איז געשטאנען הערש־בערעלע מיטן צאַפּ, נאָר קיינער האָט נאָך נישט געוווּסט, וואָס קלמן־מאיר וויל דאָ אויפפירן.

דורך די פענצטער פון רב כאסקעלען טראָגן זיך שבחימדיקע ווערטער פונעם הלל: „מלפני אדון חולי ארץ, מלפני אלהי יעקב“...

— באלד, באלד, זאָגט שטיל קלמן־מאיר — ס'איז שוין נישט ווייט.

די טיר עפענען, כדי אריינצולאָזן אליהו הנביא איז געגאַנגען רב כאסקעלעס עלטסטע טאָכטער סערעלע, וועלכע האָט פארטראָטן די מאמע, וואָס איז שוין געווען אויפן עולם האמת, און אויך צוליב דעם, וואָס

סערעלע נעבעך איז געווען אן עקרה, און דאָס צורירן זיך געענטפער צו אליהו הנביא איז געווען א גרויסע סגולה צו ווערן מעוברת...

ווי עס האָט זיך נאָר דערהערט דאָס טרויעריקע קול פון רב באסקע־לען „שמוד המתך על הגוים"... האָט קלמן־מאיר כהרף־עין צוגעפירט דעם צאפּ צו דער אָפענער טיר, וועלכער האָט זיך מאיעסטעטיש אריינ־געשפּאצירט אין שטוב אריין.

סערעלע איז געוואָרן אויסער זיך פונעם גרויסן ווונדער און געבליבן שטיין נבהל ונשתומם, נישט קאָנענדיק אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. זעענדיק ווי דער טאטע הייבט אויף ביידע הענט צום הימל, האָט זי אינ־גאנצן אָנגעהויבן ציטערן.

— רבונו של עולם! — האָט זיך דערהערט די פּארכטיקע שטים פון רב באסקעלע — צי האָב איך טאַקע דערצו זוכה געווען? צי זע איך דאָס טאַקע מיט מיינע אייגענע אויגן?!...

און דער צאַפּ מיט די לאנגע פּאָרדרייטע הערנער און ווייסן שפּיציקן בערדל האָט זיך בנעימות געשפּאנט אליין געענטפער און נעענטער צום פּסחדיקן טיש, ווו עס זענען געשטאנען די רעשטלעך פון די יום־טוב־דיקע מאכלים.

ערשט דאָס הילכיקע, דונערנדיקע געלעכטער פון דער לוסטיקער חברה לצים האָט רב באסקעלען ארויסגעשלאָגן פון זיין התלהבות.

## קאפיטל 6

# דער יום־טוב פון „אין כאלהינו"

בעת א יום־טוב, נאָך א שמחה, צי גאָר נאָך א געשעעניש פלעגן זיך חסידים און בטלנים פאַרזאַמלען אין דער געמויערטער קלויז און גענומען ארומרעדן דאָס פירעכץ פון דער וועלט. דאָס רעדל האָט תמיד געפירט רב חיים האווער, דער טאַטע פון צוויי טעכטער, וואָס זענען ביי אים פאַר־זעסן מחומת ער האָט קיין גראָשן נדן נישט געהאַט זיי צו סילוקן. נישט געקוקט דערויף, איז ער צופרידן געווען מיט זיין גורל.

„איזהו עשיר השמח בחלקו" דאָס ווערטל האָט רב חיים האווער שטענדיק געטאָן איבערחזרן, ביז ס'איז געוואָרן א ייש ביי די חסידים אין קלויז. — וואָס־זשע — פלעגט ער זאָגן — די אומות־העולם זענען נישט גערעכט, וואָס זיי שרייען, דאָס יידן זענען רייך?... גאָר פשוט זיי פאַר־שטייען נישט אונדזער עשירות.

און ערלעכע יידן האָבן אים פארשטאַנען, אויך שטענדיק צוגעגעבן רעכט.

— אמת — האָט געמיטלעך געזאָגט רב חיים — יידן האָבן האגות פרנסה, האָבן אויסצושטיין פאַרשידענע בלבולים, רדיפות. מילא מ'איז דאָך אין גלות, אָבער א ברויט־פענעצל קריגט איר אין א יעדער יידישער שטוב, כדי צו קענען מאַכן א מוציא און דערמיט צו קענען לויבן זיין ליבן נאָמען. אַז די אפיקורסים, די קאָמוניסטן האָבן טענות צום איי־בערשטן, למה מאריץ שוסטער האָט זעקס קינדער און נאָר איין פאָר אל־טע שטיוועלעך... גם זו לטובה... ווו שטייט דען געשריבן, דאָס יידישע קינ־דער מוזן האָבן לאַק־שיך?... פון קדמונים ווייסט מען, דאָס שוסטער גייען באָרוועס, און זיי וועלן שוין דאָס נישט איבערמאַכן.

— און די באַנדיסטן *), די שייגאצים ווילן גאָר, דאָס יידן זאָלן טראָגן היטלעך מיט בלישטשענדיקע דאַשעקעס, ווי די ערלים — האָט

*) בונדיסטן.

זיך אָנגערופֿן שיעלע בטלן — און נאָך פּאָרן, זאָגט מען, מיטן „טראַמבאַל“ און דאָס און שבת. מען זאָל זיי נאָכגעבן דעם שגעון, לויפֿט מען מיט רויטע פֿלאַכטעס, אויף וועלכע ס'איז אויפֿגעשריבן „פּאָליטאַיער“, און דאָס אין דער שטאָט פּוגעם מלכות און נאָך קעגנאיבער זיין הויז. יאָ — האָט שיעלע אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט — אַזוי פֿאַרזינדיקן זיך יידן ביי די שררים און דערמיט ביים רבונו של עולם פֿאַר זיין חסד, וואָס ער טוט מיט זיין פֿאָלק ישראל.

— צו וואָס רעדן פֿון אַזעלכע, וואָס זענען די סטרא=אחרא אַליין? — האָט זיך אַריינגעמישט יצחקל אַנטשעלעס — זיי ווייסן דען אפֿילו אָפּצושאַצן אַזאַ גרויסן יום=טוב ווי היינט למשל, דאָס וואָס מען גייט מיט די הקפֿות, הקב"ה אַליין טוט זיך דאָך פֿרייען, און די שכינה רוט אין גאַנצן מקום=קודש. מ'צייט אַ ריקודל, יידן טוען זיך אויפֿנעמען מיט משקה; שמחת תורה — אַ קליינקייט, אַ גאַנץ פֿאָלק זאָל שטיין פּנים אל פּנים און רעדן פּה אל פּה מיטן שר העולם אַליין... — דאָ האָט יצחקל אויפֿגעהויבן ביידע הענט צום הימל — און טאַקע באַקומען אַזאַ מתנה ווי די עשרת הדברות, די גאַנצע וועלט איז דאָך אונדז מקנא. אַז מען האָט אַזאַ אוצר גייען יידן און גיבן זיך אַ נאָמען... ווי האָסטו געזאָגט, שיעלע?

— „פּאָליטאַיער“ — האָט אונטערגעזאָגט שיעלע בטלן.

— טאַקע אַזאַ נאָמען „פּאָליטאַיער“, נו, וואָס זאָגט עץ דערצו?

— אוי וויי, אוי וויי! — האָט זיך געבייזערט רב כאַסקעלע — און דאָס וואָס מען האָט אונדז געגעבן תרי"ג מצוות איז ווייניק?... דאָס זענען שוין נשמות, וואָס האָבן פֿאַרלוירן ביידע וועלטן, אַז זיי ווייסן שוין נישט פֿון קיין תענוג פֿון אַן עליה שמחת תורה, ווי אַ חתן=בראשית אָדער חתן=תורה איז דאָך שוין עק וועלט.

— טאַקע אמת, טאַקע אמת — האָבן אַלע צוגעשטימט, אַ ביסל אויפֿגעלעבט פֿון די עטלעכע כוסות, וואָס יעדער פֿון זיי האָט היינט אויסגעטרונקען צוליב דער שמחה פֿון מתן=תורה.

ווער ווייסט, ווי לאַנג די חסידים וואָלטן נאָך אַזוי געזעסן און געפֿרייט זיך מיט דעם יידישן גליק און רייכטום, ווען נישט דאָס געזאַנג פֿון די קינדער פֿון דרויסן, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך די הויכע, האַלב=רונדע פֿענצטער פֿון דער געמויערטער קלויז. אַלע זענען גלייך אַרויס, כדי זיך צוצוקוקן צו דער שמחה פֿון „אין כאלהינו“.

פון דעם קליינעם וועלוועלעס שטוב איז גראָד אַרויסגעקומען יוחנן שמש, אין זיין לאַנגער זיידענער בעקעשע, אין וועלכער ס'איז שוין נישט געווען קיין גאַנץ אבר. דאָס שטריימל פאַררוקט אויף הינטן מעשה בעל־שמחה, פון פאָרנט פאַרהאַנגען מיט אַ לאַנג פאַרטעך מיט פיר שנירן פאַרבונדן אַרום האַלדז, אין וועלכן וועלוועלע האָט נאָר אַריינגעשיט דעם קויש צוגעגרייטע עפּל צו דער הייגטיקער שמחה.

ווי דער שטייגער, וועלכער האָט זיך שוין געפירט אין שטעטל פון דור־דורות, האָבן אַלע יידן, וואָס זענען געווען פאַכטער פון סעדער ביי די פּריצים אָדער ביי די פּויערים געגעבן אַ קויש עפּל דעם שטאָטישן שמש צו דעם יום־טוב פון „אין כאלהינו“.

יוחנן איז איצט געשטאַנען מיט זיינע צוויי אַ ביסל פאַרלאָפענע אויגן פון דער אויסגעטרונקענער משקה און געמאַכט מיט ביידע הענט עלעהיי אַ דיריגענט פון אַ קאַפּעליע. אַרום אים זענען געווען פאַרזאַמלט אַלע קינדער פון שטעטל און צום טאַקט פון זיינע הענט געזונגען די שטענדיק איבערחזרנדיקע זיך ווערטער:

„די ערשטע מעלה, די אַנדערע מעלה, אין כאלהינו,
ס'איז נישט דאָ אַזאַ גאָט ווי אונדזער גאָט, אין כאלהינו“...

דאָס קול האָט זיך געטראָגן ביז אונטערן בלויען הימל. די קינדער זענען שוין נעבעך הייזעריק פון דעם ליאַרמען — און יוחנן נישט מיד פון מאַכן מיט די הענט האַלט אין איין שרייען — העכער!... נאָך אַמאָל!... און דאָס קליינוואַרג האָט ווידער אָנגעהויבן פונדאָסניי, ביז יוחנן האָט באַוויליקט צו וואַרפן עטלעכע עפּלעך. ווי זיין געוווינהייט האָט ער קיינמאָל נישט געשליידערט די עפּל דאָרט, וווּ ער האָט זיך פאַרמאָסטן. דערפאַר האָבן די קינדער מיט זייערע שאַרפע אייגעלעך נאָכגעקוקט זיינע באַוועגונגען און מיט אַ גרויסן אויסגעשריי, ווי זעלנער בעת אַ שטורם, זיך געוואָרפן אין דער זייט, וווּ עס זענען געפאַלן די עפּל.

אַ ביסל פלינקערע, עלטערע האָבן געהאַט דאָס גליק די ערשטע צו פאַרזוכן דעם געשמאַק פון די יום־טובדיקע פּרות. אַלע איבעריקע האָבן דערווייל געקוקט מיט ניידישע אייגעלעך אָדער געבעטן — „יאָסעלע, לאָז מיך געבן אַ ביס... בערעלע, לאָז מיך געבן אַ ביס, איך וועל דיר שפּעטער אָפּגעבן“... און קינדער האָבן זיך געטיילט מיטן עפּעלע, איבער־לאָזנדיק דערפון בלויז דאָס שווענצעלע.

דאָס געזאַנג איז דערווייל אָנגעגאַנגען מיט נאָך מער התלהבות און אַרויסגערופן די נייגעריקע פון די שטיבער, נעבן וועלכע די חברה קינ־

דער איז פאַרבייגעצויגן. דאָס פאַרטעך איז דערווייל ליידיק געוואָרן פון די געשמאַקע פרוכטן, און יוחנן האָט זיך געלאָזט צו דער לאַנגער יידי־שער גאַס, ווו עס האָט געוווינט דער גרעסטער אויבס־הענדלער אין שטעטל — לייזער ביק...

די זון האָט געוואַרעמט און די מחנה ייִנגלעך און מיידעלעך מיט די שוואַרץ געלאַקטע קעפעלעך, צעבראַסטעט און פאַרשוויצט פון דעם גרויסן געיעג האָט אַרומגעשמייעט אַרום יוחנען ווי די בינען אַרום האָ־ניק, זייענדיק אויך די ערשטע ביי לייזערס הויז.

אויף דער שוועל איז שוין געשטאַנען זיין ווייב גיטל־בלומע מיט אַ גרויסן קויש רויטע עפּעלעך, וועלכע האָבן ממש געזאָגט דעם גומען און שטאַרק געלאָקט די קינדערישע אייגעלעך.

— אַ גוט יום־טוב, גיטל־בלומע! — האָט יוחנן הויך באַגריסט.

— אַ גוט יום־טוב! — האָבן נאָכגעזאָגט אַלע קינדער.

גיטל־בלומע האָט גענומען אַריינשיטן די עפּעלעך אין יוחנענס פאַר־טעך, פון וועלכן ער האָט ווייטער גענומען וואַרפן אויף לינקס און רעכטס.

אַזוי איז מען געגאַנגען מיטן געזאַנג פון „אין כאלהינו" איבער אַלע געסלעך פון שטעטל, פון איין פרוכטן־הענדלער צום צווייטן. דאָס יונג־וואַרג האָט זיך אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט אויבס, כדי צו געדענ־קען דעם יום־טוב פון מתן־תורה.

פון יעדן ווינקעלע האָט אַרויסגעשיינט די פרייד פון דעם יום־טוב. די געוועלבער און וואַרשטאַטן זענען געווען געשלאָסן, דאָס קלאַפּן פון האַמערס, שער און אייזן, דאָס שטעפּעריי פון ניי־מאַשינען, דער האַנדל — אַלץ, וואָס וואָכעדיק איז געווען ווי אָפּגעשטאָרבן. דאָ און דאָרט האָט מען געזען אַ לוסטיקע עדה יידן, וועלכע האָט זיך מיט אַ ניגונדל, נאָר וואָס אויפגעכאַפּט ביים צדיק אין בעלזער הויף, און מיט אַ טענ־צעלע געלאָזט פון איין באַלעבאָס, מיט וועלכן מען האָט צוזאַמען גע־דאַוונט אין שול, בית־המדרש צי אין קלויז, צו אַ צווייטן, ביי וועלכן עס האָבן שוין געוואַרט אויפן טיש די וואַרעמע וואַרעניקעס, געפילטע מיט קעשע און גריוון, אויך אַ פלעשעלע ספּירט, כדי זיך צו קאָנען ווינטשן לחיים... דאָס שטעטל איז געווען לייער מלוכה און קיינער איז זיי נישט אַנגעגאַנגען.

יוחנן שמש מיט דער פריילעכער באַליאַסטרע האָט זיך דערווייל דערנענטערט צום לעצטן פרוכטן־הענדלער פון שטעטל — צו ב'ישקע באַלאַבאַן פון די באַראַקן. בישקע איז אפילו נישט געווען קיין רייכער

סוחר און אַ קיישל עפּל האָט פאַר אים געהאַט אַ גרויסן ווערט, נאָר מען טאָר דאָך קיין ייד ניט פאַרשעמען... און בישקע באַלאַבאַן האָט אויך זיך געלאָזט קאָסטן...

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן, פאַררויטלענדיק פון מערב דעם הימל. ערשט דאַן האָט יוחנן דעם יום־טוב פון „אין כאלהינו" פאַר־ענדיקט לויט זיין שטייגער:

— אַ גוטן יום־טוב, קינדער, צום צווייטן שמחת־תורה!...

— אמן!... — האָט אָפּגעהילכט אין אַלע זייטן.

די צעשטראַלטע מחנה יונגוואַרג האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן. מע איז געגאַנגען אַהיים. אויך יוחנן שמש האָט זיך גענומען זיין וועג און אַ ביסל עפּלעך אין דעם פאַרטעך, פון וועלכע זיין ווייב חנה האָט געקאָכט פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינד טײַלעכע מאָל אַ צימעס צו באַשיי־נען דאָס עסן ביים שבתדיקן טיש.

## קאַפּיטל 7

# רבקהלע מיט די שוואַרצע צעפּ

ראובן אַשטשעווער, ווי מען האָט אים גערופֿן, איז נישט קיין פּראָסטער דאָרפֿס־ייִד געווען, וועלכן איר האָט געקענט אָפּנאַרן, אַז מען עסט בלינצעס אין יום־כּיפּור, ווען מען פֿאַלט כורעים. ראובן איז געווען בקי אין די קליינע אותיות, און אין ווינקל פֿון זיין אַלקער האָט איר געקענט טרעפֿן צוויי פּאָליצעס מיט מדרשים, גאַנץ תורה — נביאים — כתובים. ער האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא מיט תּוספות און מיט דעם ספר נחלי־ישראל האָט ער זיך קיינמאָל נישט געשייד.

מיט דעם קליינעם דאָרפֿישן געוועלבל האָט אָנגעפֿירט זיין ווייב פֿריידע און דערביי אויך זיך פֿאַרנומען מיט אויפֿציִען די דריי קינדער, ווי ראובן פֿלעגט זאָגן — „וואָס גאָט האָט אונדז צוגעשיקט"...

פֿאַר פֿריידען איז נישט געווען אַזוי לייכט די ראָל פֿון אַ מאַנס־פּאַרשוין. שטענדיק פֿאַריאָגט מיט דאגות פּרנסה, נישט האָבנדיק אַפֿילו ווען אַ ביסל וואַרעמס אָפּצוקאָכן. יעדע שטלעכע וואָכן געקומען קיין וואַריש, צו דעם הורט־סוחר, אשר מייזעלעס און איינגעקויפֿט אַ ביסל סחורה און נישט איינמאָל אויך עפּעס גענומען אויף באָרג. ראובן אָש־טשעווערס ווייב איז אַ מענטש, וועלכן מען קאָן שטלעכע זלאָטעס גע־טרויען... פֿאָרט די טאָכטער פֿון רב יאָסלען זכרונו־לברכה, דעם חסיד נאָך פֿון דעם אַלטן בעלזער צדיק. רב יאָסל האָט זיך ביים רבינס טיש געלאָזט קאָסטן.

פֿריידע אַליין איז בטבע אויך געווען זייער אַ גוטע. זי האָט נישט געקענט אַרויסנעמען ביי אַן אָרעמע פּויערטע פֿון דער האַנט דאָס ביסל נאַפּט אָדער הייזון, ווען זי האָט אַפֿילו געוווּסט, אַז דאָס געלט פֿאַר דער סחורה פֿונקט ווי דעם רוח וועט זי קיינמאָל שוין נישט זען. כּדי איינצוקויפֿן אַ ביסל ביליקער און אויך זיך איינצושפּאָרן אויף דער נסיעה, פֿלעגט זי זיך שלעפּן אַ ווייטן וועג אַזש ביז קרילעוו, הרוביעשוו

מיט אַ געוויינלעכן פויערישן וואָגן, אויף וועלכן זי פלעגט ביי אַ געלעגנהייט אַרויפכאַפן זיך. אַ באַלוינונג פאַר דעם פראָסטן דאָרפישן לעבן זענען געווען די יום־טובים, ווען זי פלעגט קומען אין שטעטל און האַוונען אין דעם ווייבערישן שולעכל צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע טעכטער.

אַזוי זענען פאַרפלאָסן אַ שיינע פאָר יאָר. ראובן איז געזעסן אין אַלקער און געלערנט, פריידע האָט געהאַנדלט, און די קינדער זענען פאַוואָליע געוואַקסן.

דאָס קליינוואַרג, נישט פילנדיק דעם מאַמנס אויג, בלויז די ווייכע האַנט פון דער מאַמען, אויפגעצויגן אין אַ דאָרפישער סביבה, האָט צוזאַמען מיט חברים און חברטעס גאַנצע טעג געגאָסן פון דער שיינקייט פון דער נאַטור, זיך געיאָגט איבער די פעלדער, טאָלן און בערגלעך נאָך די פאַשעטנדיקע זיך בהמות און שאָף. עס האָט געלאָקט די פייכקייט פון דער פרימאָרגנדיקער טוי, די שיינקייט פון דעם זון־אונטערגאַנג, ווען עס האָבן געקלונגען די גלעקלעך, אויפגעהאָנגענע אויף די העלדזלעך פון די שעפעלעך, אַהיימקערנדיקע פון די גרינע לאָנקעס.

די עלטסטע פון זיי, רבקהלע, איז קיינמאָל נישט אָפגעשטאַנען אין גייעג פון די פויערישע קינדער. פלינק ווי אַ וועווערקע האָט זי געקלעטערט אויף די העכסטע ביימער, געטויכט ווי אַ פיש אין טיפן וואַסער און געזעסן פאַרטראַכט ביי די ביינאַכטיקע פייערלעך אויף די דאָרנדיקע פעלדער, ווען אַ ווינטל האָט צעווייעט דעם רויך און איינגעהילט אין נעפל די פאַשעטנדיקע זיך פערד.

— אוי, רבקהלע, רבקהלע, פאַרגעס נישט, אַז דו ביסט אַ יידישע איר הנפהנען, מיט גליאיקע בליקן מעסטן אירע בליענדיקע ברוסטן אין ווי געטאָקטע באַרוועסע פיס.

רבקהלע האָט געוווסט זיך צו שעצן. איר עטפער איז געווען אַ הנעוודיקער שמייכל און אַ שעמעוודיקער אַראָפגעלאָזטער קאָפ, באַצירטער מיט צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפ און גרויסע, גרוי־בלויע אויגן.

עס איז געווען אַ שיינער אָסיענדיקער אָוונט; פריידע האָט פריער זיך פאַרטיק געמאַכט מיט דעם טעגלעכן פדיון פון געוועלבל, פאַרלייגט דעם קייטל ביי דער טיר פונעם קרעמל און זיך אַנידערגעלייגט אויפן געלעגער, געוואָלט אויסרוען אירע מידע גלידער. זי איז שוין לאַנג נאָך קריאת־שמע, די וויעס זענען שווער ווי בליי, זיי מאַכן זיך צו, אָבער זי קען נישט איינשלאָפן. דער אַלטער וואַנט־זייגער שלאָגט אויס יעדע האַלבע שעה, און זיין טיק־טאַק איז געגליכן צו איר האַרץ, וואָס קלאַפט

פאַר שרעק וועגן גורל פון איר עלטסטער טאָכטער. די ווייזערס דערנעענטערן זיך צו עלף, און רבקהלע איז נאָך נישטאָ...

אַרום איז שטיל. פרייִדע הערט זיך איין אין דעם מינדעסטן געריוש פון דעם ווינטל, אין דעם שאָרכן פון די אראָפּגעפאַלענע בלעטער, וואָס וואַלגערן זיך אַרום די ביימער. פון דערווייטנס דערטראָגט זיך אַ טעמפּער סקריפּ פון אַ פויערישן וואָגן, וואָס שלעפּט זיך אויף דעם שלעכט אויסברוקירטן וועג... מיטאמאָל דערהערן זיך טריט אויף דעם האָרפּישן שטעגל ביים פּלויטל, עס האָט אַ סקריפּע געטאָן דער ריגל פון דער פורטקע... זי הערט שטימען.. פרייִדע שטרענגט אָן איר געהער — יאָ, דאָס איז זי — רבקהלע...

עס דויערט נישט לאַנג, און זי עפנט די טיר. דער מאַטער שיין פון דעם קליינעם נאַפט־לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויף איר פאַרפלאַמט פּנימל און צוגעגעבן אַ מאָדנע חן... די מאַמע האָט זיך צעוויינט...

— וואָס איז געשען, מאַמע, וואָס וויינסטו?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויינען, אַז דו קומסט אַזוי שפּעט...

— איך האָב זיך פאַרהאַוועט ביי דער אַלטער קאָנדראַציקען, געמאָלקן די בהמות, כדי צו באַקומען אַ ביסל מילך פאַרן טאַטן, ער האָט ביינאַכט אַזוי שטאַרק געהוסט. זי האָט דערביי געווענדט איר בליק אויפן קריגל מילך, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

— און מיט וועמען האָסטו גערעדט ביי דער פורטקע? — האָט שוין פרייִדע אַ ביסל אַ באַרואיקטע געפרעגט.

— מיכאַל קאָנדראַציקי האָט מיך אָפּגעפירט אַהיים.

— איי, רבקהלע, פאַרגעס נישט, אַז דו ביסט אַ יידישע טאָכטער. דיין טאַטע ראובן זאָל געזונט זיין שטאַמט פון אַ גרויסן יחוס און דיין מאַמע איז אויך נישט פון די סאַמאַרגעס...

לאַנג איז רבקהלע געלעגן אויף איר געלעגער און געקלערט וועגן דעם, וואָס מיכאל האָט איר היינט געזאָגט ביים געזעגענען. די ווערטער קלינגען נאָך אין די אויערן — „מיין מאַמע ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב"... — און זי דערזעט מיכאלן אויף דעם זונטיקדיקן פּאַראַד פון די פייערלעשער. ער האָט מאַרשירט פון פאָרנט... אין זיין געפּאַסטן מונדיר מיט די זילבערנע קנעפּ האָט ער אויסגעזען ווי אַן אמתער אָפיציר... אַלע מיידלעך פון דאָרף האָבן אויף אים געקוקט, אָבער נאָכן פּאַראַד איז ער צו קיינעם פון זיי נישט צוגעגאַנגען, נאָר צו מיר... זיינע אויגן האָבן אַזוי

האַרציק געלאַכט... — זיין טאַטע האָט אים ביז אַוועקגערופן פון מיר... שפּעטער די אַוואַנטורע אין דער היים...

— גענוג, מאַך אַ סוף מיט דער יידישקע! — האָט געשריגן דער אַלטער קאָנדראַציקי — מיט וואָס וועט זי דיך האָדעווען? מיט מצות געבאַקן מיט בלוט פון קריסטלעכע קינדער?...

נאָר די מאַמע האָט זיך אָנגענומען פאַר מיכאַלן.

— דו רעדסט נאַרישקייטן, אַלטער — האָט געזאָגט די קאָנדראַציקע — מיט דעם בלוט אויף מצות האָט דער גלח אַליין געזאָגט, אַז דאָס איז נישט אמת. רבקהלע איז שוין ווי אַ אונדזעריקע. ווען איך האָב איר אָנגע-טאָן דאָס פאַרגילדעטע ציילעמל, וואָס איך האָב געקויפט אויף דעם יאַריד אין וואַריש, האָט זי עס נישט אַראָפּגענומען, ס'איז איר געפעלן און זי טראָגט עס פאַרבאָרגן, אַז די פרידעכע זאָל עס נישט באַמערקן... וואָס זשע ווילסטו נאָך, אַלטער?...

עס האָט שוין גענומען טאָגן, ווען רבקהלע איז איינגעשלאָפן — זי האָט זיך געזען אין קלויסטער ביי דער זייט פון מיכאַלן... זי איז אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד מיט אַ לאַנגן שלעפּ, אויף דעם קאָפּ אַ קרענצעלע פון מירט... עס שפּילט דער אָרגל... דער קלויסטער איז פול מיט מענטשן, צווישן זיי... דער טאַטע... ער וויינט...

— טאַטע!... טאַטע!... — האָט זי אַ געשריי געטאָן...

— וואָס איז געשען, טאָכטער מיינע?! — איז פריידע אַ דערשראָ-קענע צו צו איר בעט.

— גאָר-נישט מאַמע, גאָרנישט, אַ חלום...

— פטפו... פטפו... פטפו... — האָט פריידע אויסגעשפּיגן דריי מאָל — אַלע בייזע חלומות זאָלן אויסגיין צו די רשעים קעפּ. האָבט זיך, אַז די ביסט אַ ביסל פאַרקילט מיין קינד — זי האָט צוגעלייגט איר האַנט צו רבקהס נאַסן שטערן.

דעם טאָג איז רבקהלע נישט אויפגעשטאַנען פון בעט...

עס זענען פאַרביי טעג, וואָכן און חדשים, אין דאָרף האָט מען שוין אָפּ גענומען רעדן פון אַ חתונה צווישן מיכאַלן און רבקהלען. די קאָנ-דראַציקע האָט זי שוין אַנדעריש נישט גערופן ווי „ראָזאַליאַ“, אויף דער טאַטע נאָך דעם שמועס מיטן גלח האָט שוין נישט דערוווּנדערט.

ייִדן האָבן זיך גענומען שושקען, אַ ביסל זייטלען פון ראובנען און פריידען, פאַרוואָרט די קינדער איבערצוטרעטן זייער שוועל...

עס איז אַ שיינער זונטיקדיקער פרימאָרגן, דאָס דאָרף איז עפּעס ווי פריער וואַך געוואָרן. אין קלויסטער קלינגען אַלע גלעקער ווי צו דער פייערלעכער קריסטוס־נאַכט. דער הילכיקער קלאַנג זאָגט אָן אַ פריילעכע בשורה פון אַן אָפּגעראַטעוועטער ייִדישער נשמה, וואָס האָט זיך באַ־העפט צום קריסטלעכן גלויבן.

פון אַלע זייטן ציען מחנות פּויערים מיט די ווייבער און קינדער אין די שענסטע יום־טובדיקע מלבושים צום אַלטן דאָרפישן קלויסטער. דער טויער איז באַצירט מיט גרינע גרינע צווייגלעך און בלומען, אונטער אַלע בילדער ברענען גרויסע חלבענע ליכט. עס זענען אָראָפּגעקומען גלחים פון דער גאַנצער געגנט. ס׳איז אַ געדראַנג. אַלע זענען נייגעריק אַ קוק צו געבן, ווי וועט אויסזען דער טויף פון דער ייִדישקע...

ביי ראובנען אין שטוב איז הייגט פינצטער און אין יעדן ווינקעלע. ס׳איז מער ווי יום־כּפּור. אַלע שוען פאַסטן. זיצן אין די זאָקן. דער הויכער ברייט־ביינער ייִד מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד איז מיט אַמאָל גרוי און אַלט געוואָרן. פרידע ליגט אויף דער ליימענער ערד. אירע אויגן זענען שוין אויסגעטריקנט פון די טרערן...

— רבונו של עולם! — טענהט שטיל ראובן — דער הייליקער המב״ם איז אַן עדות, דו האָסט ערוב געווען, אַז אַלע, וואָס זענען באַר גע־בוירן פון זרע ישראל, וועלן זיך האַלטן ביי משהן און זיין תורה — זיי און זייערע קינדער און קינדס־קינדער... מיט וואָס, הייליקער טאַטע, האָב איך קעגן דיר געזינדיקט, וואָס דו האָסט מיך געשטעלט מחוץ לעדה פון דיין פאָלק ישראל?...

ראובן געבויגן אין צווייען, נידערט אַראָפּ צו זיין פוס = בענקעלע. מיט צוויי ציטערנדיקע הענט האַלט ער די קלאַפּע פון זיין ראָק צום שנייד קריעה... ער האָט זיך געזעצט שבעה.

די ידיעה פון רבקהלעס שמד האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט אין שטעטל. קיינער איז אים אָבער נישט געקומען טרייסטן...

איינמאָל אַ זונטיק איז רבקה־ראָזאַליע געקומען מיט איר מאַן מיכאל קאָנדראַצקי אין וואַרישער קלויסטער, קינד און קייט איז זיי געלאָפן זען.

פרומע ייִדן האָבן זיך געריסן באָרד און פאות, זיך געשראָקן פאַר די מעשומדישאַנעס, ווייל ייִדישע קינדער זענען נאָכגעלאָפן און גערופן: — משומדת, משומדת! — עלטערע ווײַבער האָבן אויסגעשפּיגן דריי מאָל און געזאָגט דעם שפּרוך פון שקץ תשקצנו...

ראובן און פריידע זענען דאָס יאָר צו ימי־נוראים אין שטעטל דאַ־וועגען ווי תמיד נישט געקומען... זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן די יידן אין די אויגן...

אינקורצן איז פריידע שווער קראַנק געוואָרן און אָן טרייסט אויסגע־הויכט די נשמה.

פון דער שטוב איז געוואָרן אַ חורבה. ראובן האָט צוזאַמען מיט די צוויי קלענערע קינדער פאַרלאָזט דאָס דאָרף. אַוועק ווייט פון שטעטל, ווו יידן האָבן נישט געוווסט פון זיין גרויסן אומגליק...

## קאַפּיטל 8

# דער גראַף סטאַניסלאַוו לאָמניצקי

דאָס קליינע גרענעץ-שטעטל וואַריש, וואָס לויט דער לעגענדע טראָגט עס דעם נאָמען פון דעם קעמפערישן שבט וואַריאַגן, האָט אויך געהאַט זיינע גראַפן און פריצים, ביי וועלכע יידן האָבן געאַרבעט פון דור-דורות און קיינמאָל קיין ברויט צו זעט נישט געהאַט. א יוצא מן הכלל זענען געווען די קרעטשמערס אין די אַרומיקע דערפער, ווו דער ייד איז געווען אַוועקגעשטעלט פונעם פריץ, ער זאָל אים פאַרקויפן דעם בראָנפן, און די שנאה פון דעם פויער זאָל פאַלן אויף דעם יידישן קאָפּ. גאָר אַנדערש האָט זיך אויפגעפירט איינער פון די לעצטע גראַפן סטאַניסלאַוו לאָמניצקי.

דער גראַף סטאַניסלאַוו לאָמניצקי האָט געהאַט א שוואַכקייט צו קינדער, באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט יידישע קינדער. ווען ער, דער דיקער מאַן מיט דעם שטענדיק גלאַט-ראַזירטן קאָפּ פלעגט זיך באַווייזן אין שטעטל, איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן מיט קינדער. פאַר דעם א ווערטל, פאַר יענעם א שמייכל, דעם א גלעט, יענעם א גוטמוטיקן צי ביים אויער. און גערעדט האָט ער צו זיי מיט זייער לשון, דאָס הייסט פשוט יידיש. איז נישט קיין וואונדער, וואָס אויך די קינדער האָבן אים זייער שטאַרק ליב געהאַט. אָבער מיט אומגעדולד פלעגן די קינדער וואַרטן אויף פרייטיק, ווען דער גראַף פלעגט זיך באַווייזן מיטן פעסעלע מינץ אויפן באַלקאָן פון זיין פּאַלאַץ.

אינמיטן שטעטל איז געשטאַנען מאַיעסטעטיש ווי א ראַט-הויז דעם גראַף לאָמניצקיס געמויערטער פּאַלאַץ מיט דעם בלעכענעם דאַך, וועלכער האָט אויסגעזען ווי א קרוין איבער די קליינע האַלב איינגעפאַלענע הילצערנע יידישע שטיבלעך, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. גראַף לאָמניצקי האָט אין דעם פּאַלאַץ נישט געוווינט, נאָר יעדן פרייטיק פלעגט

ער קומען אין אים, ארויפגיין אויפן באַלקאָן און אָנהייבן דעם יום־טוב פון די קינדער...

יידישע קרעמער פלעגן פרייטיק אינדערפרי ברענגען צום פריץ לאַמניצקי זייער גאַנץ מינץ, וואָס זיי האָבן געלייזט איבער דער וואָך, און עס אויסטוישן אויף גרעסערע מטבעות. די גראָשן, צווייער האָט ער זאָרגפעליק אריינגעשיט אין א קליין פעסעלע מיט בלישטשענדיקע דריי ארומגעפאסטע רייפלעך, וואָס האָבן עס באצירט.

קינדער פון גאנצן שטעטל האָבן זיך שוין גענומען זאמלען אונ־טערן באלקאָן. עס רוישט ווי אין א בינשטאָק. די פנימלעך צעשטראלט, די בליקן געווענדט צו דער טיר, וועלכע עפנט זיך צום באַלקאָן, דורך וועלכער א דינער פון גראף טראָגט ארויס דאָס פעסעלע מיט דעם אויפ־געזאמלטן געלט. עס ווערט מיטאמאָל שטיל, ווי אין א קלאס־ציל, ווען מען שטעלט איין די רעדער... עס באווייזט זיך דער גראף אליין.

— גאָט העלף, קינדער! — גאָט העלף, פריץ לאַמניצקי! — ענטפערט א כאָר פון הונדערטער גליקלעכע באשעפענישן, וואָס שלאָגט זיך אָפּ מיט א ווידערקול אין דעם נאָענטן סאָסנאָוון וואַלד.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פריידיקע צערעמאָניע. לאַמניצקי נעמט א פולע זשמעניע געלט און שיט עס איבער די אויסגעשטרעקטע קליינע הענטעלעך. פלינקערע כאַפּן שוין די מטבעות אין דער לופטן, דער רוב אָבער קלייבט פון דער ערד. דער גראף חזרט עס איבער עטלעכע מאָל, ער שיט אין אלע זייטן. דערנאָך הערט ער אויף און קוקט פון דער הייך צו אלץ גייט צו יושרדיק. צי א שטארקערער טוט נישט אוועקשטויסן אַ שוואַכערן, אָדער הלילה עמעצער פון די עלטערע, וועלכע שטייען אַרום אַלס נייגעריקע צושויער, מישן זיך דערביי נישט אַריין. ווען דער גראַף לאַמניצקי באמערקט עפעס אזוינס, וואָס אים שיינט עס צו זיין נישט גע־רעכט, שיקט ער פון דער ווייטנס זיין גוטמוטיקע יידישע קללה. „א רוח אין דיין טאטנס, טאטנס, טאטנס טאטן אריין"... אלע לאַכן.

דאָס קינדערישע פאַרגעניגן ציט זיך אזוי איבער צוויי ישעה. ביים גראַף גלאַנצן די אויגן פאַר נחת, פון דער קינדערישער פרייד.

דאָס פעסעלע איז שוין ליידיק. די שארפע קינדערישע אייגעלעך האָבן שוין אויפגעזוכט דעם לעצטן גראָשן, אָבער אלע שטייען נאָך און וואַרטן, ביז דער גראַף וועט זיך מיט זיי געזעגענען...

— א גוטן טאָג, קינדער! — הערט זיך זיין באסיקע שטים.

— אַ גוטן טאָג, פריץ לאַמניצקי!

איצט איז ערשט געוואָרן אַ רעש און טומל. דאָס קליינוואַרג האָט זיך גענומען צעשפּרייטן אין אַלע זייטן פון שטעטל און אויף זייערע קליי-נע דלאַניעלעך אָנגעהויבן ציילן די גראָשן. „וויפל האָסטו, שלמהלע?" „וויפל האָסטו חנהלע?"... יאָסעלע... אייזיקל... גיטעלע... האָט זיך גע-טראָגן ווי דער קלאַנג פון גלעקעלעך פון אַלע זייטן.

דאָס רוב איז געלאָפן צו די געוועלבער זיך קויפן צוקערלעך, אייערקיכעלעך, נים און אַנדערע גוטע זאַכן. אָבער אויך נישט איין יידישע מאַמע האָט נעבעך געוואַרט אויף די פּאָר גראָשן, וואָס דאָס קינד וועט איר ברענגען, כדי צו קענען פאַרענדיקן דעם שבת.

דער מנהג פון דעם גראַף לאָמניצקי האָט זיך אַזוי געצויגן לאַנגע יאָרן, ביז אַ שיינעם פרימאָרגן האָט אַ טרויעריקע ידיעה זיך פאַרשפּרייט אין שטעטל — „דער גראַף סטאַניסלאַוו לאָמניצקי האָט צו שלעכטע מענטשן פאַרשפּילט זיין פאַרמעגן"... ווייבער האָבן געוויינט מיט בי-טערע טרערן, געקלאָגט ווי אין שול תשעה-באב ביי איכה. אַ סך האָבן דאָס פּשוט נישט געקאָנט באַגרייפן מיט זייער פאַרשטאַנד. דער גראַף האָט פאַרלאָזט זיינע גיטער און אויף שטענדיק זיך איבערגעטראָגן אין זיין פּאַלאַץ אין שטעטל, אויף וועלכן ער האָט געלאָזט אויפשרייבן מיט גרויסע אותיות דעם שפּרוך: „היט מיך, גאָט, פאַר מיינע פריינד, פאַר מיינע שונאים וועל איך מיך אַליין אויסהיטן"...

לאָמניצקי האָט אָבער לאַנג נישט געקענט לעבן נישט צו העלפן מענטשן. האָט ער זיך גענומען צו עפּעס אַנדערש, צו מאַכן רפואות. אַמאָל האָט ער שטודירט פאַרמאַציע און צוליב געוויסע סיבות זיין שטודיע נישט פאַרענדיקט, אָדער ווי דער שטייגער ביי די רייכע לייט האָט דאָס פאַרמעגן אַוועקגענומען פון דער לערע. איצט האָט ער זיך דערמאַנט אין זיין נישט פאַרענדיקטן באַרוף.

אין וואַרשע איז נאָך אין דער צייט קיין דאָקטער נישט געווען. איבעריקנס, צו וואָס האָבן יידן באַדאַרפט אַ דאָקטער? מיינט נישט חלילה דערפאַר, וואָס יידן זענען געווען אַזעלכע גבורים און נישט גע-קרענקט — ניין... פּשוט די בעסטע רפואה פאַר אַ חולה איז געווען — אַ קאַפּיטל תהילים, אָפּשפּרעכן אַן עין-הרע, און אַנדערע סגולות. ביי אַ שווערערער קראַנקהייט — איז אַן עדה ווייבער מיט אַ געוויין געלאָפן צו די ספר-תורות אין קלויז אריין, אָדער מען האָט געצויגן פעדעם פון קראַנקנס בעט צום בית-הקברות, כדי אָפּצונאַרן דעם מלאך-המות, פאַר-פּלאָנטן אים דעם וועג... צום חולה.

ווען דאָס אליץ האָט לא־עלינו נישט געהאָלפן, דעמלט איז מען שוין געפאָרן... צום בעלזער צדיק... ער, דער הייליקער צדיק, זאָל מאריך ימים זיין, ווייסט דען נישט מער פון א דאָקטער?... א קורצער שמועס מיט רבונו־של־עולם, און ער זעט, וואָס ס'איז געהתמעט לחיים או למות און טאַקע ווער ווייסט נישט פון דעם, אַז די צדיקים פון שטאַם רוקח האָבן שוין נישט איינמאָל געפועלט ביי זיין ליבן נאָמען, דאָס ער האָט זיין גזר־דין מבטל געמאכט... אמת, ס'מאכט זיך, אז דער קראנקער שטארבט, מילא איז מען דאָך נאָר א געוויינלעכער בשר־ודם, מען לעבט דאָך נישט אייביק, אחוץ אלעמען ווער קען דען משער זיין גאָטס ווילן?...

גאָר עפּעס אנדערש דעם גראַפס רפואות. מען האָט נישט אזוי געגלייבט אין דער רפואה, ווי אינעם גראַף. עס זענען דאָך פאראן חסידי האומות... זענען יידן געלאָפן, ווער מיט א קרעצל, ווער מיט בלאָטער, מערידן און, ס'זאָל נישט געדאכט זיין, מיט א משערעק אויפן אונטער־חלק, וואָס האָט דערקוטשעט ביים לערנען. דאָ האָבן די זאַלבן פון לאָמניצקין פיל געהאָלפן, ווער שמועסט נאָר, אז דער פריץ האָט נישט געגומען קיין געלט, האָט זיך טאקע ביי אים נישט צוגעמאכט די טיר.

מיט דער צייט איז דער פאראָרעמטער גראף געוואָרן דער רופא פון שטעטל. ער האָט צוזאמענגעשטעלט א צעבראָכענעם פוס, אויסגע־צויגן אן אויסגעוועכטע האנט, זיך געפּאָרעט ביי יוסף־הערש דעם דאָרפסגייערס ווונד, וואָס באהניוקס הונט האָט אים צעביסן, און ווער געדענקט נישט דאָס אומגליק אין שטעטל, ווען אסתר בנימינס האָט געגעבן א געגעץ און נישט געקאָנט צומאכן דאָס מויל... דעמלט איז טאקע דער גראף לאָמניצקי געוואָרן באריממט. מיט איין פאטש אין פּנים איז דאָס מיידל געוואָרן צוריק געזונט. אייניקע האָבן אפילו בשתיקה אים חושד געווען, אז ער האָט צו טאָן מיט די „נישט־גוטע", נאָר ערלעכע יידן האָבן באלד דעם חשד צענישט געמאַכט. זינט דעמלט האָט מען אים טאַקע נישט אַנדערש גערופן ווי דער בעל־מופת פון וואריש.

אַזוי האָט דער גראַף לאָמניצקי אָפּגעלעבט אַ שיינע פּאָר יאָר. גערעדט יידיש נישט ערגער, ווי זיינע פּאַציענטן, און פון צייט צו צייט זיך באַנוצט מיט זיין „ברכה" נאָך פון די אַלטע צייטן „אַ רוח אין דיין טאַטנס, טאַטנס, טאַטנס, טאַטן אַריין". דאָס פלעגט געשען דעמלט,

זוען עמיץ איז צו אים געקומען מיט נישט קיין ריינע אויערן, מיט נישט קיין אויסגעצוואָגענעם קאָפּ האָר וצי שוואַרצע נעגל.

ווער ווייסט, ווי לאַנג אונדזער פאַראָרעמטער גראַף וואָלט נאָך אַזוי בשלום ושלווה געווען געלעבט, ווען נישט די בעלי־חובות, וועלכע האָבן אים געצוואונגען צו פאַרקויפן זיין לעצט געמויערט הויז מיט דעם באַלקאָן, פון וועלכן ער פלעגט שיטן מיט די גראָשנס פאַר די קינדער. דאָס האָט אים שוין אינגאַנצן צעבראָכן.

יידן האָבן אָבער זייער גראַף נישט פאַרלאָזט. דער לעדער־סוחר שאול ליפערמאַן האָט אים אָפּגעטראָטן אַ גרויס צימער אין זיין הויז, זוו ער האָט געקענט ווייטער פירן זיין האָקטעריי. אָבער ס'איז נישט געווען דער זעלבער מענטש.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג האָט מען די טיר, וואָס איז צו יעדער צייט געווען אָפן פאַר קראַנקע, געטראָפן פאַרמאַכט. יידן האָבן זיך גענומען זאַמלען אַרום הויז, מען האָט פאַרגעפילט נישט גוטס. ווען מען איז אַריין אין שטוב, האָט שוין דער גראַף סטאַניסלאַוו לאָמניצקי נישט געלעבט...

אַ טיפער טרויער האָט צוגעדעקט דאָס שטעטל.

אויף אַ לאַוועטע, געשפּאַנט אין זעקס פערד, וואָס עס האָט צו־געשיקט דער גוטסבאַזיצער פון לעשטשקווו, ראָמאַן זשוראַווסקי, האָט מען אַרויסגעפירט דעם מת. קיינד און קייט איז געקומען צו דער לויה. יידן אין לאַנגע שוואַרצע בעקעשעס, די גאַנצע קהלה קדושה מיטן רב בראש האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

## קאַפּיטל 9

# די שרפה אין שטעטל

עס איז געווען נאָך א וואַרעמען רעגן. אויף דעם הימל האָט זיך באוויזן אַ רעגנבויגן מיט זיינע זיבן קאָלירן, וואָס האָט אויסגעזען ווי א פּאַרביקער רינג וואָלט איינגעקלאַמערט דאָס קליינע גאַליצישע שטעטל — וואַריש.

וואַריש איז געווען פאַרשטעקט צווישן וועלדער און בערג.

פון מזרח האָט עס אַרומגערינגלט דער אַזוי גערופענער וואַרישער וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם בעלזער וועג. פון מערב — דער אָשטשעווער באַרג, וועלכער האָט געגרענעצט מיט דעם יידישן און קריסטלעכן בית=עולם. אויך פון דרום האָט עס געשיצט א געדיכטער וואַלד פון דינע לאָזשינעס. דער עיקר איז אָבער געווען די צפון=זייט. פון דאַנען האָט אפילו דאָס לייכסטע ווינטל געבראַנגט מיט זיך א פרישן זשיוויצע=זאַפּט פון דעם סאָסנאָוון וואַלד, וועלכער האָט אין דער ברייט און אין דער לענג זיך צעשפּרייט אויף די קאַרקעווער בערג.

דער קאַרקעווער וואַלד — אַזוי איז געווען זיין נאָמען שוין פון דור=דורות — זענען געווען די לונגען צום אָטעמען פאַרן קליינעם שטעטל.

אַהער פלעגט מען קומען צו פאָרן זומער אויף דאַטשע. שבת נאָכן עסן האָט יונג און אַלט באַדעקט דעם וועג צום קאַרקעווער וואַלד און שעהן=לאַנג גערוט אונטער די ביימער, וועלכע האָבן אַזוי ברייטהאַרציק געטיילט זייער זאַפטיקן ריח פון זשיוויצע אָן אונטערשיד, פאַר אָרעם און רייך.

דאָ אין די פאַרבאָרגענע טאָלן זענען פאָרגעקומען די ערשטע זיצונגען פון די קאָמוניסטישע קעמערלעך, צו וועלכע עס האָט געהערט די יוגנט פון דער יידישער גאַס. אין דעם וואַלד האָט אויך דער יונגער קלויז=בחור אייזיקל אין יאָרן ארום געהאַט זיינע טרעפונגען מיט דעם

פאַרשטייער פון די קאָמוניסטן פון דער פוילישער גאס אין ווארשע — בראַנעק וויטשיציקי.

אויך ציוניסטישע פארטייען, ווי מזרחי, התאחדות און גורדוניה האָבן נישט איין מאָל זיך צונויפגענומען דאָ אויף עפנטלעכע פארזאמ־לונגען.

דאָס שטעטל איז געווען אין פולן גאנג. בייטאָג און בייגאכט האָט גערוישט און געקאָכט. אלץ האָט זיך געגרייט צום גרויסן יום־טוב פסח...

איבער די גאסן זענען געלאָפן מיט פולע קוישן געבאַקענע מצות די שליחים פון שלמהלע גרינער און פון חנה־יענטע. די ווייבער האָבן אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס די בעטן, טישן, באַנקבעטלעך און אַנדערע שטוב־זאכן און מיט גרויס פלייס געוואשן יעדעס ווינקעלע, כדי ס׳זאָל חלילה נישט בלייבן קיין זכר פון חמץ ביי זיי אין הויז. אפילו רער בליג־דער בערעלע צביהס האָט היינט געהאט פולע הענט מיט ארבעט, א קליי־ניקייט — ביי דעם דאַרף מען איבערשטעלן אן אויוון, פאררייכטן א קיך, ביי אן אנדערן אויסקאלעכן די שטוב. און ווען ער פלעגט שפעט בייגאכט קומען אַהיים אַ מידער פון דער אַרבעט און צוזאַמען מיט זיין צביהן זיצן ביי דעם טישל, וואָס איז געשטאַנען אויף דריי פיסלעך אָנגעשפאַרט ביי דער וואנט, און עסן וועטשערע — פלעגט ער א בליק געבן אויף די צוויי שוין שלאָפנדיקע קינדער און זאָגן מיט א זיפץ: — אוי, צביה, צביהי! ווען דער אייבערשטער וואָלט אזא פסח געמאכט כאָטש אלע טעלעכע וואָכן, וואָלט דאָך אונדזער הערשעלע און פייגעלע נישט געדארפט גיין שלאָפן אָן וועטשערע... צביה האָט נאָר טרויעריק צוגעשאָקלט מיט איר גרויסן קאָפּ..

בערעלע האָט געענדיקט זיין עסן און שנעל זיך געלייגט שלאָפן.

אלץ ארום האָט זיך געיאָגט, יעדער האָט ערגעץ געאיילט, אפילו לאהטשעלע די וואסער־טרעגערין האָט היינט געמאַכט אַ דערפינדונג, טראָגנדיק צו דריי קאנען וואסער אויף איין מאָל — צוויי אויף די היל־צערנע קראמעסלעך און איינע אין דער האנט.

פאַר אַלע בעלי־מלאכות איז היינט געווען שניט־צייט. ווער שמועסט ביי די שניידערס. צי איז דען געווען א יידיש קינד, וואָס זאָל נישט זוכן די ווייסע פינטעלעך אויף די נעגל? — און וויפל פינטעלעך, אזויפיל, זאכן האָט מען דאָך געמוזט באנייען אויף פסח...

און טאקע דערפאַר איז מעכל שניידער געזעסן מיט זיין געזעלן שמואליק ביז שפעט אין דער נאכט און געגייט און געפרעסט, ווי דער מנהג ערב פסח, ביז אינדערפרי.

— עס איז נאָך דאָ דריי גרויסע אַנצײַגער אויסצופּרעסן, פיר פּאָר קינ־דערישע הייזלעך אויסצוענדיקן, און צוויי זיידענע בעקעשעס די קעלנער מיט די אַרבל אַריינצושטעלן — האָט געזאָגט מעכל צו זיין ווייב ליבע — דערפאַר בעט איך דיך זאָלסט נישט פאַרגעסן עפּעס צוצוגרייטן אויף ביינאַכט, צו דערכאַפּן דאָס האַרץ.

און ליבע חנה יענטעס, ווי מען האָט זי גערופן, האָט טאַקע גע־זאָרגט פאַר דעם. אויף אַ בריהשן אופן אָנגעשניטן ברויט, באַשמירט מיט פּוטער, אָפּגעקאָכט קאַווע מיט מילך און זי געלאָזט אויף דער קיך, זי זאָל זיין וואַרעם און אַליין זיך אויך געזעצט העלפן איר מאַן אַרויסציען די פּאַסטריגעס פון די שוין אויסגעפּאַרטיקטע בגדים.

מען איז טאַקע געזעסן אָן איבעררייס ביז איינדערפרי און געאַרבעט ביים ליכט פון צוויי נאַפט־לאָמפּן, פון וועלכע איינער איז געהאָנגען אין מיטן שטוב און דער צווייטער איז געשטאַנען אויפן טיש אויף אַן אי־בערגעקערטן טאָפּ. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך ווייט געהערט דאָס טאַקן פון דער מאַשין — טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַ, טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַ — און זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווידערקול אין דער שטילער נאַכט...

אויך נחום וויץ, דער דעמלטיקער פּרעזעס פון די פלאַגערס און זיין פאַרטרעטער יצחק אונגער זענען אויך נישט געשלאָפן. זיי האָבן באַפוילן, אַז אַלע פלאַגערס פון דעם יאָר מוזן די נאַכט זיין אויף דעם פּלאַץ. עס איז דאָך ערב פּסח. ערשטנס, מוז מען איבערטראָגן דאָס איבערגעבליבע־נע האָלץ פון די קעלערס ביי די גבירים צו די אָרעמע לייט, צווייטנס, מוז דאָך, ווי עס פירט זיך פון קדמונים, אויפגעשטעלט ווערן דער טו־רעם... — דאָס יאָר — האָט געזאָגט איציק צו נחומען — מוז זיין אַ טורעם, וואָס וואַריש האָט נאָך אַזעלכן נישט געזען... — און ס'איז טאַקע דאָ פון וואָס אַזאַ טורעם צו מאַכן, אַ קליינקייט, אַזויפיל טישן, בעטן, שאַפעס, פּעסער און נאָך אַנדערע שטוב־זאַכן, וואָס מען האָט אַרויסגע־שטעלט צום וואַשן אויף דער גאַס פאַר פּסח...

ביי די פלאַגערס איז געווען געזאָגט און געטאָן — און דאָס שטעטל איז אין דער פרי געלאָפן קוקן אויף דעם הויכן טורעם, וואָס מען האָט ביינאַכט אויפגעשטעלט אין מיטן מאַרק.

— ווי איז מיר, מיינע בעטן! — האָט זיך געקניפּט אין די באַקן פייגע־לאה די געטשעבע. — און מיין טיש מיטן פעסל פון באַרשט זענען אויף דעם סאַמע שפּיץ — האָט געוויזן גאָלדע בינעס. — ווי אַזוי וועט מען זיי אַראָפּנעמען?...

— איך זאָג אייך, יידן, דער אמתער טורעם פון בבל — האָט אים באוואונדערט יידל פסחס — אזוי ווי די גרעסטע „דזשיגזשיניערן”, און געהאלטן אין איין שאָקלען מיטן קאָפּ.

עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז די, וואָס האָבן נישט געגעבן אויף בראָנפן פאר די פלאָגערס, וויפל עס איז פאר זיי געוואָרן באשטימט — מוז אָפּגעטאָן ווערן א שפּיצל — ווי אָפּקאלעכן די שויבן פון די פענצטער, ארויפשטעלן אויפן דאך פון הויז א וואָגן, פארשטעלן דעם קוי־מען מיט א שויב, כדי דער רויך זאָל צוריק אין שטוב אריין ביים הייצן און נאָך ענלעכע זאכן.

נאָך יעדער שטיקל ארבעט איז מען צוריקגעגאנגען אין קלויז אין געכומען צו קאפּיטשקעלעך בראָנפן. דאָ זענען אויך געמאכט געוואָרן די פּראָבעס, ווי אַזוי און וועמען די נאַכט צו שטעלן אַ חופּה אָדער אַ לויה, צי גאָר א ברית. אויף אזעלכע זאכן האָט שוין געוואָרט האָס גאנצע שטעטל. דאָס איז ביי די מענטשן געווען די אמתע פארווייליגנג, קיינער האָט זיך צוליב דעם נישט באַלייריקט, אפילו ווען מען האָט פון אים אליין חוזק געמאכט און אים אויפגעוועקט אין מיטן דער נאכט.

נישט איינמאָל האָט זיך אזוי זים געדרימלט אין אַ שטילער נאכט, הערנדיק די מעלאָדיע פון דעם טרויעריקן פּאָלקס־ליד, געזונגען פון עט־לעכע צעגדליק מענלעכע שטימען, וואָס האָט זיך מיט זיין ווידערקול אָפּגערופן אין די ארומיקע וועלדער:

מיין מאמע האָט מיר דערציילט, אז אמאָל
געווען איז א הייזל פארוואָרפן אין טאָל,
אַרום הייזל אַ גערטנדל, די בלומען האָבן געבליט,
און געוווינט האָט דאָרטן אַן ערלעכער ייד...

האָם ליך פלעגט פיל מאָל ווערן אונטערגעכאפּט פון די שטייענדיקע ביים פענצטער מיידלעך און יינגלעך, וועלכע האָבן זיך איינגעהערט אין דעם געזאנג פון די פלאָגער...

עס איז געווען א שיינער ערב פסח, וואָס א סך אלטע לייט האָבן שוין לאנג נישט געדענקט. די זון האָט מיט רחבות געוואָרפן די ליבע ווארעמ־קייט, ווי זי וואָלט אזוי ארום וועלן איבערבעטן די ארעמעלייט פון דעם שטעטל פאר דעם שטארקן פראָסטיקן ווינטער, וועלכער האָט זייערע גע־מיטער אזוי צעבראָכן. ערשטערווייז האָבן זיך שוין באוויזן גרעזעלעך, די ערשטע שליחים פון דעם פרילינג. אויף די צווייגן פון די ביימער האָבן זיך געשפּיצט קליינע פענטשיקלעך, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט דאָס באלדי־

קע באוויזן זיך פון בליטן, די לאָנקעס, די פעלדער האָבן זיך באדעקט מיט גרינע טישטעכער. די צווייגן פון די אַרומיקע ווערבעס האָבן זיך לייכט געוויגט, געגלעט פון דעם וואַרעמען ווינטל.

דער פרילינג איז געקומען מיט זיין גאנצער פראכט און שיינקייט... אפילו די אייביקע בלאָטע, וועלכע האָט געהאט איר שטענדיקע קוואַר־טיר צווישן אסתר גיטשעס און נחמיה שיפמילערס הייזער, האָט דאָס יאָר אונטערגעטריקנט און דערלויבט אויף צוויי סטעזשקעס, דורך וועלכע מען האָט געקאָנט דורכגיין.

צו אַ סך וואַרישער זענען אויך געקומען געסט פון אַנדערע שטעט אויף יום־טוב. קינדער צו עלטערן, חתנים צו כלות. זייער אָפט האָט זיך געהערט א גערויש פון רעדער אויפן מאַרק, דער ט.פּ.ר.ר.ר... האו.... פון שלמה־וואָלפן איז שוין געווען יעדן גוט באקאנט, ער איז געווען געמאכט לויט זיין שטימונג און לויט די געסט, וואָס ער האָט געברענגט צופירן. דאָס מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן ישראל־יצחק הירשטריט — דעם יידישן מעטריקאל־פירער פון דעם שטעטל. צו אים איז געקומען אויף פסח זיין עלטסטע טאָכטער פון לעמבערג מיט איר זון דעם סטודענט, וואָס האָט געטראָגן אַ פירקאַנטיק היטל מיט אַ זילבערן פּאַסיקל, און אַלע יינגלעך האָבן אים דערפאר מקנא געווען...

מיידלעך זענען געלאָפן מיט זייערע קליידלעך אויף די הענט, וועלכע זיי האָבן נאָרוואָס אָפּגענומען ביים שניידער. חסידים מיט פעקלעך שמירה־מצות. יצחק אנטשעלס איז דערווייל געלאָפן כאפּן א מצוה, אליין געגאנגען טובלען די נייע כוסות אין דעם קאלטן קוועלכל ביי דער מיל, טראָגנדיק זיי פארוויקלט אין א נייער ווייסער פאטשיילע.

קליין און גרויס האָט געדאנקט זיין ליבן נאָמען פאר דעם גרויסן חסד, וואָס ער טוט פאר זיין פאָלק ישראל און גיט זיי אזא שיינעם ערב יום־טוב, און קיינער האָט אפילו נישט פאָרגעפילט, וואָס פאר אן אומ־גליק עס וועט געשען...

עס איז פרייטיק־צונאכטס, לייבוש ישראלס זיצט זיך ווי א מלך ביים טיש מיט זיינע צוויי זין אייזיקל און ישראל און זינגען א הויכן כל מקדש. אויף דעם טיש שטייען די צוויי זילבערנע לייכטער, אין וועלכע עס ברענען די חלבנע ליכט. שיינדעלע שוין אָנגעטאָן שבתדיק דערלאנגט צום טיש דאָס עסן און זעצט זיך אויך אין דער זייט פון איר מאן מיט איר דריט יינגעלע גרשונדל אויף די הענט, כדי ער זאָל אויך קאָנען עפּעס געניסן פון די שבתדיקע מאכלים.

— ווי קלערסטו, שיינדל — רופט זיך אָן לייבוש — צי וואָלט נישט צייט געווען אייזיקלען אָפּצוגעבן צו אַ גרעסערן מלמד? צום ביי־שפּיל צו ר׳ הערש חיים־באַלעס. אייזיקל איז שוין, קיין עין־הרע, אַלט צען יאָר, און אַ גוטער גמרה־מלמד איז טאַקע רב הערש, פון אים וועט ער אַרויסגיין אַ לייט...

אייזיקל האָט בלויז אויפגעהויבן זיינע אויגן און אַ טרויעריקן בליק געוואָרפן אויף דער מאַמען, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „ווי לאַנג וועל איך זיך נאָך אַזוי מוטשען?...“

— אַז דו ווילסט, ער זאָל ווערן אַ רב, טאָ גיב אים ווו דו פאַר־שטייסט — האָט שאַרף געענטפערט שיינדל, אַ ביסל אַ פאַרברוגזטע.

— אָבער שיינדל — איז גלייך אַריין אין די ווערטער לייבוש.

— יאָ, לייבוש, איך ווייס וואָס דו מיינסט, נאָר איך גלייב, אַז דאָס מעג ער — וויינענדיק אויף אייזיקלען — אויך הערן. צי איז פאַר דיר נישט ווינציק אַזאַ לאַנגער ווינטער ביי יונהלע מלמד? מיט דעם חלבנעם ליכטל ביי דער גמרא ביז שפּעט אין דער נאַכט?...

מיט אומגעדולד האָבן געבעך געוואַרט די קינדער אויף פּסח, עס זאָל זיך שוין אויפהערן כּאָטש דאָס ביינאַכטיקע לערנען. ווי די פייגע־לעך פון אַ שטייג זענען זיי אַרויס דעם לעצטן אָוונט פון דעם חדר, מיט זייערע שיינע, קאָלירטע לאַמטערנס, ווי די האַרמאָניעס, און נישט גע־וואָלעוועט זיי אונטערצוציענדן פאַר פרייד אַלס צייכן, אַז זייער טאָפּ־טשען ביינאַכט האָט זיך שוין געענדיקט און מען וועט זיין אַ ביסעלע פרייער.

— איך מיין — האָט שיינדל ווייטער געזאָגט — ער זאָל דאָס יאָר ענדיקן די פערטע קלאַס, מען זאָל בעסער אים אָנהייבן לערנען אַ פרעמדע שפּראַך...

— און די גמרא ווען?

— די גמרא קאָן זיין אַ ביסל שפּעטער, ער וועט דאָס נישט פאַר־זוימען.

דער שמועס האָט נאָך לאַנג געדויערט... די ליכט האָבן שוין אָנגע־האָבן צאַנקען, און דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט זיך געגרייט צום שלאָפן... אין דרויסן האָבן זיך נאָך געהערט פון צייט צו צייט שטימען פון די שפּאַצירער, וועלכע האָבן שוין אויך געאיילט צו זייערע הײמען...

— וואָס האָסטו געטאָן? — האָט לייבוש פּלוצעם אַ שטאַרק אויפ־געציטערטער געפרעגט.

— גאָרנישט האָט שיינדל רואיק געענטפערט.

— וואָס הייסט גאָרנישט? איך האָב דאָך געזען ווי דו האָסט פאַר־לאָשן דאָס ליכט.

— אז דו האָסט געזען ווייסטו דאָך. עס האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו קאָפּטשען, וואָזשע טויג דער רויך אין שטוב...

— שיינדל, שיינדל, דו וועסט זיך פאַרזינדיקן ביי גאָט, וואָס דו היטסט נישט אָפּ קיין שבת. ווער ווייסט וואָס פאַר אַן אומגליק דו קאָנסט נאָך ברענגען דערמיט אויף דעם גאַנצן הויז. נישט גענוג וואָס דו ביסט די איינציקע אין שטעטל מיט די אייגענע האָר, ביסטו נאָך מחלל שבת אויך...

די נאַכט האָט לייבוש לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן. דער שמועס וועגן אייזיקלען און דער פאַל מיט דעם פאַרלאָשענעם בענטש־ליכט האָבן אים נישט געגעבן קיין רו...

לייבוש איז טאַקע געווען אַן אויפגעקלערטער מענטש, אַ ביסל צו־געשוירן די באָרד, געטראָגן קורצע מלבושים אין דער וואָכן — אָבער אין גאָט שטאַרק געגלייבט. אַלע יידישע דינים און מנהגים זייער אָפּגעהיט... „אזוי ווייט, ווי מיין שיינדל דערלויבט זיך — האָט ער צו זיך אַליין גע־זאָגט — איז דאָך שוין עק וועלט... נישט גלייבן אין גאָט!... און דאָס אומגליק איז נאָך גרעסער, וואָס זי האָט אַן איינפלוס אויפן קינד, ער איז צו איר מער צוגעבונדן ווי צו מיר... אירע אויפקלערונגען, וואָס זי גיט אים וועגן באַשאַפן די וועלט, וועגן אַנטשטיין פון מענטשן, זי לייקנט דאָך אין ששת ימי בראשית. צום אומגליק קען זי נאָך חומש אויך און באַנוצט זיך מיט לשון־קודש־ווערטער“...

ער איז אזוי געלעגן און געקלערט איבער דעם אַלעם און ביי קיין אופן נישט געקאָנט קיין אויג צומאַכן. פּלוצלונג האָט אים אַ יאָמערלעך רופן ארויסגעשלאָגן פון זיינע געדאַנקען. לייבוש האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, כדי זיך בעסער איינצוהערן אין דעם געשריי, וואָס איז געוואָרן דייטלעכער...

— גע־וואַ־לד! סע־ברענט! סע־ברענט!...

יאָ, ער הערט גענוי. דאָס איז דאָס געשריי פון די נאַכט־וועכטער, מאיר און שלמה — די צוויי יאַמניקעס — ווי מען האָט זיי גערופן אין שטעטל...

לייבוש האָט זיך אָנגעהויבן שנעל אָנטאָן.

— שיינדל, שיינדל — האָט ער שטיל אויפגעוועקט זיין ווייב — טו אָן די קינדער און וואַרט אויף מיר. איך וועל ארויסלויפן און געוווירן, ווו עס ברענט און גלייך צוריקקומען.

אין דרויסן איז שוין געווען א געיעג, א טומל. „ווו ברענט? ווו ברענט?" — האָט זיך געהערט פון אלע זייטן. אָבער קיינער האָט דערויף נישט געגעבן קיין ענטפער.

— מען דארף שנעל לויפן צו דער „דזוואָנניצע" און קלינגען מיט די גלאָקן — האָט געשריגן שלמה בעריש לם צו יאָסל איטשע פעשעס.

— נו, גיי קלינג אליין! — האָט זיך יאָסל געבייזערט — וואָזשע, איך בין א שמש אין קלויסטער!

מאָטיע ניבעס, דער מוהל פון דעם שטעטל, א ייד א הויכער מיט א ברייטער לאנגער באָרד, וועלכע האָט אין איר לעבן קיין קעמל נישט געזען, איז פאַוואָליע ארויסגעקומען פון זיין שטוב, אָן דעם ראָק, בלויז אין לייבצודעקל, די ציצית פון די ארבע כנפות האָבן זיך געפלאָנטערט צווישן די פיס. ער האָט געגעבן א גרויסן געגעץ און סתם אין דער וועלט אריין געפרעגט — ווו ב־ר־ע־נ־ט?...

— מ'זאָגט, אז ביי יוחנן לאבאן — האָט געענטפערט זיין שכן רב חיים ראווער, וועלכער איז שוין געשטאנען און געהיט דאָס בעטגעוואנט און א טייל פון דעם געפעס, וואָס זיין ווייב מיט די צוויי טעכטער האָבן געהאלטן אין איין ארויסטראָגן פון דער שטוב.

— לאַנע, לאַנע! — האָט מאָטיע שוין הויך אויף א קול געורופן זיין יינגערע טאָכטער — וועק אויף די מאמען און הייבט אָן צו פאקן, עס ברענט ביי יוחנן לאַבאַן.

— אַ קלאָג איז צו מיר, א ווייטיק צו מיר, ביי יוחנן לאבאן! — האָט שוין זיך געהערט דאָס קול פון זיין ווייב — אום סאמע ערב פסח... רבונו־של־עולם! — האָט זיך אָנגעהויבן א כאָר פון ווייבערישע שטימען און געוויינען פון אלע זייטן...

דאָס פייער האָט געטראָפן אויף א גוטער צייט פאר זיך. די ווארעמע זון האָט אויסגעטריקנט דעם שינדל־דאך פון יוחנן לאבאנס הויז. די פייער־צונגען האָבן שנעל ארומגעכאפט דעם גאנצן בנין. א ווינטל פון מזרח האָט אָנגעהויבן בלאָזן און בליץ־שנעל אריבערגעטראָגן דעם פלאַם אויף מרדכי אונגערס דאך, וועלכער האָט זיך גלייך צעפלאקערט. און ס'האָט נישט לאנג געדויערט ווי די פייערדיקע צונגען האָבן ארומגענומען אלע שכנותדיקע שטיבלעך. ארום האָבן זיך געהערט שרעקלעכע געוויינען

און ליארמען, און לעשן דאָס גרויסע פייער איז נישט געווען וועמען אין מיט וואָס... די צוויי יאַמניקעס זענען געלאָפן ווי די פאַרסמטע מיין אי־בער די געסלעך פון שטעטל און געשריגן: „ס'ברענט!"; כדי יעדער זאָל קאָנען עדות זאָגן, אז זיי האָבן זייערס געטאָן אלס נאכט־וועכטער.

עס האָט זיך שוין אויך געהערט דער געקלאנג פון דעם קלויסטער־גלאָק, וועלכער האָט מיט זיינע גראָבע טענער אָנגעזאָגט דעם אומגליק. דער גלאָק האָט געהילכט מיט אימה, די נאכט האָט נאָך שטארקער צע־טראָגן דעם קלאנג און געוואָרפן א גרויסע שרעק אויף די שוואכע און אָרעמע מענטשן פון דעם גאַליצישן שטעטל.

קליין און גרויס האָט געהאַלטן אין איין פּאַקן, און דאָס שטעטל האָט דערוויַיל געברענט..

עס איז שוין צוויי אזייגער ביינאכט. א האַלבע מארק־גאַס ליגט שוין אין אַש. עס ברענט שוין נחמיה שיפמילערס הויז — דער שטרויע־נער דאַך האָט געוואָרפן פייערדיקע סנאָפּעס איבער דעם גאַנצן שטעטל. עס איז ליכטיק ווי אין מיטן העלן טאָג. דאָס פייער קנאַקט, פונקען פליען ווי צעגליטע בינען און טראָגן זיך ממש ביז אונטערן הימל...

— געוואַלד, יידן, לויפט זאָגן תהילים! — האָט מיט אַ יאָמערלעך קול גערופן די באָבע זיסל.

— מיין לעצט ביסל אָרעמקייט! — האָט געבראָכן די הענט אסתר גיטשע, שטייענדיק איבער אַ קליין פּעקעלע לעבן איר אָפּגעברענט שטיבל.

די בעלי־מלאכות האָבן יאָ עפּעס געטאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו זאַמ־לען קאַנען, אויסגעשטעלט צוויי רייען פון יונגע מענטשן, פון יוחנן לאבאנס ברונעם ביז צו דעם ברענענדיקן הויז פון חנה־טעלען, וואָס האָט גע־האנדלט מיט טעפּלעך... עס זענען אויך געקומען צו לויפן די מיעשטשאַ־נעס. איין ריי האָט דערלאנגט די קאַנען מיט וואסער צום פייער און מיט דער צווייטער ריי זענען צוריקגעגאנגען די ליידיקע צום ברונעם. די קאָ־מאנדע האָט איבערגענומען אייזיקלס פעטער, הערש סימעס. ער אליין האָט דער ערשטער אָנגעהויבן צו פּאָמפּען און דערנאָך באשטימט צו צוויי מענער אויף צו בייטן זיך, כדי דאָס פּאָמפּען זאָל זיך נישט אָפּשטעלן אויף א רגע.

ליידער האָט דאָס לעשן נישט לאנג געדויערט. פון דעם ברונעם האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעריסן דער צוואָרען, און דער גאנצער טלאָק איז אַריינגעפאַלן. פונעם לעשן איז גאָרנישט געוואָרן...

דאָס פייער האָט זיך דערווייל ברייטער צעגאָסן. מענטשן זענען איצט געלאָפן מיט די קאַנען צום וואַרישער טייכל, און וועלכן ס'איז דעמלט געווען מער בלאָטע ווי וואַסער.

יעדער האָט געפּרוּווט ראַטעווען זיין הייזל, ווי ער האָט געקאָנט. אייניקע זענען ארויף מיט לייטערס אויף די הייזער, מיט נאַסע ליילעכער באַדעקט די דעכער, געזעסן מיט פולע קאַנען וואַסער, וואַרטנדיק ביז דאָס פייער וועט זיך דערנענטערן. אַנדערע ווידער זענען ארומגעלאָפן מיט טעפּ וואַסער און צוזאַמען מיט דעם גאַנצן הויזגעזינד באַגאָסן די ווענט פון דער שטוב, וועלכע זענען געווען שטאַרק אויסגעטריקנט פון דעם פייער.

נאָר רב חיים ראַווער איז געשטאַנען און זיך געשאָקלט לעבן זיין שטיבל, וואָס איז נאָר על-פּי-נס נאָך געשטאַנען צווישן די צעגליטע הייזער און נישט געברענט. קיין קראַפט האָט אים פון דאַנען נישט געקאָנט אָוועקרייסן. זיינע ליפּן האָבן שטיל עפּעס געמורמלט... און ווען די פייער-צונגען האָבן ארומגענומען דעם דאַך, האָט ער מיט ביידע הענט דורך דער יאַרמלקע זיך א קראַץ געגעבן און אויסגעשריגן: „גאָטעניו, גאָטעניו, כ'האָב געוווּסט ס'וועט אַזוי זיין“ — און רואיק זיך אָוועקגעגאַנגען אין קלויז אריין זאָגן תהילים...

אייניקע האָבן אָנגעהויבן אריבערטראָגן זייערע פּעקלעך איבער דער אַנדערער זייט וואַסער. אין דער שפּיץ איז געלאָפן די פרומע ריוועטשע הערש בעקערס, וועלכן מען האָט אין שטאָט גערופן „זאַבילעניק“.

— ווייבער, גיכער! ווייבער, גיכער! — האָט זי געהאַלטן אין איין שרייען — עס איז א סגולה צו טראָגן פון א פייער איבערן וואַסער — באַגיסנדיק זיך דערביי מיט ביטערע טרערן.

נישט ווייט איז געשטאַנען חיה-שרה דעם טויבן איטשעס מיט א גראָבן קרבן-מנחה-סידור אין דער האַנט און מיט אַ יאָמערלעך קול געזאָגט עפּעס א תפילה. אין דער זייט איז געשטאַנען איר מאַן איטשע, אָנגעטאָן אין דער זיידערנער בעקעשע, מיט דעם גראָבן גאַרטל, אויך זייערע ביידע טעכטער, און יעדעם מאָל האָט אַן אַנדערער ארויסגעלאָזט א ווילד געברום.

— זאָג, איטשעניו, זאָג! האָט חיה-שרה אים יעדעם מאָל געשטאָכעט אין דער זייט, ווען ער איז נאָר א ביסל שטילער געוואָרן.

אָבער צום אמתן גרויסן ליאַרעם איז געקומען דאַן, ווען עס האָט אָנגעהויבן ברענען יויזעף דעם זאַלץ-הענדלערס הויז... א קליינקייט,

ס'איז דאָך לעבן קלויסטער... און גוטע יידן זאָגן, אז א קלויסטער ברענט איז שוין דאָס שרעקלעכסטע, ווייל דעמלט גייען ארויס די נישט־גוטע, אלע טמאות, און פון דעם שטעטל בלייבט נישט קיין שריד ופליט...

ערשט איצט האָט חיה־שרה מיט איר הויזגעזינד אָנגעהויבן דאָס אמתע געוויין. מיט ביידע הענט האָט זי אויפגעהויבן דעם גראָבן סידור צום הימל און מיט נישט קיין מענטשלעך קול געשריגן: — רבונו של עו־לם! גיב — אראָפּ — דיין — הייליקן — שפּריצער!... — און דער כאָר האָט איר אונטערגעהאלטן וואָרט ביי וואָרט...

און דאָס שטעטל האָט דערווייל געברענט...

— דאבעלע קרוין! — האָט הערש ליפּעלעס גערופן צו זיין אייניקל — לויף געשווינד מיט דער באָבען און טראָג אריבער דאָס בעטגעוואנט צום פּאריקן פון דעם קלויסטער, דאָרט שטייט שוין קאשטש דעליק דער האָלץ־העקער, מיט די איבעריקע זאַכן, נאָר איר זאָלט חלילה אינעווייניק נישט אריינגיין, ווייל עס קאָן נאָך אויפגעברויזט ווערן גאָטס צארן, און דאָס פייער זאָל זיך נאָך מער צעפלאקערן.

פרומע יידן האָבן געראַטן, מען זאָל ארויסטראָגן די ספר־תורות פון די בתי־מדרשים, אַז דער אייבערשטער זאָל טאַקע זען, יידן פאַרגעסן נישט אין די הייליקייטן אפילו אין אַזאַ עת־צרה, און דערמיט וועט מען טאַקע פארמינדערן זיין צאָרן.

און ארום האָט דערווייל אלץ געברענט...

ביז אין דער פרי איז אראָפּגעגאנגען כמעט דאָס גאנצע שטעטל.

עס איז געבליבן נאָר די קלויז, להבדיל די באָד, עטלעכע הייזער ביים קלויסטער, יאָסל שעכטערס הויז, וואָס איז געשטאנען לעבן וואסער און נאָך עטלעכע הייזלעך ארום...

ווען די סעקאלער פייערלעשער זענען געקומען צו פאָרן, האָבן זיי גע־טראָפן א שרעקלעך בילד. פון דעם שיינעם שטעטל וואריש זענען בלויז געבליבן די נאקעטע קוימענס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי יתומים, וואָס באוויינען זייערע פארשטאָרבענע עלטערן און פארוויסטע היימען.

יידן מיט ווייבער־און־קינדער זענען געלעגן אויף דער גאַס אַרום זייערע ארויסגעראטעוועטע בעבעכעס, צעבראָכענע שאפעס, טישן און בענק. האלב־נאַקעטע קינדער האָבן געוויינט: „מאַמע, עסן!" קיינער האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט. א ביסל עלטערע האָבן געזוכט צווישן די אויסגעברענטע קארטאָפליעס פון מרדכי אונגערס קעלער און ביי דער געלעגנהייט זיך אפילו אָנגעגעסן צו דער זעט.

אין דער קלויז האָבן זיך דערהווייל צוזאַמענגענומען די אַזוי גערופֿענע גדולי העיר און באַשלאָסן — ראשית, עס זאָלן תיכף־ומיד אַרויסגעשיקט ווערן שליחים איבערן גאַנצן לאַנד, כדי צוזאַמענצומאַכן געלט אויפֿצובויען צוריק די קאַלטע שול, דאָס הויז פֿון דעם רב און דאָס הויז פֿון דעם מורה־הוראה, והשנית — זאָל יעדער ייִד, וואָס איז נישט באַשעדיקט געוואָרן פֿון דער שׂרפֿה, אַריינגעמען צו זיך אַ נשׂרף מיט זיין פֿאַמיליע.

צום שלום איז נאָך באַשטימט געוואָרן, אַז די גרויסע שטוב פֿון דער באָד, ווו מען פֿלעגט זיך אויסטאָן — זאָל מען אָפּגעבן פֿאַר די אָפּגעברענטע בעלי־מלאכות און נאָך אַנדערע אָרעמעלייט. דערמיט איז די אַסיפֿה געוואָרן פֿאַרענדיקט.

לאַנג שפּעטער האָט מען נאָך אַלץ גערעדט וועגן דער שׂרפֿה. מען האָט נאָך אַלץ געזוכט דעם שולדיקן אין דעם גרויסן אומגליק, און קיינעם איז אַפֿילו נישט געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז דאָס גאַנצע פֿייער האָט זיך אָנגעהויבן פֿון דער נישט אויסגערייניקטער סאַדזע אין אַ קוימען, און אַז מיט עטלעכע קאַנען וואַסער האָט מען עס געקאָנט אָפּלעשן. אין קלויז אַרום אויוון האָט מען געשמועסט:

רב כאַסקעלע אַ ייִד מיט אַ ווייסער באָרד און פּאות, אַ ייִד אַ למדן האָט געטענהט, אַז די שׂרפֿה איז געקומען דערפֿון, וואָס ייִדן האָבן זיך גענומען אָנטאָן ווי די אומות העולם, שערן באָרד און פּאות, גיין אָן אַ היטל וכדומה. אַזאַ שׂרפֿה!... רבונו־של־עולם! — פֿלעגט ער זיך אָנכאַפּן מיט ביידע הענט ביי דעם קאָפּ...

— מען זאָגט — האָט זיך אָנגערופֿן רב ישׂראל־חיים, דרייענדיק דערביי נערוועיש מיט זיין קאָפּ אויף לינקס און אויף רעכטס — אַז אַזאַ גרויס אומגליק קומט נאָר דעמלט, ווען מען לאָזט אַראָפּ חלילה אַ ספֿר־תּורה. כאָטש אין אַזאַ פֿאַל הייסט דאָס בית־דין, אַז אַלע ייִדן זאָלן פֿאַסטן דריי טעג. נאָר עס מאַכט זיך — דאָ האָט ישׂראל־חיים געמאַכט אַ הפֿסקה און טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן — די שעה זאָל נישט זיין, אַז דער אייבערשטער איז פֿאָרט נישט מוחל אַזאַ גרויסע זינד...

— און איך זאָג אייך, ייִדן — האָט זיך ברייט צעזעצט, ווי זיין שטייגער אויסציענדיק יעדעס וואָרט, רב ייִדל־פּסח, גלעטנדיק דערביי זיין שוואַרצע באָרד, וועלכע האָט שוין געהאַט אַ ביסל גרויע פּעדים —

אז דער חורבן איז געקומען דערפון, וואָס צו בעריש ליפּעלעס איז געקומען דער חתן...

יידל האָט איצט ארויסגענומען זיין גראָבן טיטון, וועלכן ער האָט אליין געשניטן פון די געקויפטע מאכאָרקע=בלעטער אויפן דאָרף, פאַררייבערט א דיקן ציגאַר און גענומען וויטער דערציילן. אלע האָבן אויפגעשטעלט מויל און אויערן אוים נייגער, כדי צו הערן וואָס פאר א גרויסע זינד עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן ביי בעריש ליפּעלעס, צוליב וועלכער כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז אוועק מיטן פייער.

— ווי עס האָט זיך געדאַכט, א זיידענער יונגערמאַנטשיק, מיט א שיין שפּראָציק בערדל און לאַנגע פאות, א בן=תורה — האָט יידל בייז א מאך געגעבן מיט זיין האַנט.

— נו, נו, נו! — האָבן אלע אָנגעהויבן יידלען צו יאָגן, ער זאָל וואָס שנעלער דערציילן.

— נו, טוט זיך אזא חתן א זעץ אנידער לעבן זיין כלה בפרהסיא און נאָך אויף דער פריזבע. — יידל האָט דערווייל א גרויסן סמאָקע געגעבן זיין ציגאַר און אויף א ווײַלע שטיל געבליבן.

— אזוי, טשא, טשא, טשא! — און אלע האָבן אָנגעהויבן סמאָטשקען מיט די ליפּן.

— און די חצופה — האָט געפרעגט יאָסל בישקעס — וואָס האָט געטאָן?...

— יאָ, די חצופה, טאַקע, טאַקע? — האָט אונטערגעהאַלטן שיעלע בטלן.

— זי — האָט יידל זיך אָנגערופן — ווי הייסט זי דאָרט, דאַכט זיך פייגע — האָט זיך איינפאַך צוגערוקט צו אים...

— אזוי?! — האָבן אלע אָנגעהויבן דרייען מיט די קעפּ.

— און ס'איז באַשטימט געווען שפּעט אין אָוונט? הא? — האָט זיך אריינגעמישט רב חיים ראַווער.

— א=ווא=דע= אזוי! — האָט פּאַוואָליע געצויגן יידל. — אָבער הערט=זשע ווייטער — ער, יידל, קוק מיר אזוי און — זע... ער רוקט זיך שוין צו נעענטער — דאָ האָט יידל געוויזן, ווי אזוי דער חתן האָט זיך צוגערוקט צו פייגען... — און ער, יידל פּסחס, בין טאַקע נישט קיין שלימזל=זאַלניק — יידל האָט אַ ציי געטאָן דעם ציגאַר און פּאַוואָליע

ארויסגעלאָזט דעם רויך פֿון דעם מויל — און קוק מיר ווייטער... איך זע, ער האלט שוין אָ דאָ — ווייזנדיק, ווי דער חתן האָט ארומגענומען די כלה... און באלד איז אויסגעבראָכן די שׂרפֿה — יידל האָט א מאך געגעבן מיט בײדע הענט און איז שטיל געבליבן...

אלע האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, ארויסלאָזנדיק א שווערן און טיפֿן זיפֿץ...

## קאַפּיטל 10

# די אומשולדיקע פראַגע

אייזיקל איז שוין אלט געוואָרן צוועלף יאָר. ער איז שוין טאקע געוואָרן א גאנצער בן־תורה. אָבער שיינדלס זיטן זענען אויך נישט געגאנגען לאיבוד. ביי לייבושן אין דער היים האָט טאקע געהערשט א יראת־הכבוד פאר יידישע מנהגים, אָבער שיינדל האָט גלייכצייטיק געפלאנצט דאָס געפיל פון אַכטונג פאר וועלטלעכער לערע, פאר מענטשן פון אַנדערע פעלקער און גלויבנס.

אין דער פרי האָט דאָס יונגע מענטשעלע ארונטערגעמאכט זיינע פאות אונטער די אויערן און געגאנגען אין „שקאָלע“ און ווען ער איז אהיים געקומען, האָט ער ווידער אָנגעטאָן זיין קאפּאָטקעלע מיט דעם שווארצן קאפּעלישל און געגאנגען אין קלויז אריין לערנען. און אייזיקל האָט זיך דערצו צוגעוווינט און עס געהאלטן פאר נאטירלעך.

דער ראש פון די יונגע בחורים אין דער קלויז איז געווען רב חיים ראווער, א ייד א למדן, א גאָטספארכטיקער מענטש, פאר וועלכן אלע האָבן געהאט גרויס דרך־ארץ. ביי דעם ברייטן קלויז־אויוון האָט ער געהאט זיין שטענדיקן פּלאַץ, וואָס יעדער האָט אים מיט גרויס כבוד אָפּגעטראטן, ווען ער איז נאָר אַריינגעקומען.

ביי א לאנגן טיש, פון ביידע זייטן זענען געזעסן די בחורים ביי די גמרות און געלערנט, ערנסט זיך איינגעהערט אין די ווערטער, וואָס האָבן זיך ווי פערל געשיט פון רב חיים ראווערס מויל... פון צייט צו צייט פלעגן די תלמידים אים איבעררייסן מיט עפּעס א קשיא פון רש״י, תוספות, אָדער מהרש״א, אויף וועלכע רב חיים האָט נאָר געוואַרט. ערשט דעמאלט פלעגט ער טאקע מיט גרויס בריהשאפט פון א למדן באווייזן די גרויסקייט פון די תנאים און תלמידי־חכמים, צדיקים און נביאים.

האָס לערנען אונטער זיין השגחה האָט אזוי געדויערט ביז פארבאכט. נאָך מנחה-מעריב האָבן שוין די בחורים געלערנט, ווי מען זאָגט, אויף אייגענער האַנט.

גלייך נאָך דעם דאַווענען האָבן זיך אַלע א שאָט געגעבן ווי די הייישעריקן צו רב הערש גבאי, וועלכער האָט יעדן צוגעטיילט א שטיקל חלבן ליכט פון די, וואָס האָבן נישט אויסגעברענט אין די הענגל-לייכטער, כדי ער זאָל האָבן ביי וואָס צו לערנען.

אייזיקלען איז היינט געלונגען צו קריגן צוויי שטיקלעך. איינס האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אין דער זייט ביי דער גמרא און דאָס צווייטע, ווי געוויינלעך, ארומגעוויקלט מיט אן איינגעלייגט שטיקל פּאַפּיר, כדי עס זאָל נישט צעשמאָלצן ווערן פון דער וואַרעמקייט פון די פינגער בעת ער האָט עס געהאַלטן. אין קלויז איז געוואָרן טונקעלער. א שיין האָבן געגעבן בלויז די חלבנע ליכטלעך, וועלכע די בחורים האָבן געהאַלטן איבער זייערע גמרות.

יעדער אין זיך געזעסן באַזונדער, טיילמאָל אויך ביי פאַרשידענע טישן. יעדער בחור האָט זיך דאָ געהאַט זיין אייגענעם נוסח, זיין אייגענעם ניגון, מיט וועלכן ער פלעגט אויף א קול לערנען, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיינעם.

— רב יוסי ברב יהודה אומר... — האָט זיך געהערט א קלינגענדיק קול פון א ווינקל, וואָס איז גלייכצייטיק אונטערגעהאַלטן געוואָרן מיט אן אויסגעצויגענעם — יאָ-אָ... פון א בחור, וועלכער איז געזעסן ביי א צווייטן טיש און זיך אַליין באַשטעטיקט זיין ריכטיקן אויספּי׳ר פון רש״י...

שנים אוחזין בטלית, זה אומר אני מצאתיה... — האָט זיך ווידער געהערט א שטים פון א בחור, וואָס איז געזעסן ביי דער מזרח-וואַנט.

אייזיקל איז אויך געזעסן און פלייסיק געלערנט. ער האָט זיך געגרייט צו מאַכן א סיום פון בבא-קמא. דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן צו שמעלצן און א טייל טראָפּנס חלב האָבן באַגאָסן דאָס בלאַט פון דער גמרא. נישט אויפהערנדיק זיך צו שאָקלען, האָט ער איבערגעלייגט דאָס שוין פאַרשמאָלצענע פּאַפּיר אויף דעם צווייטן ליכט, און ווייטער געלערנט.

די הויכע פענצטער פון דער קלויז זענען געווען שוואַרץ פון דער נאַכט-פינצטערניש, וועלכע האָט נאָך מער טונקעלער געמאַכט די צעוואָרפענע איבער דער קלויז געשטאַלטן פון די לערנער. טיף פאַרזונקען איבער דער גמרא האָבן זיי מידע און שטיל כסדר געפּליסטערט ווערטער.

בלויז פון צייט צו צייט האָט נאָך עפּעס אין ווינקל זיך אַ ריס געטאָן א הויך אויסגעצויגן קול, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין דער טונקעלער קלויז און ערגעץ פארשוואונדן אין די באלקנס און ברעטער פון דער סטע־ליע. די קליינע פלעמלעך אויף די קנויטן האָבן פּאַוואָליע אויסגעצויגן דעם צעשמאָלצענעם חלב פון די ליכט, ווי די גבאים אין קלויז — די יונגע און בליענדיקע יאָרן פון די תלמידים, וועלכע זענען געזעסן איבער די פאר־געלטע בלעטער פון די גמרות...

אין קלויז איז געוואָרן וואָס אמאָל ווייניקער מענטשן און יעדע מינוט טונקעלער. אויף די ווענט זענען פארבליבן די שאָטנס בלויז פון די נאָך זיצנדיקע בחורים און טאנצנדיק אויף די גראָע ווענט גאָכגע־מאַכט זייערע העוויות.

דער זייגער, וואָס איז געהאנגען אויף דער מערב־וואנט האָט שטיל געקלאפט — טיק־טאַק, טיק־טאק און די ווייזערס אויף דעם ציפערבלאט האָבן זיך דערנענטערט צו צוועלף...

אייזיקל האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון דער גמרא, אויסגעגלייכט זיינע יונגע פלייצעלעך, וואָס האָבן געבראָכן, ווי ער וואָלט א גאנצן טאָג שווערע זעק געטראָגן. די אויגן געווענדט צום הימל, האָט ער אליין צו זיך געזאָגט: „דער אייבערשטער זעט ווי איך זיך און לערן אזוי שפּעט, און דערפאר וועט ער אויך פאר מיר צוגרייטן דעם ריכטיקן פּלאַץ אויף יענער וועלט“...

אזוי האָבן זיך געצויגן לאנגע ווינטער־נעכט...

אין דער היים איז די מאַמע געזעסן און געוואַרט אויף איר עלטסטן זון מיט גרויס אומגעדולד און געוואַרעמט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל דאָס עסן, כדי עס זאָל אים בעסער שמעקן...

— אוי, אייזיקל, אייזיקל — פלעגט זי זאָגן, ווען ער איז אהיימגע־קומען א בלאסער פון דער קלויז ביינאכט — וואָלסט געמעגט א ביסל פריער ענדיקן דאָס לערנען און זיך נישט אזוי־פיל מוטשען. דו האָסט נאָך צייט, דו ביסט נאָך יונג!

— מאַמע, מאַמע — פלעגט ער צערטלעך ענטפערן — ווען איך זאָל קאָנען טיילן זיך מיט דיר מיט דעם טייערן זאפט פון דער תורה, וואָלסטו מיר גאָרנישט געזאָגט, פארוואָס איך קום אהיים אזוי שפּעט. פארגעס אויך נישט, מאמע — פלעגט ער גלייך צוגעבן — איך מוז אויך עפּעס פאר דיר צוגרייטן, זאָלסט האָבן אויף יענער וועלט, ביי הונדערט און צוואנציק יאָר...

דער מאמען האָבן אויף די ווערטער זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן, און זי האָט אים שטאַרק געדריקט צו איר ברוסט.

אייזיקל האָט אין שטאָט געשמט פאר אַן עילוי. נישט איינמאָל, ווען ער פלעגט גיין מיט דעם סידור אונטער דעם אָרעם פארביי דער פרומער גליקעלעס רילנעצע אין קלויז אריין, פלעגט די יידענע אים לאַנג נאָכקוקן, און פארשטעלנדיק דערביי מיט אירע ביידע הענט אירע קראַנקע אויגן פאר דער זון מיט גרויס התלהבות זאָגן: — רבונו של עולם, נאָר זיין פיסבענקעלע זאָלסטו מיר דערלויבן צו זיין אויף יענער וועלט...

* *

*

אייזיקל איז שוין געוואָרן בר־מצוה. מיט גרויס פרייד האָט ער אָנגעטאָן דעם טאַטנס טלית, כדי אָפּצוגעבן כבוד דער תורה, ווען מען האָט אים אויפגערופן צו מפטיר. איבער דער גאַנצער שול האָט געקלונגען זיין ברכה, וואָס האָט שטאַרק אָפּגעהילכט אין דער הויכער געבויידע פונעם מקום קודש. אַלע האָבן לייבושן מקנא געווען מיט זיין געראָטענעם זון...

אָבער מיטאמאָל האָבן זיך די געדאנקען פון דעם יונגן מענטשעלע אָנגעהויבן רייסן און פארוויקלט אין סתירות. אין קלויז האָט ער געלערנט: „יהושוע האָט אָפּגעשטעלט די זון אין גבעון אויף זעקס און דרייסיק שעה“ — און פון דער צווייטער זייט באַווייזט קאָפּערניק, „אַז די זון שטייט און די ערד גייט ארום איר“...

„ווו זשע איז דער אמת?“ — האָט ער געטראַכט.

נישט איינמאָל, ווען ער פלעגט אזוי זיצן בייגאַכט איבער דער גמרא, פלעגט ער אויפהייבן זיין קאָפּ, זיינע שוואַרצע אויגן פלעגן זיך פארקוקן אויף איין פונקט, און זיינע געדאנקען האָבן געזוכט אַ באַשייד פון דער סתירה.

— וואָס קלערסטו אזוי, אייזיקל? — האָט אים איינמאָל איבערגעריסן דעם געדאַנק זיין חבר מענדל רייז, וועלכער איז געזעסן ביי אַ צווייטער גמרא.

— אוי, מענדל — האָט אייזיקל געענטפערט מיט א זיפץ — איך ווייס נישט, צי דו וועסט מיך וועלן פארשטיין. — ער איז אויף א ווײלע שטיל געבליבן און מיט אומעטיקע אויגן געקוקט אויף זיין חבר...

— איך לעב עפּעס איבער די לעצטע צייט. ביים לערנען און אויך ארום. איך זע זאכן, וועלכע איך פארשטיי נישט.

וואָס, למשל, קאָן דיך פּלאָגן ביים לערנען און וואָס זעסטו אַרום זיך?

— איך האָב נאָך גאָרנישט געזאָגט, און דו הייבסט שוין מיט די אקסלען. הײנט, ווען איך בין געגאנגען אין קלויז אריין האָב איך לעבן בערל צביהס הויז געהערט א שטארק וויינען פון א קינד. איך בין צוגעגאנגען נענטער און דורך דער אָפענער טיר געזען זיין קליין מיידעלע פייגעלע, ווי זי איז געשטאנען און געבעטן די מאמע, זי זאָל איר דערלויבן ארויסצוגיין אין דרויסן זיך שפּילן מיט די אנדערע קינדער, און די מאמע האָט אין קיין פאל נישט געוואָלט דערלויבן. מאָדנע, א מאמע וויל נישט זען איר קינד גליקלעך, פריילעך, לוסטיק... פייגעלע האָט געזאָגט:

— מאמע, איך בין הונגעריק, אָבער איך וועל נישט זאָגן, אז איך בין הונגעריק, לאָז מיך גיין שפּילן אין דרויסן... וואָס זשע איז געשען? אייננמאָל איז העניע שמואל אנטשלס ארויסגעקומען צו די שפּילנדיקע קינדער און דערלאַנגט אירע צוויי מיידעלעך, דעם צווילינג עפּעס צו עסן. די קליינע פייגעלע האָט מיט הונגעריקע אייגעלעך געקוקט ווי העניע קארמעט אירע קינדער. פייגעלעס שווארצע אייגעלעך האָבן נישט געגעבן קיין פינטל, נאָר ממש מיטן בליק געשלונגען דאָס ברויט מיט פּוטער, וואָס העניעס קינדער האָבן געגעסן. ווען העניע האָט דאָס באמערקט, האָט זי א שטיקל ברויט אויך געגעבן דעם פרעמדן קינד. פייגעלע האָט דאָס שטיקל ברויט געגעסן ווי דאָס בעסטע מאַכל אויף דער וועלט. א צווייט מאָל, ווען העניע איז געקומען מיט עסן פאר אירע קינדער, האָט זיך שוין פייגעלע הרייסטער צוגערוקט און מיט א בעטנדיק קעלעכל גערופן: „איך בין הונגעריק" — דאָס האָט זיך אַזוי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, ביז פייגעלעס מאמע איז דערפון געוווירן געוואָרן... די אָרעמע צביה האָט זיך געשעמט, וואָס איר קינד בעטלט... עס קלינגט נאָך איצט אין מיינע אויערן דאָס קול פונעם קינד: „מאמע, איך בין הונגעריק, אָבער איך וועל נישט זאָגן מער קיינעם, אז איך בין הונגעריק"... און פארוואָס קומט דאָס דעם קינד?

— יאָ, אייזיקל, אָבער ווער ווייסט, וואָס פאַר א גלגול קומט אָפּ אין דער נשמה פון פייגעלען?... דו ווייסט דאָך, וואָס די הייליקע ספרים זאָגן, אז די, וואָס ליידן אויף דער וועלט, וועט זיי דער אייבערשטער אָפּגעבן זיין שכר אויף יענער וועלט. די וועלט איז דאָך נאָר א פּרוזדור — א פּע־דער־הייזל — און דאָס אמתע לעבן הייבט זיך ערשט אָן דאָרט — האָט מענדל געוויזן מיט דער האַנט אויפן הימל.

— מענדל, מענדל, אז די וועלט איז א פּרוזדור, פאַרוואָס־זשע וויל קיינער נישט שטאַרבן? אפילו דער בעלזער צדיק, ווען ער איז קראַנק גע־ווען, האָט מען גערופן די גרעסטע דאָקטוירים אים צו ראַטעווען. ער האָט זיך גאָרנישט געאיילט אויף דעם עולם האמת.

— מען טאָר אַזוי נישט רעדן, אייזיקל — איז אים אַריין אין די ווערטער מענדל — דער בעלזער צדיק מוז דאָך לעבן, ער מוז דאָך פירן די יידן אויף דעם דרך־הישר, זיי זאָלן זיין ערלעך, זיי זאָלן טאָן מצוות.

— ניין, ניין, איך בין מיט דיר נישט מסכים, דאָס אלץ איז פאַר מיר נישט קלאָר...

דער שמועס איז אויף א ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן.

— מענדל — האָט זיך ווי מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט אייזיקל — ווייסט וואָס, לאָמיר אָנהייבן לערנען קבלה.

— וואָס רעדסטו, וואָס רעדסטו! — האָט זיך מענדל געכאַפּט ביים קאָפּ — קבלה איז דאָך נאָר פאַר גרויסע למדנים, צדיקים, וואָס קאָנען זיך אקעגנשטעלן דעם שטן, אָבער נישט פאַר אונדז...

צווישן די חברים האָט פּלוצלונג ווי עפּעס זיך אָפּגעשניטן. ביידע האָבן זיך ווידער פאַרטיפט אין זייערע גמרות...

נאָר אייזיקל האָט נישט געלערנט. זיינע געדאַנקען זענען ווידער גע־ווען ביי די פראַגן ווי פריער, אויף וועלכע ער האָט קיין ענטפער נישט געקאָנט געפינען...

מיטאַמאָל איז ארויפגעשווומען א געדאַנק — דער רבי... מאָרגן ביים לערנען וועט ער דעם רבין רב חיים ראַוועך שטעלן אלע זיינע פראַגן...

און ס'איז טאַקע אַזוי געווען... אין דער קלויז איז א רעש, א טומל. יידן קומען אריין און יידן גייען ארויס. איין מנין ענדיקט דאָס דאַווע־נען און א צווייטער — הייבט אָן. דער שטויב פון דער זעלטן געוואַשע־נער בריק טראָגט זיך ווי זיילן קלײנע פליגעלעך אין דעם ליכט פון דער זון, וואָס שיינט אריין דורך די הויכע, האַלב־רונדע פענצטער. ביי די טישן זיצן די קלויז־בחורים איבער די גמרות און באַמיען זיך איינער דעם

צווייטן איבערצושרייען. דער רבי רב חיים ראוועד איז ווי צוגעפרעסט צום אויוון; דעם קאָפּ האַלט ער הויך אויפגעהויבן, מיט וועלכן ער שאָקלט; ער שעפּט נחת פון זיינע פלייסיקע תלמידים...

— וואָס לערנסטו נישט, אייזיקל? — האָט רב חיים פאַרוואונדערט געפרעגט, זעענדיק ווי אייזיקלס בליקן זענען געוועגדט אין רוים פון דער קלויז.

— איך האָב אייך געוואָלט שטעלן א קשיא, רבי — האָט אייזיקל געענטפערט א ביסל שעמעוודיק.

— נו, פרעגט מען — האָט רב חיים מיט א העכערן טאָן זיך אָפּגע-רופן. — ער איז געוועזן געוויינט דערצו, אז אייזיקל זאָל שטעלן האַרבע קשיות, איבער וועלכע עס איז געוועזן טאַקע א סך זיך צו הקרענען. ער פלעגט אים, אייזיקלען, אָפט שטעלן אלס ביישפּיל פאַר די איבעריקע תלמידים. — וואָס איז דיר דאַרט נישט פאַרשטענדלעך? — האָט ער גלייך צוגעגעבן — א וויכוח פון די תלמידי-חכמים, צי אפשר רש"י?

— ניין, רבי, נישט דאָס. איך האָב אייך געוואָלט שטעלן א קשיא וועגן גאָט — האָט אייזיקל קוים ארויסגעשטאַמלט.

— וועגן גאָט? — האָט רב חיים אויסגעגלאָצטביידע אויגן — וואָס פאַר א קשיות האָסטו צו גאָט? דו לאָזט דיך שוין אפשר אריין חלילה אין קבלה-זאכן?...

— ניין, רבי, נישט קיין קבלה, איר האָט מיך נישט פאַרשטאַנען. איך האָב נאָר געוואָלט פרעגן, ווער האָט באשאפן גאָט?

רב חיים איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט. זיינע הענט האָבן אָנגע-הויבן שטאַרק צו ציטערן און נישט געקאָנט ארויסברענגען קיין וואָרט פון זיין מויל, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט איין האנט ביי זיין יאַרמלקע און מיט דער צווייטער ביי זיין קאָפּ און נישט געוווסט, וואָס ער האָט צו טאָן.

מיטאַמאָל האָט ער אויסגעבייט צוויי פויסטן און אָנבייגנדיק זיך צו אייזיקלען ווילד אויסגערופן:

— רבונו של עולם, דו וואקסט אן אפּיקורס! דו וואקסט א בראַפּ-מאַן משומד! *)

*) יעקב בראַפמאַן — א משומד אין צאַרישן רוסלאַנד. ער האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט. זיין נאָמען פלעגט ווערן דערמאָנט מיט גרויס שנאה אין די בתי-מדרשים און ישיבות.

אלע בליקן פון די תלמידים האָבן זיך איצט געווענדט אויף אייזיק־לען, וועלכער איז געזעסן א דערשלאָגענער, נישט וויסנדיק וואָס מיט זיך אָנצוהייבן...

עס האָבן זיך גענומען זאמלען יידן פון אלע זייטן. דאָס געשריי פון רב חיים ראוועך האָט אלעמען ווי עלעקטריזירט. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו שושקען און איבערוווינקען, צו רייסן זיך ביי די בערד און שנאָרכצן מיט די נעזער. עס האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק.

— מען דארף שנעל שיקן נאָך זיין טאטן — האָבן אייניקע געזאָגט.

— אזא זינד, אזא זינד! — האָט געשריגן רב ישראל־חיים גאָלדע בינעס — דרייענדיק דערביי מיט זיין קראנקן קאָפּ, וועלכער האָט תמיד געציטערט...

די נייעס האָט זיך בליץ־שנעל פארשפרייט איבער דעם גאנצן שטעטל. און ווי דער שטייגער האָט יעדער נאָך עפּעס צוגעלייגט, איבער־געהרייט, און ס'האָט זיך באקומען, אז מען האָט נאָר געדארפט אים ארייַנלייגן א לעבעדיקן אין דער ערד אריין, אָדער וויינקסטנס אין חרם אריין...

די נייעס האָט אויך דערגרייכט צו דער פּוילישער גאס.

א דערשלאָגענער איז אייזיקל געזעסן ביי דער גמרא און זיך אליין געפרעגט, וואָס ווילן זיי פון מיר? וואָס פאר א שלעכטס האָב איך דאָ געטאָן? צי איז דען וויסן א זינד?

אייזיקל האָט געפילט, אז אין אים האָט זיך עפּעס אינעווייניק אָפּ־געריסן, אז דער הימל זעט שוין נישט אוים ווי פריער. אָבער ווו איז דער מענטש, וואָס זאָל אים אויפקלערן דאָס אומפארשטענדלעכע? איין זאך האָט ער געוווסט אויף זיכער, אז ער האָט פארלוירן זיין ביז איצ־טיקן דרך־ארץ פארן רבין חיים ראוועך. ער האָט טרויעריק אראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ איבער דער גמרא, און זיין בליק האָט געטראָפן אויף דעם וואָרט „יהוה“ — און זיין געדאנק האָט ווידער אָנגעהויבן בוירן די פראגע: און ווער האָט אים באשאפן? וואָס איז געווען פריער?...

א וואָך צייט איז דער „גרויסער אפּיקורס“ נישט געזעסן ביי רב חיים ראוועך טיש... אויך אין אָוונט, ווי געוויינלעך, פלעגט ער זיצן אליין און לערנען, ווי ער וואָלט געווען ארויסגעשטויסן פון דער חברה. אפילו אייניקע פון זיינע נעכטיקע נאָענטע חברים האָבן נישט געוואָלט מיט אים רעדן.

— דו מוזט זיך באַדענקען, אייזיקל, דו מוזט תשובה טאָן — האָבן זיך צו אים געווענדט מענדל רייז און איכל קליין — די איינציקע צוויי בחורים, וועלכע האָבן אים נישט פאַרלאָזט.

לייבוש האָט נישט גערוט. ווי אַ פאַרסמטער איז ער געלאָפן צו אַלע גרויסע לייט פון דעם שטעטל און געבעטן, מען זאָל אים העלפן ראַטע־ווען זיין זון, וועלכער קאָן גאָר חלילה אַראָפּ פון דעם יידישן וועג.

אייזיקלס קוואַטער, דער אַלטער רב אליין, האָט זיך אין דעם ענין אַריינגעלייגט. זיין וואָרט האָט דאָ טאַקע געהאָלפן... אייזיקל איז צוריק איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער חברה פון רב חיים ראַוועדס תלמידים און אוועקגעזעצט געוואָרן ביי זיין לאַנגן טיש. אָבער טיף אין אייזיקלס האַרצן האָט זיך פאַרשטעקט אַ שנאה צו דעם רבין און זיין סביבה.

צום לערנען האָט ער שוין מער נישט געפילט דאָס וואָס פריער, ער איז געזעסן ביים טיש בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט דעם טאַטן אָנטאָן קיין צער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען טריבע טעג און טרויעריקע, לאַנגווייליקע אָוונטן.

נישט פאַרענטפערטע קשיות זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג אין זיין יונגן מוח און קיין שום אויפקלערונג, וואָס זאָל אים באַרואיקן, איז נישט געקומען פון קיין שום זייט. די וכוחים מיט זיינע נאָענטע חברים, ווי מענדל רייז און איכל קליין, האָבן קיין באַפרידיקונג נישט געגעבן אין אַריינצולאָזן זיך אין אַ שמועס מיט עמעצן פון די עלטערע האָט ער שוין איצט מורא געהאַט.



די האַנט צו אייזיקלען האָט אויסגעשטרעקט טעאָדאָר דומקעוויטש, דער שוסטער־געזעל.

אויף דעם בערגל, לעבן דער שייעכעס שטוב, אָנגעשפּאַרט אין דער הילצערנער פאָרענטשע איז געשטאַנען טעאָדאָר דומקעוויטש. אַרום אין־שטיל, בלויז פון צייט צו צייט הערט זיך אַ גרילץ פון דער קליאַמקע און געעפנטער קלויז־טיר, ווי דער קלאַפּ ביי איר פאַרמאַכן. טעאָדאָרס אויגן זענען גלייך געווענדט צום פאָדערהייזל, פון וועלכן עס שיטן זיך אַרויס מיט אַ געפילדער די קלויז־בחורים...

מיט לאַנגזאַמע טריט לאָזט זיך דומקעוויטש אַראָפּ־גיין פון בערגל, ווי ער וואָלט דאָ צופעליק פאַרבייגעגאַנגען. זיין איינגעהויקערטע פיגור טוט נאָך מער אַראָפּזינקען צו דער ערד, מיט אָנגעשטרענגטע בליקן טוט ער זוכן צווישן די פאַרבייגייער דאָס געשטאַלט פון אייזיקלען...

אייזיקל איז צווישן דער חברה נישט געווען. דומקעוויטש איז צוריק אַרונטערגעגאַנגען הינטער דער קלויז און ווייטער געוואַרט.

עס האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ ווינטל. אויך אויף דעם הימל האָבן זיך באַוויזן קליינע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן גענומען פאַרשטעלן די פינקלענדיקע שטערן. עס איז געוואָרן פינצטערער.

דומקעוויטש האָט אויפגעקנעפּלט זיין קורטקע און ביי דער שיין פון דער שייכעס פענצטער האָט ער אַ בליק געגעבן אויפן זייגער, וועלכן ער האָט אַרויסגענומען פון זיין וועסטל־קעשענע. ס'איז שוין געווען צען. פּלוצים האָט ער דערהערט, ווי עס עפנט זיך ווידער די קלויזטיר און אין דער העלקייט פון איר ראַם האָט זיך באַוויזן אַ שלאַנקער בחור אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע.

אייזיקל איז גאַנץ פּאַמעלעך געגאַנגען און טעאָדאָר האָט זיך באַמיט צו האַלטן מיט אים דעם טראָט, אָבער פונדערווייטנס. ווען זיי זענען שוין אָפּגעגאַנגען גאַנץ היפּש פון דער קלויז, האָט דומקעוויטש באַשלאָסן אויסצוגלייכן זיך מיט אים. זיי האָבן זיך כמעט באַרירט מיט די אָרעמס.

— אָ, אייזיקל, אַ גוטן אָוונט, פון וואַנען אַזוי שפּעט? — האָט ער געפרעגט אויף יידיש (ער האָט זיך אויסגעלערנט ביי די יידישע בעלי־מלאכות, ביי וועלכע ער האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט).

אייזיקל האָט געקענט טעאָדאָרן, ער פלעגט אים נישט איינמאָל פאַרריכטן די שיך, ווען ער האָט נאָך געאַרבעט ביי זייער שכן מאָריץ קריצער דעם שוסטער־מייסטער.

— גוט, אָוונט, פּאַניע דומקעוויטש. פון קלויז.

— אַזוי שפּעט? דו מוזט שוין מסתמא זיין גוט באַקאַנט אין אַלע הימל־זאַכן...

אייזיקל האָט נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. אַ ווײַלע זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן.

— אַז דו ווילסט קאָן איך דיר געבן עפּעס צו לייענען וועגן גאָט — האָט טעאָדאָר איבערגעריסן די שטילקייט.

— ווען גאָט, דעם יידישן גאָט?! — אייזיקלען זענען די ווערטער קוים ארויסגעקומען פון מויל — ער איז מיטאמאָל שטיין געבליבן און מיט גרויס פארוואונדערונג געקוקט אויף טעאָדאָרן.

— יאָ, ווען דעם יידישן גאָט, און אויף יידיש.

— איר, פאַניע דומיקעוויטש, האָט ביכלעך ווען אונדזער גאָט? איר מאכט נישט קיין שפּאַס?

— ניין, איך שפּאס נישט. איינס אזא ביכל האָב איך אפילו דאָ ביי מיר, אויב דו ווילסט קאָן איך דיר עס ארויסבאָרגן, נאָר צוערשט מוזן מיר פון דאנען אוועקגיין, מען זאָל אונדז נישט זען.

— גוט, נאָר וואוהין זאָלן מיר גיין?

— צום קארקעווער וועג, דאָרט וועט אונדז קיינער נישט טרעפן אין אזא צייט. דו, אייזיקל, גיי פאָרויס, און איך וועל שוין נאָכקומען.

אייזיקלען האָט מען נישט געדארפט צוויי מאָל איבערחזרן. מיט שנעלע טריט האָט ער זיך געלאָזט דורך דעם שול־פּלאַץ צום בריקל, וואָס האָט געפירט אויסער דער שטאָט.

זיין געדאנק איז איצט געווען פארנומען מיט איין זאך — א ביכל ווען גאָט... ער האָט שוין געזען דעם הימל, גאָט, די מלאכים, דאָס גי־הנום און גן־עדן... אלץ... אלץ ווי דאָס איז באשאפן געוואָרן...

פונדערווייטנס האָט זיך באוויזן דער סאָסנאָווער, קארקעווער וואלד. אייזיקל האָט זיך אויסגעדרייט און געוואָרפן א בליק אויף זיין שטעטל, וואָס האָט שוין געדרימלט אין די נאכטלעכע אָרעמס. ארום איז געווען שטיל. בלויז די אלטע ווערבע, וואָס איז דאָ געשטאנען ביי דעם טייכל, איז געווען דער איינציקער עדות. זי האָט גערוישט מיט אירע צווייגן, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן: איך וועל אייער סוד אויף אייביק פארבאָרגן... טעאָדאָר האָט ארויסגענומען א קליין ביכל און עס דערלאנגט אייזיק־לען. דאָס יונגע בחורל האָט מיט ציטערדיקע הענט גענומען דאָס ביכל. ער האָט א מיש געטאָן די בלעטלעך און אין דער פינצטער באמערקט די יידישע אותיות...

— דאָס מוז זיין א סוד — האָט דומיקעוויטש געזאָגט — אז מען וועט ביי דיר געפינען דאָס ביכל, וועסטו האָבן צרות. מע קאָן אפילו אין תפיסה איינזעצן...

— פאַניע דומיקעוויטש! איר מעגט זיין זיכער. א סוד, ווי אין וואסער אריין.

— אַז דו וועסט האַלטן וואָרט, קריגסטו די צווייטע וואָך נאָך א ביכל.

— וווּ זשע וועל איך אייך טרעפן?

— אָט דאָ, ביי דער ווערבע, אין דער זעלבער צייט טרעפן מיר זיך די צווייטע וואָך...

דאָס איז געווען די ערשטע באַגעגעניש, וואָס האָט באַשטימט דעם לעבנס־וועג פון אייזיקלען.

## קאפיטל 11

# די געהיימע זיצונג

אייזיקל זיצט און לייענט די פארכישופטע ווערטער פון ביכל. ארום איז טונקל. דאָס פלעמל פון דעם ליכטל, וואָס ער האלט אין זיין האנט, איז די איינציקע שיין אין קלויז. די נאכט ווארפט איר טיפע פינצטער־ניש דורך די גרויסע האלב־פארדונדיקטע פענצטער פון דער הויכער מויער, און וועלכער עס זיצט ווי אין א תפיסה פארשפארט, דער יונגער בחור, וואָס וויל פון דער בראָשור מער ארויסלייענען, ווי עס איז אין איר אין דער ווירקלעכקייט פאראן געשריבן.

אָבער אויך דאָ איז נישט אלץ קלאָר — צי איז עס מעגלעך, אז די רבנים זאָלן נעמען נאָט אלס שותף אין זייער קאמף קעגן די ארבע־טער?... אָבער ער פארלירט קיין וואָרט נישט פון איר, ער לייענט יעדעס וואָרט און זאָגט. און מיטאמאָל א שוידער גייט אדורך אין אלע זיינע אברים: אויף דער גמרא האָט ער ארויפגעלייגט דאָס ביכל...

— אמת, עבֿרה גוררת עבֿרה — האָט ער פארביטערט צו זיך אליין געזאָגט — צי האָב איך נישט איבערגעשטראָכן די גאנצע תרי״ג־מצוות שוין דערמיט אליין, וואָס איך האָב אזא טריף־פסול ארייננגע־בראכט אין א מקום קדוש?

עס פלאַגט דער געדאנק און קיין אויסוועג זעט ער נישט. ער האָט זיך אויפגעהויבן. א ווײַלע איז ער געשטאנען און זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט פון דער נאכט, ווי ער וואָלט פון איר אן ענטפער דער־ווארט.

— צי איז דען דער פאַרלאַנג נאָך וויסן אַ זינד? צי דערמאָנען דען נישט די הייליקע ספרים דעם רמב״מס פארדראָס, הלמאי גאָט האָט

אדמען און חוהן געשטראָפט דערפאר, וואָס זיי האָבן געוואָלט וויסן דעם טעם פון עץ־הדעת?...

עפּעס אן אומבאוווסטע קראפט האָט אים א שטויס געגעבן צו דער טיר — מען מוז זי פארמאכן, עס קאָנען נאָך אריינקומען די נאכט־וועכטער, דאן בין איך שוין איינגאנצן פארלוירן...

אין דער זייט איז געשטאנען דער לאנגער אייזערנער האטשיק פון אויוון. ער האָט אים אויף שנעל אריינגערוקט אין דער האנט פון דער קליאמקע.

פארגליווערט איז ער געשטאנען אליין אין דער הויכער און פינצ־טערער מויער. עס האָט בלויז געצאנקט דאָס ליכטל אויפן שטיין און די שיין פון דעם קליינעם פלעמעלע האָט געגלעט די אזוי שטארק פאר־צווייפלטע נשמה, וואָס האָט געזוכט אן אנשפאַר אין איר געראַנגל. די גאָלדענע ציפערן פון דעם זייגער האָבן צו אים אראָפּגעקוקט מיט עפּעס אזא ליבלעכן בליאסק, ווי זיי וואָלטן אים געזאָגט: „גיי, אייזיקל, לייען ווייטער דאָס ביכל, דו ביסט נאָך יונג, וועסט נאָך צייט האָבן תשובה צו טאָן...“

— דער מענטש האָט דאָך נישט קיין פרייען ווילן — האָט ער זיך גע־פּרוווט ווי פארענטפערן. — אויב איך וועל ווייטער לייענען, איז דאָך דאָס לויט גאָטס ווילן. איך בין דאָך נישט דער באַלעבאָס איבער זיך אליין — אלץ איז דאָך פון פאָרויס פון דעם אייבערשטן באשטימט... און טאָמער איז גאָר אנדעריש? אז פאר מיינע מעשים בין איך אליין פאראנטוואָרטלעך?... און אפשר איז גאָט טאקע נישטאָ, ווי אין ביכל שטייט געשריבן? קיינער האָט אים נישט באשאפן?... ווי אזוי איז ער פון זיך אליין אנטשטאנען?... מעגלעך, אז דערפאר טאקע האָט זיך דער רבי רב חיים אזוי געבייזערט, ווייל ער האָט אונדז, יינגלעך, דעם אמת נישט געוואָלט זאָגן?...

דאָס צווייטע ביכל, וואָס אייזיקל האָט באקומען פון דומקעוויטשן איז געווען וועגן דער ענגלישער הערשאפט אין אינדיע. אייזיקל פלעגט פּינקטלעך קומען אויף דער באגעגעניש מיט דומקעוויטשן און שעהן לאנג שפּאצירן מיט אים אויף דעם קאַרקעווער וועג. ער האָט פאוואָליע אָנגעהויבן פילן, ווי טעאָדאָר טוט טריט ביי טריט איינעמען זיין האַרץ. דאָס ביכל וועגן אינדיע האָט אים געעפנט נייע וועלטן, פון טאָג צו טאָג איז זיין בייגער געוואָרן גרעסער. וואָס מער ער האָט געטרונקען

פון דעם נייעם קוואל, אלץ שטאַרקער איז געוואָרן זיין דאָרשט. אייזיקל האָט אנדערש אָנגעהויבן קוקן אויף די מענטשן פון דער קלויז, אויף די חסידים, בטלנים, און פרעמדלעך זיך אָנגעהויבן פילן אין דער סביבה... ער האָט געפילט, ווי די מענטשן פון קלויז מאכן אליין חרוב זיין ביז איצטיקן גלויבן. ער האָט דערזען צביעות און גאוה... אָפּשטויסנדיק איז פאַר אים געווען די סצענע, ווען רב נאָטע פאָסט און רב הערש ליפּע־לעס האָבן זיך געקריגט אין קלויז ביי מנחה־מעריב, ווער עס זאָל דאַ־ווענען ביים עמוד... ארום זענען געשטאַנען די חסידים, זיך צוגעהערט צו די געשרייען און צוגעקוקט ווי נאָטע האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט ביים עמוד, ווען הערש ליפּעלעס איז צוגעגאַנגען און אָנגעהויבן דאַווענען.

— איך האָב היינט יאָרצייט נאָך מיין מאַמען — האָט געטענהט רב הערש ליפּעלעס — אלע יידן זענען עדות, אז יעדעס יאָר — ביז הונדערט יאָר — וועט איך דאָ דאַווענען!

— און איך האָב יאָרצייט נאָך מיין טאַטן — האָט געליאַרעמט נאָטע פאָסט — מיר דאַכט זיך, אַז אַ טאַטע איז עפּעס בילעכער ווי אַ מאַמע! קלאַפּנדיק זיך דערביי מיטביידע פויסטן אין דער ברוסט. — ווי מיינט איר, יידן?... הא?.... — האָט ער זיך אויסגעדרייט צום עולם.

דאָס געשריי און געפילדער איז געוואָרן שטאַרקער, אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

נאָר פּלוצעם איז געשען אזוינס, וואָס האָט נאָך מער אָפּגעפרעמדט אייזיקלען פון די מענטשן. נאָטע איז מיט א געוואַלדיקן אימפּעט צו צום עמוד און מיט כוח אַוועקגעשטויסן הערש ליפּעלעס, און אַ געשריי גע־טאָן: — דו זאַבילני גנב! אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין! — צו־געבנדיק ווייטער: — „והוא רחום יכפּר עון ולא ישחית!“ — און דער גאַנצער עולם ארום האָט אָנגעהויבן מיט אים צו דאַווענען, ווי עס וואָלט בכלל דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען...

דעם אָוונט איז אייזיקל אין קלויז נישט געבליבן. ס'איז גראָד באַ־שטימט געוואָרן די זיצונג, אויף וועלכער ער האָט געדאַרפט קומען.

מיט רואיקע שריט האָט זיך אייזיקל געלאָזט צום שול־דירעקטאָרס רילגיצע און פון דאָרט אויף דעם קריסטלעכן טייל שטאָט, וועלכן מען האָט גערופן „זאַוואַלע“. דאָ האָט ער זיך ארומגעקוקט, צי עס האָט אים אמאָל עמעצער נישט באמערקט, און זיך אויסגעדרייט רעכטס צו יאַן דידאס הויז.

אין אַ סאַד, אַרומגערינגלט מיט אַ נידעריקן פּלויט פון שפּיציק געשניצטע דרענגלעך פּאַרקן איז געשטאַנען אַ הילצערן הייזל מיט אַ בלעכענעם דאַך, אין וועלכן עס האָט געוווינט דער בוי־אַרבעטער יאַן דידאַ מיט זיין פאַמיליע.

אין שטוב איז געווען וואַרעם. אין אויוון האָבן נאָך געטליעט לעבע־דיקע קוילן, וואָס האָבן צעגליט די בלעכן פון דער קיך ביז צו רויטקייט. די פענצטער זענען געווען פאַרהאַנגען מיט געבלימטע פאָרהענגלעך, דער פּוסבאָדן איז געווען גלאַט אויסגעגלעט מיט פריש ליים, וואָס האָט אויס־געזען ווי וואַקס. אַרום איז געשטאַנען נישט קיין רייך מעבל.

לעבן פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין סאַד, איז געשטאַנען אַ קליין טישל, אַרום וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסזעצן די אָריינ־געקומענע מענטשן.

— חברים — האָט זיך דערהערט די באַסיקע שטים פון בראָנעק וויטשיצקי — איך עפן די היינטיקע זיצונג. וועגן דער אַרבעט צווישן די אַרבעטער פון די דריי פעלקער, וועלכע באַוווינען אונדזער שטעטל, וועט רעדן דער חבר סמאָל... פון לעמבערג.

בראָנעק האָט גלייך אַרויסגעדרייט דעם קנויט פון דעם קליינעם נאַפט־לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, און אַרויסגענומען אַ בליי־שטיפט מיט פּאַפּיר, כדי צו פירן דעם חשבון פון דער כלומרשטער קאָרטן־שפּיל.

אייזיקל איז די גאַנצע צייט געזעסן און קיין אויג נישט אַראָפּגענו־מען פון דעם חבר פון לעמבערג, וועלכער איז געקומען קיין וואַריש צו דער היינטיקער ספּעציעלער זיצונג.

אין דרויסן איז אַרומגעגאַנגען יאַנס ווייב — אַנטאָשקע, אייגנגע־היטן אין אַ שאַל, כדי צו וויסן צו געבן וועגן אַ נישט־געוווּנטשענעם גאַסט.

פון דרויסן האָט זיך געהערט דאָס וואָיען פון דעם ווינט, וואָס האָט געבויגן די ביימער אין סאַד, און דאָס קלאַפּן פון אַ בלעך אויף עמעצנס אַ דאַך, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט אַרונטערדרייען.

— איר, חברים דידאַ און וויטשיצקי — האָט געזאָגט דער לעמ־בערגער חבר — דאַרפט זאָרגן פאַר אַלעם, וואָס מיר טוען צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג, איר, דומקעוויטש — צווישן דער אוקראַינישער, און איר, אייזיקל — דאָ האָט דער חבר סמאָל געמאַכט אַ קליינע פּוי־זע — דומקעוויטש האָט מיר אַ סך דערציילט פון אייך — איר דאַרפט

אַרבעטן זייער, זייער פֿאָרזיכטיק. איר דאַרפֿט ווייטער בלייבן אין קלויז, פֿירן זיך ווי ביז איצט און אויפֿשטעלן אַ קעמערל.

די נאַכט האָט אייזיקל גישט געקאָנט איינשלאָפֿן. דאָס יונגע קלויז־בחורל האָט דערפֿילט, אַז אויף זיינע שמאָלע פּלייצעס האָט מען אַרויפֿגעלייגט אַ שווערע משא. צי וועט ער זי דערטראָגן ביז דער אויסלייזונג פֿון דער וועלט?...

## קאפיטל 12

# די יום־כיפורדיקע ליכט

ביי העניע שמואל אַנטשלס איז אַ טומל, אַ גערודער, מען עסט נישט, מען טרינקט נישט, מען לייגט זיך שפּעט שלאָפן, אַ קליינינקייט, אַזוי זיך אָפּצוזאָגן — ליכט מאַכן אויף יום־כיפּור.

קיין גרויס פאַרדינסט איז טאַקע דערביי נישט פאַראַן, און העניע, וואָס אַן אמת, האָט אויף דעם קיינמאָל נישט גערעכנט, אָבער דערפאַר אַזאַ מצווה, מען גרייט זיך דאָך צו ביי הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַ שטיק עולם־הבא. היינט דאָס ווינטשן אַליין פון אַזוי פיל יידישע ווייבער וואָס איז ווערט...

שלמה שילער — אָדער שלמה שמואל אַנטשלס, ווי מען האָט אים אין שטאָט גערופן — איז טאַקע נישט אַזוי שטאַרק צופרידן געווען פון דעם געשעפט: דאָ האָט מען אָפּגעריסן אַ שטיק קיך, דאָרט צעשפּאָלטן דעם בלאָט פון טיש ביים האַקן דעם וואַקס, פאַרטרעטן די שיין אָפּגע־בלאַנצטע בריקן און אָנגעטראָגן אַ פולע שטוב מיט בלאָטע. נאָר ער האָט דען געהאַט אַ ברירה...

און ווען ער האָט שוין איינמאָל געפּרוווט עפּעס יאָ זאָגן דערקעגן, פלעגט העניע גלייך אָנהייבן: „שלמהניו קרוין! וואָס רעדסטו, וואָס רעדסטו! זאָלסט חלילה נישט פאַרזינדיקן מיט דיינע רייד — דו ווייסט דען, וואָס פאַר אַ גרויסע זאַך מיר טוען? אַז פרומע יידישע טעכטער באַשיטן מיט אַזוי פיל ברכות אין סאַמע ערב יום־כיפּור — איז גאָרנישט?! ווען אפילו נאָר איין הונדערטל פון זיי זאָל דערהערט ווערן פון זיין ליבן נאָמען, וואָס פאַר אַ גרויסע ישועה וואָלט דאָס געווען פאַר אונדזערע קינדער און אויך פאַר אונדז... שלמה האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — און די אַרבעט איז ווייטער געגאַנגען...

שיינדל דעם רויטן ברוכס האָט געהאַקט דעם וואַקס, נאָר דאָס

מאָל שוין אויף דעם באַנק־בעטל, אָפּקראַצנדיק אינגאַנצן פֿון דעם די פֿאַרב צוליבן קלאַפּן מיטן האַקמעסער.

פּראַדעלע שלמה וואָלפֿס האָט שוין געהאַט אַ וויכטיקערע אַרבעט. זי האָט דעם וואַקס אויפֿגעוואַרעמט.

מלכה שטראַוס פֿלעגט אים העַרנאָך ביי איר איבערנעמען, אַרויסנעמען פֿון וואַרעמען וואַסער, קנעטן און אויסציען אויף דער ברעט, מאַכנדיק אין דער מיט אַ רינוועטשקע פֿאַר דעם קנייטל.

אָבער די וויכטיקסטע אַרבעט און צוממערסטן פֿאַראַנטוואָרטלעכע האָט דאָ געהאַט די באָבע סימע — דאָס איז געווען לייגן מיט די ווייבער די קנייטלעך...

די באָבע סימע אָדער סימע פֿערעלעס איז געווען נישט צום פֿאַרמרעטן אין שטעטל סיי ביים אויפֿזוכן אַ קבר צווישן איינגעפֿאַלענע מצבֿות אויפֿן בית־עולם, סיי ביים דאַווענען אין ווייבערישן שולעכל — ווער שמועסט שוין ביים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע — זי האָט אים ממש אַוועקגענומען מיט דער האַנט... איצט ביים לייגן די קנייטלעך מיט די ווייבער, ביים אויסרעכענען די נעמען, ביים ציען די פֿעדעם, איז זי טאַקע געווען איין בריה... זי האָט געדענקט יעדנס נאָמען, פֿון דעם זיידן און עלטער־זיידן, פֿון די באָבעס און עלטער־באָבעס, ביז גאַנצע דורות צוריק, יעדנס פֿאַמיליע־נאָמען און צונעמעניש מיט אַלע פּיטשעווקעס. קורץ גערעדט — די באָבע סימע איז געווען אַ גייענדיקער ספֿר הזכרונות אין שטעטל...

— אַ גאָט־העלף, ווייבער! — האָט באַגריסט פֿייגע בנימינס, אַרייַנקומענדיק מיט אַ פּאַק אונטער דעם אָרעם.

— אַ גוט יאָר! אַ גוט יאָר! — האָבן זיך געהערט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

— גוט, פֿייגע, וואָס דו ביסט איצט געקומען — האָט געזאָגט העניע — דו וועסט טאַקע גלייך אַריין אין דער מיירע.

און פֿייגע האָט גלייך גענומען אויספּאַקן דעם וואַקס און אים איבערגעבן שיינדל ברוכס, וועלכע האָט זיך גענומען אים צעהאַקן אויף קליינע שטיקלעך.

פֿייגע איז אויך נישט געשטאַנען מיט פֿאַרלייגטע הענט. זי האָט אויפֿגעקליבן די אָפּשפּרינגענדיקע שטיקלעך וואַקס ביים האַקן, אונטערגעשטיט דאָס האָלץ, עס זאָל בעסער ברענען, איבערגעוויקלט די ביינוול פֿאַר די קנייטלעך און נאָך ענלעכע הילפֿס־אַרבעט...

— אַ פּאַטעקע, נישט קיין וואַקס — האָט ביים וואַרעמען געגו־
מען לויבן פּראַדעלע — דאָס וועלן שוין זיין איינמאָל ליכט — האָט זי
געזאָגט מיט אַ צניעותדיק פּנים. — אַזאַ ליכטיק יאָר, רבונו של עולם!
ווי ליכטיק זיי וועלן ברענען...

אַלע ווייבער האָבן גלייך גענומען באַטראַכטן דעם וואַקס, און יעדע
האָט צוגעגעבן איר לויב.

— געגוג זיך געשפּילט, ווייבער — האָט געזאָגט די באָבע סימע —
שוין צייט זיך צו נעמען צו דער אַרבעט, אַט אָט איז יום־כיפּור, און
מיר האָבן נאָך אַזוי פיל צו טאָן.

אַלע זענען זיך צעגאַנגען, ווי אויף אַ מיליטערישן באַפעל, צוריק
אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער, נישט חלילה אויס מורא, נאָר אויס דרך־
ארץ צו דער באָבע סימע...

עס איז שוין געוואָרן טונקל. דער טריבער האַרבסט־טאָג האָט נאָך
שנעלער צוגעאײלט די נאַכט. שלמה שילער האָט גלייך גענומען אָנצינדן
דעם גרויסן בליץ־לאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען אין מיטן שטוב. אויף דער
וואַנט האָט ער אויפגעהאָנגען אַ קליין נאַפט־לעמפּל אויף אַ נאָר וואָס
אַריינגעקלאַפּטן טשוואָק. עס מוז דאָך זיין ליכטיק, מען זאָל חלילה נישט
איבערלאָזן קיין פּגם אויף קיין ליכט ביים וואַלגערן. ערשטנס, קאָן עס
דערפון אָנהייבן שמעלצן אין שול און פאַרלאָשן ווערן — די שעה זאָל
נישט זיין, טויזנט מאָל די שעה זאָל נישט זיין! צוליב דעם קאָן, חלילה,
אויסגעלאָשן ווערן אַ נשמה פון צווישן די לעבעדיקע, און אויב פאַר
אַ הייליקער נשמה האָט מען דאָס קנייטל געלייגט, קאָן זי זיך נאָך
באַליידיקן און נישט וועלן לויפן זיך מיען פאַר דעם כסא־הכבוד...

צוליב דעם האָט שוין טאַקע שלמה געזאָרגט, אַז ס'זאָל זיין ליכ־
טיק אין שטוב. זאָל די נשמה זיין צופרידן פון אַ שיין ליכט, וואָס וועט
נישט שמעלצן.

— ווי האַלטסטו דאָרט, מלכה? — האָט סימע געפרעגט מיט אַ באַ־
פעלערישן טאָן.

— באַלד! באַלד! — האָט מלכה געענטפערט — דאָס האָט געהייסן,
אַז דער וואַקס איז שוין ביים קנעטן, און מען קאָן שוין צוטרעטן צום
לייגן דאָס קנייטל.

פייגע בנימינס האָט גלייך דערלאַנגט דער באָבע סימען דעם קנויל
ווייסע פעדעם. די באָבע סימע האָט מיט דער לענג פון איר האַנט אויס־

געמאָסטן דעם ערשטן פאָדעם און דעם קנויל צוריקגעגעבן פייגען צו האַלטן.

— צוערשט לייגט מען דאָס קנייטל פאַר דעם ליכט פון די לעבע־דיקע — האָט געלערנט, ווי דער שטייגער, די באָבע סימע. — געדענק, פייגע — האָט זי מיט גרויס פאָרכט צוגעגעבן — זאָלסט, חלילה, אין קיינעם נישט פאַרגעסן.

— חלילה, באָבע סימע, חלילה!...

— פאַר דיין מאַן בנימין, פאַר זיין געזונט לייגן מיר דאָס קנייטל — האָט די באָבע סימע אָנגעהויבן מיט אַ וויינענדיק קול, ווי אין שול ביים דאַווענען — ער זאָל משיחן דערלעבן! — די באָבע סימע האָט פאַר־גלאָצט ביידע אויגן.

פייגע איז געשטאַנען און זיך געשאָקלט, מורמלענדיק עפּעס שטיל מיט די ליפּן, נישט זשאַלעווענדיק דערביי קיין טרערן.

מיט גרויס ערנסט האָט די באָבע סימע ווייטער געזאָגט: — פאַר דיין געזונט, פייגע, לייג איך דאָס קנייטל — נאָך אַ קורצער פּויזע האָט זי צוגעגעבן: — זאָלסט זיך עלטערן, ווי אונדזער הייליקע באָבע שרה ביז הונדערט און זיבן און צוואַנציק יאָר, אין עושר און אין כבוד מיט דיין בנימינען צוזאַמען...

— אמן, טאַטע זיסער! — האָט זיך פייגע אויפגעהויבן הויך אויף די שפּיץ פינגער פון אירע פיס, וועגנדיק די אויגן צום הימל.

— אוי, אוי, אוי! פאַר דיין אסתרלס געזונט לייגן מיר דאָס קנייטל. פאַר דיין זון הערשעלע אַ קנייטל — זאָלסט זיי דערלעבן צו דער חופּה צו פירן!

איצט איז שוין די באָבע סימע אַריבער צו די נאָענטסטע קרובים.

— פאַר דיין שוואָגער נחמיה אַ קנייטל, פאַר דער שוועגערין מיזשע אַ קנייטל, פאַר זייער טאָכטער חנה אַ קנייטל, אורענען, קלמן־וואָלפן, יאַנק־לען, פאַר זייער געזונט אַ קנייטל. — דאָ האָט שוין די באָבע סימע אָנגעהויבן שנעלער צו רעכענען און מיט די פינגער אָפּגעטיילט נאָר צו שטיקלעך פון דעם פאָדעם.

— פאַר זייער זון ישראל־לייבן, פאַרגעסט נישט — האָט פייגע אונטערגעזאָגט.

— יאָ, טאַקע, רבונו של עולם! פאַר ישראל־לייבן אַ קנייטל — האָט סימע איבערגעחזרט — ער זאָל האָבן אַ רפואה אויף זיינע קראַנ־

קע פּיס! אוי, אוי, אוי! און פֿאַר דיין צווייטן שוואָגער בערל אַ קנייטל, ער זאָל האָבן פּרנסה נעבעך פֿאַר זיינע צוויי ווערעמלעך.

איצט האָט די באָבע סימע אָנגעהויבן אויסרעכענען די ווייטערע קרובים; זעענדיק ווי דער קנויט הייבט שוין אָן דיק צו ווערן, האָט זי זיך דערנענטערט צום סוף:

— פֿאַר די אַלע, וואָס איך גוט ווינטשן, אַ קנייטל; און פֿאַר כּל ישׂראל — אַ קנייטל. דער טאָן איז שוין געוואָרן אַ ביסל נידעריקער, און זי האָט מיט די ציין אָפּגעביסן דעם פֿאָדעם.

דער גראָבער קנויט איז גלייך געוואָרן איבערגעווישט מיט אַ שטיקל וואַקס און געוואַנדערט צו מלכּהן, וועלכע האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט אויף דעם טיש דעם וואַרעמען וואַקס.

די אַרבעט איז דאָ געגאַנגען אין דער פֿולער פּאַרע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן ווייבער מיט פּעקלעך וואַקס פֿון אַלע זייטן. אָבער דאָ איז אַלץ צוגעגאַנגען לויט יושר — ווער ס'איז געקומען פֿריער, דעמס ליכט האָט מען געגאָסן פֿריער אין דער אַרבעט אַריין. דאָס האָט שוין צוגעהיט הענע אַליין, ווייל זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט גע־קענט שרייבן. זי האָט גענוי פֿאַרצייכנט יעדנס נאָמען און די צייט, ווען יענער האָט דעם וואַקס געבראַכט.

קיינער האָט דאָ נישט געטרוט, אַפֿילו די קליינע הנהלע האָט אויך צוגעהאָלפֿן. זי האָט דערלאַנגט דעם טאַטן די שוין אָפּגעקילטע ליכט, און ער האָט זיי אויפֿגעהאַנגען אויף דעם הילצערנעם דרענגל, וואָס איז געווען צו דעם צוועק צוגעפּעסטיקט אין ווינקל פֿון צוויי ווענט און אַרויסגעצויגן די קנויטן פֿון אַלטע שטיקלעך וואַקסענע ליכט, וואָס עפּעס אַן אָרעמער ייִד האָט געבראַכט, כּדי נישט צו דאַרפֿן קיין פֿרישן וואַקס קויפֿן.

אין שטוב האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון דעם צעלאָזטן וואַקס, וואָס האָט יעדן אַזוי דורכגענומען, אַז ער האָט פֿאַרגעסן אין עסן און אין טרינקען.

פֿון צייט צו צייט האָבן די ווייבער, פֿאַר וועלכע מען האָט געמאַכט די ליכט עמעצן פֿאַרטראָטן ביי דער אַרבעט, כּדי יענער זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען, אָדער כאַפּן עפּעס אין מויל אַריין, נאָר דאָס איז זעלטענער געשען, מיינסטנס האָט מען געקניפּט פֿון דער קעשענע, ביי דער אַרבעט...

די באָבע סימע האָט זיך שוין געגרייט צום צווייטן קנייטל. דאָס איז פאַר דעם נשמה־ליכט...

דאָס קנייטל לייגן איז געווען באַגלייט מיט גרויס התלהבות און געוויין. די גאַנצע שטוב האָט באַהערשט אַ טיפער ערנסט. די קנייטלעך זענען דאָך געווען באַשטימט פאַר די פון דער משפחה, וואָס זענען אַוועק פון דער וועלט. טייל פון זיי איז יונג געשטאָרבן, אַנדערע האָט אַן אומגליק געטראָפן. מען האָט געוואָלט אויך אויסנוצן די געלעגנהייט צו בעטן ביי דער נשמה, פאַר וועלכער מען לייגט דאָס קנייטל, זי זאָל לויפן זיך מיען פאַר געזונט, פרנסה, רפואות וכדומה.

— עס איז דאָך דער ריכטיקער וועג, דורך וועלכן מען קאָן צו זיי צוקומען — פלעגט תמיד זאָגן די באָבע סימע — ווייל אייגנטלעך טוט מען דאָך פאַר זייערטוועגן אויך עפּעס, און והשנית, זיי זענען טאַקע נעענטער צום אייבערשטן ווי אַ בשר־ודם.

דעריבער האָט זיך דאָס נשמה־קנייטל אָנגעהויבן מיט אַ יאָמערלעכן אוי, אוי, אוי...

— פאַר אדם הראשונען מיט זיין ווייב חוה אַ קנייטל. פאַר אונדזערע אבות — אברהם, יצחק און יעקב אַ קנייטל, פאַר דער באָבע שרה אַ קנייטל, פאַר אונדזערע הייליקע מאַמעס, רבונו־של־עולם! זייער זכות זאָל אונדז ביישטיין.

— רבקה, רחל און לאה — דאָ האָט די באָבע סימע איבערגערוקט מיט די פינגער איבער דעם פאָדעם נאָר צו שטיקלעך. ערשטנס, דאָס קנייטל זאָל נישט זיין צו גראָב, צווייטנס, מען זאָל טאַקע קיין שום נשמה נישט פאַרשעמען און אָנגעהויבן ווייטער אויסצורעכענען...

— פאַר זכריה הנביא אַ קנייטל. פאַר יונה הנביא, וואָס איז געזעסן אין מויל פונעם לויתן — פאַר זיין נשמה אַ קנייטל...

— פאַר עזרא הנביא, פאַר נחמיה הנביא, פאַר דניאל הצדיק... אוי, אוי, אוי! וואָס די שלאַנגען און עקדישן האָבן צו אים נישט געהאַט קיין שליטה, ווען מען האָט אים אַרייַנגעוואָרפן אין לייבן־גרוב...

— פאַר יוסף הצדיק, וואָס האָט גובר געווען די מכשפה פון פוטיפר...

— פאַר דוד המלך, פאַר שלמה המלך — פאַר זייערע נשמות לייגן מיר דאָס קנייטל.

— פאַר דעם בעלזער צדיק, אַ קנייטל, אוי, אוי, רבונו של עולם! ער זאָל לויפן בעטן פאַר אונדז ביים יום־הדין...

איצט איז די באָבע סימע אַריבער צו די אייגענע. — פאַר דיין טאַטן הערץ אַ קנייטל, ער זאָל זיך פאַר אונדז מיען...

— פאַר דיין מאַמען פערל אַ קנייטל, אין גן-עדן זאָל זי רוען... פאַר דיין טאָכטער חיינע אַ קנייטל... אַזאַ יונגער בוים, וואָס איז נעבעך פריצייטיק פון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען... — איצט האָט זיך שוין געלאָזט הערן אַ שטיל כליפען פון אַלע ווינקעלעך אין דער שטוב און אַ שנאָרכצן מיט די נעזער.

ביי אַלע איז נאָך געווען פריש אין זכרון די גישט-לאַנג פאַרשטאָרבענע חיינע. יעדער האָט איצט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט צו בעטן ביי איר נשמה, זי זאָל זיך פאַר זיי איינשטעלן ביים כסא-הכבוד אין די פאָרכטיקע טעג, ווייל יעדער האָט דאָך נעבעך געהאַט זיין פעקל מיט זינד און זיין בינטל צרות. נאָר שוין ביז גאָר מיט טרערן האָט זיך באַגאָסן די מאַמע... דער גאַנצער קנויל פאָדעם איז שוין געווען נאַס פון די שווערע און ביטערע טראָפנס, וואָס זענען געפלאָסן פון אירע אויגן...

די באָבע סימע איז איצט געשטאַנען ווי אַ מצבה, נישט רירנדיק זיך פון איר אָרט, זי האָט אפילו נישט געגעבן קיין פינטל מיט קיין אויג. אירע געדאַנקען זענען אין דער רגע געווען ערגעץ גאַנץ ווייט, אין די זיבעטע הימלען, ביי אַ טרעפל אָדער אַ פוס-בענקעלע פון זיין ליבן נאָמען, מעגלעך אויך צווישן צדיקים און מלאכים, ווי זי האָט זיך געווונטשן נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום...

מיטאַמאָל, ווי דערוואַכט פון שלאָף, האָט זי דערזען אין אירע הענט די אויסגעצויגענע פעדעם. זי האָט אָנגעהויבן ווייטער צו לייגן די קנייטלעך...

— און פאַר דיין זיידן ירחמיאל, זיין זכות זאָל אונדז ביישטיין — האָט זי אָנגעהויבן מיט דעם זעלבן טרויעריקן ניגון, אויסציענדיק יעדעם וואָרט.

אַ שטאַרקע אימה האָט אַלעמען אַרומגענומען. די נשמה-קנייטלעך האָבן אָנגעפילט מיט טרויער. יעדער איז פאַרזונקען געוואָרן אין די אייגענע געדאַנקען. מען האָט נאָר געהערט דאָס וואַלגערן פון די ליכט אויף דעם ברעט, וואָס איז יעדעס מאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ קלאַפּ פון דעם האַמער, וועלכן שיינדל האָט באַנוצט צו האַקן דעם וואַקס.

די באָבע סימע האָט דערווייל ווייטער געצויגן די רשימה פון די געשטאָרבענע.

— און פֿאַר דיין באָבען גיטל אַ קנייטל, אַזאַ גוטע נשמה, וואָס דאָס איז געווען, און פֿאַר דיין פֿעטער יעקב און מומע זעלדע, און פֿאַר אַלע צדיקים און תּנאים, נביאים און חכמים, אויב מיר האָבן אין זיי פֿאַרגעסן — פֿאַר זייערע נשמות אַ קנייטל, זיי זאָלן נאָר לויפֿן און דערוועקן דערבאַרעמקייט ביי זיין ליבן נאָמען, פֿאַר אונדזערע שלעכטע מעשים און עבירות... — אַ טיפֿער זיפֿץ האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון דער באָבע סימעס ברוסט — און פֿאַר אַלע די, וואָס זענען פֿאַרשוווּנדן אין די מדבריות און אַ בייזע חיה האָט זיי פֿאַרצוקט — פֿאַר זייערע נשמות לייגן מיר אַ קנייטל. און פֿאַר אַלע די, וואָס זענען געפֿאַלן אויף די שלאַכטפֿעלדער און נישט איבערגעלאָזט קיינעם, וואָס זאָל געבעך פֿאַר זיי אַ ליכט אָנצינדן, אָדער זענען נישט געבראַכט געוואָרן צו קבֿר ישׂראל — פֿאַר — זיי — אַלע — לייגן — מיר — דאָס — דאָזיקע — קנייטל. — ביי די דאָזיקע ווערטער האָט סימע איבערגערוקט צו שטיקלעך מיט די פֿינגער איבער דעם פֿאָדעם, און דערנאָך אים אָפּגעביסן...

נאָך אַ ווײַלע קלערנדיק האָט זי זיך אָנגערופֿן: — פֿייגע, דאַכט זיך, מיר האָבן קיינעם נישט פֿאַרגעסן?

— חלילה, באָבע סימע, חלילה! — אַזוי ווי מיר האָבן אין זיי נישט פֿאַרגעסן, אַזוי זאָלן זיי אין אונדז נישט פֿאַרגעסן, אמן סלה!

— אַ-מ-ן! — האָבן אַלע נאָכגעזאָגט מיט אַן אויסגעצויגן קול...

אָפּגעגעבן דאָס קנייטל מלכהן, האָט זיך די זיבעציק-יאָריקע באָבע סימע דערלויבט אַנידערזעצן זיך אויף דעם בענקל, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר איר צוגעגרייט, אָפּרוען די אַלטע אויסגעמאַטערטע ביינער.

די איבעריקע האָבן דערווייל איינגעמײַרעט דעם וואַקס פֿון אַ צווייטער פֿאָר ליכט.

די באָבע סימע אַזוי זיצנדיק אויף דעם בענקל אַ מידע און דערשעפּטע פֿון די איבערלעבונגען ביים לייגן די קנייטלעך, איז האַרט איינגעשלאָפֿן... אין חלום האָט זי זיך שוין געזען אָנגעטאָן אין אירע, פֿון לאַנג שוין צוגעגרייטע, ווייסע, לייוונטענע תּכריכים, און ווי דער מלאך-המוות נעמט זי אָן ביי דער האַנט און זאָגט צו איר: — קום, סימע, פֿאַרלאָז די זינדיקע וועלט — דאָס איז דאָך נאָר אַ פּרוזדור, אַ געוויינלעך פֿעדערהייזל, ווו דער אייבערשטער האָט דיך אַראָפּגעשיקט, כּדי דיך אויסצופּרוּוון און זען, וויפֿל מצוות און מעשים-טובים דו וועסט מיט דיר מיטנעמען. און דו האָסט דיר גענוג דאָ אָנגעזאַמלט...

און די באָבע סימע גייט מיט דעם זעקספּליגלדיקן מלאך, וואָס האָט אַזעלכע פּיס ווי אַ קאַלב, און דאָס האַרץ קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. „אַ קלייניקייט — זיך צו שטעלן פאַר דעם בית־דין פון דעם שר העולם אַליין“... נאָר מיטאַמאָל האָט זיך די באָבע סימע אָפּגעשטעלט און דעם מלאך־המות געפרעגט בזה הלשון: — „און ווער וועט דאַווענען פאַר די ווייבער אין שול, שבת, צי יום־טובים? און ווער וועט אויפזוכן די פאַר־וואָרפענע קברים אויף דעם בית־עולם?... און ביי קנייטלעך־לייגן האָב איך דאָך אויך נישט קיין פאַרטרעטער?“

אַ שטאַרקער זעץ פון שיינדלס האַמער האָט זי מיטאַמאָל אויפ־געוועקט.

איר האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער קלאַפּן.

— רבונו־של־עולם! — האָט זי מיט שרעק אויסגערופן, און די ליפּן האָבן שטיל ווייטער געשעפּטשעט די ווערטער — אפשר האָב איך מיך אָפּגעשטעלט דיין ווילן? טאַטע זיסער, זיי מיר מוחל! — און צוויי שווערע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער איר אַלט צע־קנייטשט פּנים...

— הייליקער טאַטע! — האָט זי ווייטער געבעטן — זיי מיר מוחל מיינע זינד! עס איז דאָך געווען בלויז אַ חלום!...

און מיט צוויי ציטערנדיקע הענט האָט זי גענומען ווייטער לייגן די קנייטלעך, שוין פון אַ צווייטער פאַר ליכט...

## קאַפּיטל 13

# אַ טרויעריקער שפּאַס

עס איז אַ טריבער טאָג, ווי ביי יעדן אויפן האַרצן. דאָס שטעטל גרייט זיך צום יום־הדין. קליין און גרויס לויפן מיט טעפּלעך פול מיט זאַמד אָדער מיט ליים, אין וועלכע מען וועט אַריינשטעלן די יום־כּיפּור־דיקע ליכט.

אייניקע הייבן שוין אָן צו פאַרפאַסטן...

דער פאַרנאַכט האָט מיט אימה געוואָרפן. עפּעס ווי פריער איז היינט צוגעפאַלן דער בין־השמשות.

דער האַנדל איז אינגאַנצן ווי אָפּגעשטאָרבן. די געוועלבער געשלאָסן. פון די שטיבער אַרויס הערט זיך אַן איינגעהאַלטן געוויין. מענער און ווייבער מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן ציען זיך איבער די גאַסן. דער טאָג און די נאַכט האָבן זיך אין דעם טרויער צונויפגעגאָסן. דער בלויער הימל איז אַלץ טונקעלער געוואָרן. ער האָט זיך עפּעס היינט ווי טיפער געזעצט, ווי ער וואָלט וועלן צודעקן דאָס שטעטל.

מען זעט אין ערגעץ קיין שמייכלענדיק געזיכט. עס וואַרפט ממש אַן אימה צו קוקן אויף די מענטשן...

לייבוש רופט צו זיינע דריי זין און טוט זיי בענטשן. די מאַמע שטייט ביי דער זייט אין יום־טובדיקע קליידער, די אויגן געווענדט אויף די הענט פונעם מאַן, וועלכע ליגן אויף אייזיקלס קאָפּ, איר אויסגעצי־טערטן עלטסטן זון.

אויף דער גאַס וואַקסן די יעמערלעכע קולות פון מינוט צו מינוט. יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, בלויז אין די זאָקן, איילן צו די שולן און בתי־מדרשים.

די נעכטיקע שונאים דערלאַנגען זיך די הענט און בעטן איינער ביים צווייטן, ער זאָל אים מוחל זיין די געטוענע עוולות, ווינטשנדיק דערביי אַ גמר חתימה טובה.

אייזיקל גייט אין דער זייט פונעם טאַטן און מיט זיינע ביידע הענט האַלט ער דעם טאָפּ מיט ליים, אין וועלכן עס זיצט דאָס נשמה־ליכט.

אין בית־המדרש איז שוין פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם. אויף די טישן אַרום ברענען די וואַקסענע ליכט. די שיין ווערט אַלץ רויטער און פייער־דיקער. די פענצטער זענען האַלב געעפנט, דורך וועלכע ער רייסט זיך אַריין אַ קיל ווינטל און טוט אַ ביסל אויפפרישן די געדיכטע לופט אין בית־המדרש.

יעדער האָט שוין פאַרנומען זיין אָרט לויט זיין שטעל, כבוד און עשירות. אויבנאָן ביי דער מזרח־וואַנט זיצן די בעלי־בתים, ווי רב יוחנן לאַבאַן, ישראל יצחק הירשטריט, יונה וועליטשקער מיט זיין אייגענעם שטענדער ביי דער דאַפּל־באַנק, שמואל אַנשל שילער מיט זיין זון שלמה, אויך לייבוש זיצט אויף זיין אַלטער, פון יאָר־צו־יאָר געקויפטער שטאָט. ביי דעם אויוון און ביי דער הינטער־טיר — די בעלי־מלאכות און אַנדערע אָרעמעלייט.

אַלע וואַרטן... פיל האַלטן שוין די אָפענע מחזורים אין די הענט און מישן די אַלטע פאַרשימלטע בלעטער, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָט זיי געפרעסן דער מויל.

מיטאַמאָל עפנט זיך ברייט אויף די טיר און באַגלייט פון זיינע נאָ־ענטסטע און יוחנן שמש באַווייזט זיך אַ געשטאַלט, איינגעהילט אינגאַנצן אין זיין טלית. אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל און ווייסע זאָקן — דער רבי רב פּנחסל אַליין.

עס דערהערט זיך אַ טרויעריק קול, ווי עס וואָלט געקומען פון ער־גענץ גאַנץ ווייט. דאָס קול רייסט זיך אַרויס פון דער טיפסטער טיפעניש פון זיין נשמה — כי ביום הזה יכפר...

מיט צוויי אויסגעצויגענע הענט צום הימל לאָזט ער זיך גלייך צו צום ארון־קודש.

פון דער ווייבערישער שול זעצט אַרויס אַ געוואַלדיק געוויין, וואָס ווערט יעדעס מאָל שטאַרקער. טייכן טרערן פליסן פון די אויגן, און איין אַלץ וואַקסנדיקער יאָמער מישט זיך אויס מיט זייער געבעט.

— אור — זרוע — לצדיק — ולישרי — לב — שמחה... — הערט זיך ווידער די טרויעריקע שטימע פון רב פּנחסל. אַ קאַלטער שוי־

דער נעמט יעדן אַדורך ביז צו די ביינער. מיט גרויס התלהבות כאַפּט דאָס גאַנצע בית־המדרש אונטער זיינע ווערטער. עס רוישט דער געמורמל פון זייער געבעט, ווי די כוואַליעס אויפן ים. עס ווערט אַ ווײַלע שטילער. מען נעמט אַרויס די ספרי־תורות פון ארון־קודש און מען לייגט זיי אויס אויף דעם באַלעמער...

אייזיקל שטייט די גאַנצע צייט אין דער זייט פון זיין טאַטן ווי פאַר־גליווערט. אַ פלאָנטער פון געדאַנקען מישט זיך אין זיין קאָפּ, עפּעס אַן אומבאַוווסטע קראַפט רייסט אים איצט מיט ווי אַלע...

— זאָל דאָס אַלץ פאַרשווינדן? — פרעגט ער ביי זיך אַליין... — צי איז דאָס געווען נישט פון טיפן האַרצן?... צי מיינען זיי דאָס נישט ערנסט?...

— על דעת המקום, ועל דעת הקהל... — הערט זיך ווידער דאָס וויינענדיקע קול פון רב פנחסל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער... ער איז אַליין צוגעגאַנגען צום עמוד. אַ קלייניקייט — אין אַזאַ טאָג קאָן מען דען אָנפאַרטרויען דאָס לעבן פון זיינע יידן אין די הענט פון אַ געוויינ־לעכן שליח־ציבור? ער אַליין מוז היינט זיין דער שתדלן פון זיין שטעטל פאַרן דין אמת.

דריי מאָל חזרט ער איבער דעם פסוק. דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דעם עמוד, שטאַרק איינגעבויגן, ווי ער וואָלט זיך געבוקט, זיין לינקע האַנט אויסגעצויגן אין דער לופטן אין אַ פאַרביילטער פויסט — איז ער אויף אַ ווײַלע געוואָרן ווי פאַרגליווערט... און ווידער אַ האַסטי־קע באַוועגונג, אויסגעצויגן די אַלטע גלידער און די אויגן געווענדט צום הימל — טוען זיך אַרויסרייסן פון זיין ברוסט צוויי קלאַנגען — כל נדרי...

די לופט האָט געגעבן אַ ציטער. די וואַקסענע ליכט האָבן ווי מיט שרעק אויפגעהויבן זייערע פלאַמען. יידן האָבן פאַרריכט זייערע טליתים, און אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צום עמוד. עס האָט אַ קרעכץ געטאָן מיט ווייטיק דאָס גאַנצע בית־המדרש.

יאָר איין יאָר אויס האָט אייזיקל געהערט די מעלאָדיע פון כל נדרי. אַ ים פון צרות איז אויסגעגאָסן אין דעם געזאַנג. שטיל הייבט עס זיך אָן און שטייגט העכער און העכער...

אין זיין יונגן מוח שוועבן אַלץ נייע און נייע געדאַנקען — געדאַנקען, ווי נייע אַקאָרדן צו דער טרויעריקער סימפאָניע פון כל נדרי.

— שאַ, שאַ, שאַ! — און מיט אַ באַגלייטונג פון צוויי קלעפּ מיט דער האַנט אין מחזור דרייט זיך אויס יוחנן שמש צו די שמאָלע פענצ־

טערלעך פון די ווייבערישע שילעכלעך. דאָס געווייִן ווערט אַ ביסל שטילער...

אײַזיקל דרייט אויס זײַן קאָפּ צום בעל־תפילה.

— ואסרי, ושבועי, וחרמי... — פאַלן די שווערע ווערטער מיט אַ טרויעריקן ניגון. אײַזיקל ווערט מיטגעריסן מיטן געזאַנג. זײַנע ליפּן זענען אָבער געשלאָסן...

„פאַרוואָס זינג איך נישט מיט ווי אַלע יאָר? דאָס געזאַנג פלעגט דאָך אַזוי הייליקן דאָס האַרץ, דערשטיקן יעדן ווייטיק — און אַזוי בינדן מיט גאָט... צי איז גאָט טאַקע נישטאָ?...‟ און דער גלויבן פון אַזויפיל מענטשן? וואָס איז?... און וואָס יידן זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם?!...

— זאָג, מײַן קינד, זאָג — פּילט אײַזיקל פּלוצלינג דעם טאַטנס האַנט אויף זײַן רעכטן אַקסל — אַ פּיש אין וואַסער טוט הײַנט צי־טערן — הערט זיך זײַן ליבלעכע שטימע.

אײַזיקל פירט אויס דעם פאַרלאַנג פון זײַן טאַטן און הייבט זיך אָן צו שאָקלען איבערן מחזור. אָבער דאָס אַלץ איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל...

עס איז שפּעט אין אָוונט. אַ סך יידן זענען פאַרבליבן די נאַכט אין בית־המדרש. די ליכט אויף די הענגלײַכטער הייבן שוין אָן צו צאַנקען, אויך אַ טייל נשמה־ליכט האָט שוין אויסגעשמאָלצן אָדער געוואָרן פאַר־לאָשן. די לופט איז דאָ שווער און דושנע, עס איז ממש נישט פאַראַן מיט וואָס צו אָטעמען.

אַ סך אַרבעט האָבן איצט דער האַלץ־העקער פון דעם שטעטל — קאַשטש דעליק, מיט דעם תמיד צעבויגענעם קאַפּעליוש אויפן קאָפּ און קרומע פיס און די היטערין פון דעם בית־הקברות — פּעטריכע, אָנגעטאָן אין איר אויסגעריבענעם קאַזשוכל און ברייטן פאַרטעך, אין וועלכן זי טוט זאַמלען די שטיקלעך ברויט מיט חלה שבת פאַר דעם הייצן.

זיי לויפן פון איין שול אין דער צווייטער. דאָ דאַרף מען אָנציגדן אַן אויסגעלאָשן ליכט, דאָרט אויסשיטן דאָס זאַמד פון אַ טעפּל, ווו דאָס ליכט איז אויסגעשמאָלצן געוואָרן, אָנפילן די האַנט־פאַס מיט פרישן וואַ־סער, פאַרלעשן דעם טיש, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן פון אַן איבערגע־קערט ליכט. עס איז דאָ אַרבעט איבערן קאָפּ. מע קאָן אפילו אויף קיין מינוט נישט כאַפּן אַ דרימל. צוריקגעשמועסט לויגט זיך די נאַכט נישט

צו שלאָפן, הלוואי אַ סך אַזעלכע נעכט. נישט איין פערטל האָלץ וואָלט מען געדאַרפט צעהאַקן, כדי דאָס צו פאַרדינען וואָס הייַנט.

ווען אייזיקל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. אין דרויסן איז שוין געווען אַ רעש, ווי אין מיטן העלן טאָג. אייניקע יידן זענען געלאָפן אין שול אַריין, אַנדערע ווידער פאַרקערט, פון דער שול אַהיים, כדי זיך כאַטש אויף איין שעה אַנידערצולייגן און דערמיט לייכטער צו מאַכן דעם תענית.

אייזיקל איז אַוועק מיטן טאַטן אין בית־המדרש. ער האָט אויך באַשלאָסן צו פאַסטן... צו פריש איז נאָך געווען די סטעזשקע צו דער ייענער וועלט, ער זאָל האָבן אַלטע קאָנען גובר זיין מיט איין מאָל. דאָס וויינען און ליאַרעמען פון די יידן האָט זיך נאָך שטאַרק אָפּגעזעצט אין זיין נשמה. אמת, פיל תפילות האָט ער שוין איבערגעהיפּערט, אָבער טייל פון זיי האָט ער אָנגעהויבן און אויך פאַרענדיקט מיט די אַלטע ניגונים, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און זענען געווען טיף איינגעבאַקן אין זיין האַרצן... נאָר באַלד זעט ער זיך ווידער אויף דעם קאַרקעווער וועג, לעבן דער איינגעהויקערטער ווערבע, ביים בריקל, ער הערט טעאַדאָרס שטאַלענע ווערטער: „אונדזער וועג, דער וועג פון קאָמוניזם איז ווי דאָס ליכט פון פרימאָרגן, וואָס ווערט יעדעס מאָל העלער און העלער"...

דאָס יונגע הערצעלע קלעמט, עס פּילט, ווי עס פּלאַצן די שלעסער, די חלומות פון די הימלען מיט דעם כסא הכבוד, מיט די מיליאָנען זעקספליגלדיקע מלאכים פון אקדמות, עס הייבט אָן פּאַוואָליע צו פאַרשווינדן דער גיהנום און גן־עדן אויף יענער וועלט...

— פילסט זיך אפשר נישט גוט, אייזיקל? — דערהערט ער פּלוצעם די שטים פון לייבושן — פאַרוואָס דאַווענסטו נישט?

אייזיקל האָט עפּעס אַ שטאַמל געטאָן און אַרייַנגעפאַלן אינעם גאַנג פון די תפילות.

—„ועל חטא שחטאנו לפניך בגלוי ובסתר — האָט יאָמערלעך געוויינט שעפּסעלע פון די באַראַקן. — זיין מחזור איז געווען נאַס פון די טרערן, וואָס זענען ריטשקעסווייז געפלאָסן. נישט קיין סך האָט ער גענבעד פון דעם דאַווענען פאַרשטאַנען, און אפשר טאַקע דערפאַר. — נאָר — על חטא — האָט ער געוווסט איז אַ געבעט, אַז דער אייבערשטער זאָל אים פאַרגעבן זיינע זינד, דערפאַר האָט ער געבעטן אַזוי שטאַרק געוויינט.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי שטאַרק צעליאַרעמט, שעפּסעלע? — האָט זיך אָנגערופן לייזער קצב — דו בעטסט, אַז דאָס „פּאַר“ זאָל דיר בעסער גיין?...

שעפּסעלען האָט איר געקאָנט טרעפן אויף די וואַרישער יידישע געסלעך, דאָ הערן אַ נייעס, וואָס עמעצער האָט איבערגעלייענט אין אַ צייטונג, ווייל אַליין האָט ער נעבעך נישט געקענט, גיין אַ שליחות, אַ שווערן פּאַק איבערטראָגן און אַ פּאָר גראָשן פאַרדינען. זיין איינגעהויקערטע פיגור, זיין לינקער געהויבענער אַקסל, זיינע האַלב-פאַרמאַכטע אויגן, וואָס קוקן העט ווייט — ציען אויף זיך די בליקן פון די פאַרביי-גייער. עס דאַכט זיך, אַז שעפּסעלע האָט אין זיך עפּעס אַ באַהאַלטענע וועלט, אַ טיפן סוד, וועלכן ער וויל פאַר קיינעם נישט אויפדעקן... נאָר בלויז פאַר גאָט האָט ער געוואָלט אויפדעקן די געהיימעניש, זיין פאַר-ביטערט האַרץ, דעם סוד, ווי אַזוי ער לעבט אַדורך מיטן הויזגעזינד פון אַזאַ נעבעכדיק פאַרדינסט — און טאַקע איצט ביי על חטא... און דאָ האָט אים לייזער איבערגעריסן מיט אַזאַ שמערצלעכן וויץ...

מיט זיינע אומעטיקע אויגן האָט ער געקוקט אויף לייזערן, אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— אוי, לייזער, לייזער! — אַ שווערער זיפץ האָט זיך אַרויסגע-ריסן פון זיין ברוסט. דער אויסגעדאַרטער און איינגעשרומפּענער שאָטן פון אַ מענטשן האָט איצט געפילט אַ פאַרלאַנג פאַר עמעצן אויסצוגיסן זיין אָנגעווייטיקטע נשמה, מעג דאָס שוין זיין אפילו פאַר לייזערן. ער האָט אַריינגעלייגט זיין פינגער צווישן די בלעטלעך, כדי נישט פאַרמישן די תפילה, און האַלב פאַרמאַכט דעם מחזור.

— וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? אַ קראַנק ווייב, דריי קליינע קינ-דער — איך האָב בלויז גענומען אַ ביסל מעל פאַר זייערטוועגן... צי האָסטו, לייזער, ווען געפילט דעם טעם, ווען צוויי קינדערישע הענטלעך הייבן זיך צו דיר אויף און בעטן אַ שטיקל ברויט?... — שעפּסעלען האָבן די טרערן אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז, ער האָט נישט געקאָנט מער אַרויסברענגען קיין וואָרט... די פיס האָבן זיך אונטער אים אָנגעהויבן צו זעצן. ער האָט זיך אַראָפּגערוקט אויף דער ברייטער, הילצערנער באַנק, וואָס איז געשטאַנען לענגאויס דעם ברייטן אויוון פון בית-המדרש.

— זיי מיר מוחל, שעפּסעלע, זיי מיר מוחל — האָט לייזער אַ דער-שראָקענער אים אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט. — איך האָב אין דער

אמתן נישט אַזוי געמיינט, פּאַרצייע, שעפּסל, פּאַרצייע, עס איז דאָך געווען בלויז אַ שפּאַס.

— ניין, לייזער, ניין, דו ווייסט נאָך נישט אַלץ, ווייסט נישט אַלץ. ווען איך בין געזעסן אין תּפיסה, האָט קיינער אויף זיי קיין רחמנות נישט געהאַט, קיינער האָט אפילו קיין לעפל וואַרעם וואַסער נישט געגעבן... פון אַלע זייטן האָט מען בלויז געהערט: דאָס איז שעפּסעלע גנבם געזינדל... ווייניק האָלץ האָב איך ביי יידן צעהאַקט? ווייניק וואַסער זיך אָנגעטראָגן? רבונו של עולם, זאָלסט דאָס קיינעם נישט דערמאָנען ביי דעם הייניטיקן משפּט — האָט ער געווענדט זיינע אויגן צום הימל מיט געבעט — איך בין זיי מוחל, פון דעם גאַנצן האַרצן מוחל...

לייזער האָט נאָך מער באַדויערט זיין שפּאַס און שטאַרקער געוואָלט מען זיך קלאַפּן אין האַרצן, אַז גאָט זאָל אים פאַרגעבן די אַרויסגעזאָגטע זינדיקע ווערטער...

אייזיקל האָט זיך אויך געשלאָגן על חטא און געקוקט אויף די אויסגעמאַטערטע, בלאַסע פּנימער, פול מיט גלויבן...

ער האָט נאָך אַלץ געפילט אַזאַ מאָדנע נשמה־וואַרעמקייט, אַ וואַרעמקייט, וואָס קומט פון גלויבן, פון האָפן...

אַלע יידן האָבן זיך אים נאָך אויסגעוויזן ווי איין משפּחה מיט איין האַרץ און איין נשמה. און פּלוצעם האָט ער דערזען דעם קאַרקעווער וועג, די ווערבע ביים טייך און געפילט, אַז מיט זיין לייב און לעבן איז ער שוין נישט אין בית־המדרש, אַז דאָס געהער צו זיין אַמאָל, דער הייַנט איז צווישן זיינע גויע חברים...

## קאַפּיטל 14

# דאָס נייע ליכטל אין קלויז...

דער ווינטער איז געקומען מיט זיינע פּראָסטיקע טעג. מענטשן זעט מען איצט אַ סך וויניקער אויף די גאַסן. עס זענען פאַרשווונדן די רעדלער, וואָס פלעגן זומער שטיין אין מיטן מאַרק און פירן שמועסן וועגן דער וועלט.

דאָס שטעטל איז באַדעקט מיט זיין ווייסן ווינטערדיקן פעלץ, איבער איין נאַכט האָט דער שניי אָנגעשיט אפשר אַ האַלבן מעטער די הייך. דאָ און דאָרט באַווייזן זיך שוואַרצע פלעקן פון די אַרויסגעגאָסענע פּאָמיניצעס, איבער וועלכע עס לאָזן זיך אַראָפּ סטאַדעס פייגל, וואָס האָבן געשווירן טריישאַפט מיט אונדז צו ווינטערן און נישט אַוועקפליען אין די וואַרעמע לענדער. יעדער פויגל כאַפּט, וואָס אים נאָר גיט זיך איין און מיט אַ הויכן קראַ קראַ, צי טשירק טשירק גיט ער צו וויסן זיינע באַקאַנטע, זיי זאָלן אויך קומען געניסן פון אַ ביסן.

איינגעבויגענע יידן, ביידע הענט אַריינגערוקט אין זייערע אַרבל פון די בעקעשעס אָדער ווינטער=רעק אײלן נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט צו זייערע ווייבער און קינדער. אין אַ סך הייזער עסט מען שוין וועטשערע. אויך די שפּעטסטע געוועלבער זענען שוין לאַנג געשלאָסן. אַנדערע ווידער לייגן זיך שוין שלאָפן...

נאָר אין קלויז איז מען נאָך שטאַרק וואַך. ביי דעם ברייטן אויוון זיצן חסידים, בטלנים און פירן הייסע וכוחים איבער צדיקים, גאונים און גוטע יידן.

ביי די טישן זיצן בחורים און לערנען. אין ווינקל, ביי דער מזרח=וואַנט, זיצט אויך אייזיקל ביי אַן אויסגעפּלעקטער גמרא.

ער האָט נישט געלערנט. זיין קאָפּ איז געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדער געדאַנק. הייגט דאַרף פאָרקומען די ערשטע זיצונג מיט זיינע צוויי קלויז־חברים — מענדל רייז און איכל קליין...

מיט מענדל יאָסל בישקעס — ווי מען האָט אים גערופן — איז נישט געווען אַזוי שווער די אַרבעט. געבליבן אַ יתום, שווער איז געווען דער מאַמען אים אויסצוהאַלטן פון דעם קליינעם געוועלבל, וואָס האָט געהאַט דריי נאָדלען און צוויי קעסטעלעך שוועבעלעך אויף דער פּאָליצע. האָס דאַרע מענדעלע, מיט די צוויי שיטערע פאַהלעך פלעגט נישט איינמאָל בגנבה אַ בליק געבן אין אַ ביכל, וואָס זיין עלטערער ברודער אַבע פלעגט אַהיים ברענגען פאַר זיך צום לייענען.

שווערער איז געווען מיט איכלען. כאָטש ביי זיין טאַטן דעם קרומען אשר האָט ער אויך קיין האָניק נישט געלעקט. דער אָרעמער האָרפּגייער האָט קוים אויף דעם טרוקענעם שטיקל ברויט פאַרדינט, און ווי געוויינלעך האָט מען זיך אין אַזאַ היים מיט קיינעם נישט געצאַצקעט. אָנגעטאָן אין זיין אָרעמען, אויסגעריבענעם זשיפּעצל, מיט דעם שוואַרצן היטעלע, מיט העם קליינעם האַשיקל ווי די רוסישע יידן, אַרומגעוויקלט מיט זיין ברייטן גאַרטל, פלעגט ער שנעל אַדורכשוועבן די גאַס, פון דער היים ביז דער קלויז און צוריק — זעלטן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. דאָס בלאַסע פּנימל מיט די גרויע אויגן ווי ביי אַ קאַץ, איינגעראַמטע אין שוואַרצע ברעמען האָבן געזען בלויז די קלויז און די היים. ער איז געווען פאַרעקשנט. ער האָט זי מיט די ביינער געירשנט פון זיין מאַמען בראַנטשעלען און פון זיין עלטערן ברודער שיע. ער איז געווען ווי אַ שאַרפער פעלז. די זעלבע עקשנות האָט ער שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס קאָמוניסט...

אין דעם גרויסן בנין פון דער קלויז האָבן זיך געהערט די ליאַרמען פון דעם סכסוך, וואָס עס האָבן צווישן זיך געפירט די, וואָס זענען געזעסן אַרום דעם וואַרעמען אויוון:

— אוי, רב יצחק. ווי אַזוי קאָנט איר פאַרגלייכן — האָט געטענהט שיעלע בטלן, ממש אַרויפליגנדיק זיך אויף אים מיט דעם גאַנצן קערפּער — רב שמואל קאַמינקער איז טאַקע געווען אַ גרויסער צדיק, מען דערציילט פון אים טאַקע אַ סך נסים ונפלאות, אָבער רב נחמן ברעסלאַווער! — דאָ האָט שיעלע אַ מאַך געגעבן מיטביידע הענט אין דער לופטן — אַ קלייניקייט, עפּעס אַזוי זיך אָפּצוזאָגן, אַן אייניקל פון דעם בעל שם טוב אַליין!... מען זאָגט — האָט ער אַראָפּגעלאָזט נידעריקער

זיין שטימע — אַז מיט דעם אייבערשטן אַליין פּלעגט ער שמועסן... ביחידות — האָט ער צוגעגעבן.

— זעסטו! דאָס שוין נישט, דאָס גלייב איך נישט! — האָט זיך אָנגערופן נאָמע פּאַסט.

— וואָס, דאָס גלייבסטו נישט, האָסטו געזאָגט? — איז שיעלע אויפגעשפּרונגען, ווי מען וואָלט אים אַרויפגעזעצט אויף אַ שטיק צעגליט אייזן — איז אַ מסקנא, אַז דאָס איז נישט אמת!... און אַז דאָס איז נישט אמת... איז פון דאַנען ווידער אַ מסקנא, אַז דאָס איז אַ ליגן!... און ווידער, אַז דאָס איז אַ ליגן... איז פון דאַנען געדרונגען, אַז רב נחמן ברעסלאָווער — נישט מיט מיין מויל געזאָגט — איז געווען אַ ליגנער?!... און מיט אַ ליגנער וועט דער אייבערשטער וועלן שמועסן?... האַ? וואָס זאָגט איר, יידן? — האָט ער זיך איצט געווענדעט צום גאַנצן עולם.

— און טאַקע אין וועמענס זכות האָט פּראַדל איטשע פּעשעס געבוירן אַ זון? — האָט ווייטער געצויגן שיעלע בטלן — אַז נישט פון רב נחמן ברעסלאָווער? אַלע יידן ווייסן, אַז זיין אשה איז געווען אַן עקרה... מ'ווייסט נישט, אפשר האָט זי ליכט־בענטשן נישט אַזוי אָפּגעהיט, אָדער די מקוה נישט אַזוי מדקדק געווען, צי גאָר אַ פּאָר האָר געטראָגן אונטערן שייטל, און איטשע האָט נעבעך דערפון צאַרנישט געוווסט, און דערפאַר האָט זי גאָט געשטראָפט און פאַרמאַכט איר טראַכט.

איטשע פּעשעס האָט שוין געהאַט בדעה צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, נעכטיקן דאָרט אויף דעם קבר פון רב שמעון בן יוחאי, ווייל דאָס איז אַ גרויסע סגולה צו קינדער האָבן — האָט ער צוגעגעבן זייער ערנסט — אַ קלייניקייט, אַזוי פיל יאָר נישט צו האָבן קיין קינד און דאָס וויכטיקסטע, נישט איבערצולאָזן קיין קדיש.

נאָר ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל, אַ ייד אַ למדן גיט זיך אַן עצה, האָט ער זיך געטראַכט: לאָמיך פריער דערווייל איבערנעכטיקן אויף דעם קבר פון רב נחמן ברעסלאָווער... נו, וואָס מיינט איר, יידן?... באַלד איז זיין אשה געוואָרן מעוברת און געבוירן אַ זון... שיעלע האָט טריומפירנדיק אַ מאַך געגעבן מיט ביידע הענט — נו, נאָמע — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין קעגנער — איצט האָסטו שוין נישט וואָס צו זאָגן... האַ?...

— איטשע האָט טאַקע שפּעטער אַנידערגעלייגט ביים בעלזער צדיק אויף דעם טיש אַ קוויטל מיט צוויי און פופציק דאָלער, אַזוי פיל וויפל „בן" באַטרעפט — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ נידעריקערן שוין טאָן — אָבער קיין ארץ־ישראל האָט ער שוין נישט באַדאַרפט פאָרן...

דאָס מאָל איז נאָמע פּאָסט געווען דער באַזיגטער, און אַלע זענען אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן...

די טיר האָט זיך געעפֿנט, און אין קלויז איז אַרײַנגעקומען איכל קליין. ער איז גלײַך צוגעגאַנגען צו דער שאַפֿע מיט ספֿרים, וואָס איז גע־שטאַנען נישט ווײַט פֿון דער האַנט־פֿאַס, אַרויסגענומען זיך זײַן גמרא און זיך געלאָזט גלײַך צום טיש לעבן אײַזיקלען. ער האָט אָנגעצונדן אַ שטיקל ליכט, אָנגעשמאָלצן אויף דעם שטיין, געעפֿנט די גמרא און זיך אָנגעהויבן שאָקלען ווי ביים לערנען.

אַזוי זענען זיי אַלע דרײַ געזעסן, יעדער אויף אַ באַזונדער אָרט, עס זאָל נישט זײַן אויפֿפאַלנד און געוואַרט, אַז זיי זאָלן בלײַבן אַליין... אָבער די פֿון אונטערן אויוון האָבן זיך גאַרנישט געאײַלט אַהיים צו גיין. דער וכוח איז געווען אין פֿולן ברען איבער אַלע נײַע ענינים.

— אויך מיר אַ גרויסע קונץ, אַ קאַלענדאַר! מיט וואָס האַלטן זיי זיך אַזוי גרויס די אפּיקורסים?! — האָט געשריגן רב באַסקעלע — וואָס וואָלטן זיי אַשטייגער געטאָן, ווען דער אייבערשטער, למשל, ענדיקט די וואָך אין זעקס טעג? אָדער איך ווייס — דאָ האָט ער געכאַפּט אַ קלער — ווען ער וואָלט באַשאַפֿן נאָך אײן זון און די וואָך דויערט אַכט טעג און נישט זיבן? וואָס וואָלטן זיי דעמאָלט געטאָן מיט זייער קאַלענדאַר?

— מאַקע גערעכט, רב באַסקעלע, מאַקע גערעכט! האַ! האַ! האַ! — האָבן אַלע אָנגעהויבן הילכיק צו לאַכן פֿון די אפּיקורסים.

— און עס מיינט, דאָס זיי זענען שולדיק מיט זייערע חשבונות, וואָס זיי ווילן מאַכן פֿון גאָטס וועג און שטעג? — האָט זיך אָנגערופֿן שלום מנשהס — אַלץ דער שטן, דער יצר הרע, דער כוח הטומאה, רחמנא לצלן! זיי זאָגן אונטער, און דער זינדיקער מענטש פֿאָלגט זיי.

— מאַקע גערעכט, רב שלום, מאַקע גערעכט — האָט מען איצט ווי־דער צוגעגעבן קוראַזש שלום מנשהס...

דאָס לעצטע שטיקל ליכט אויף דעם גרויסן מעשענעם הענגלייכטער, וואָס איז געווען איבער דעם באַלעמער, האָט אָנגעהויבן צאַנקען. אין קלויז איז געוואָרן אַלץ טונקעלער.

די עטלעכע בחורים האָבן שוין פֿאַרמאַכט די גמרות, געקושט די מזוזה און געלאָזט זיך אַהיים. אויך די בטלנים האָבן זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג אַרײַן...

אין קלויז איז געוואָרן שטיל, ווי אין אַ גרויסער קלאַפּ־מיל, אין וועלכער מען האָט מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט דעם רודער. בלויז פֿון צייט צו

ציים האָט זיך נאָר געהערט דאָס טריפן פון וואַסער דורך די אויסגעריי־
בענע צוויי צאַפּנס פון דער בלעכענער האַנט־פּאַס, וועלכע איז געווען
איינגעמויערט אין דער וואַנט נישט ווייט פון דער טיר. פון דרויסן האָט
זיך געטראָגן דאָס וואָיען פון דעם ווינט, וואָס האָט געקלאַפּט אין די
צענדליקער קליינטשיקע שייבלעך פון די גרויסע פענצטער פון דעם הויכן
בנין, וואָס איז געווען ווי אַ פעסטונג פון די וואַרישער חסידים.

די ווייזערס פון דעם וואַנטזייגער האָבן זיך דערנעענטערט צו
האַלב עלף...

— איך מיין, אַז מיר קאָנען צוטרעטן — האָט איבערגעריסן די
שטילקייט אייזיקל.

די חברים האָבן אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט זיך צוגערוקט נעענטער
צו זיך. זייערע גמרות האָבן זיי געלאָזן אָפן ווי ביים לערנען. אַלע דריי
ליכטלעך האָבן זיי צוזאַמענגעשמאָלצן אין איינס און עס אַנידערגעשטעלט
אויף דעם שטיין, וואָס איז געלעגן אַ פאַרשמאָלצענער מיט חלב אויף
זייער טיש.

— איך עפן די זיצונג פון דעם קעמערל פון קאָמיוג. — ביידע
חברים האָבן געוואַנדט זייערע בליקן אויף אים און באַטראַכט אים ווי
אַ דערפאַרענעם חבר. אייזיקל האָט אַוועקגעשטעלט עטלעכע ענינים צו
באַהאַנדלען. ברייטער האָבן זיי אַרומגערעדט די אָנווייזונגען פון דעם
חבר סמאָל פון לעמבערג וועגן בלייבן ווייטער אין קלויז. דאָס איז געווען
אַ האַרטע נוס. פירן אַ טאָפּלט לעבן. זיי האָבן זיך געוואָלט באַפרייען
פון קלויז, און דאָ פונקט פאַרקערט. פירן אַ לעבן, וואָס איז פאַרבונדן
מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קאָנספּיראַציע. זיי האָבן אָבער דיסציפּלי־
נירט אויפגענומען די דירעקטיוו פון דער אָנפירונג און איינער דעם צווייטן
איבערצייגט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין.

זיי האָבן אויך באַשלאָסן, אַז איטשל זאָל זיך פאַרבינדן מיט זיין
שוועסטער־קינד — פייוושע קליין פון די באַראַקן און אייזיקל — מיט זיין
שוועסטער־קינד יאָסל שטראַוס...

ווען זיי האָבן פאַרלאָזט די קלויז, האָט אייזיקל אַ קוק געטאָן אויף
דער באַגילדעטער אויפשריפט איבערן ארון־קודש: „כי מציון תצא תורה
ודבר יי מירושלים“. אייזיקל האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער געזעגנט
זיך מיט אַ זאַך, וואָס איז פאַר אים געווען אייגן און וועט זיך מיט איר
שוין נישט באַגעגענען. נאָר אין האַרצן האָט גענאָגט עפעס אַזאַ מאָדנע

בענקשאַפֿט נאָך דער צייט, וואָס איז פֿאַרפֿלאָסן מיט דעם חלבנעם ליכטל איבער דער גמרא, נאָך די יאָרן פֿאַרלאָזענע אין קלויז.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די זיצונג אין קלויז געווען דער ערשטער קאָמוניסטישער צוזאַמענקום צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַריש בכלל.

*   *

*

די אַרבעט אין קלויז איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט פֿאָרויס. די פּאַרטיי האָט דאָ געטראָפֿן אויף זייער אַ גוטן באָדן. דאָס זענען געווען יונגע מענטשן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך וועלטלעך וויסן. יעדעס ביכל, וואָס איז פֿאַר זיי צוגעשיקט געוואָרן, האָט אַרויסגערופֿן נאָך אַ שטאַרקערן דראַנג און בייגער צו דער נייער פֿאַר זיי לערע, וויסן און וועלט.

דאָס זענען געווען מיינסטנס קינדער פֿון אָרעמע היימען, קינדער, וואָס האָבן טאָג־טעגלעך זיך צוגעקוקט צו דעם שווערן געראַנגל פֿון זייערע טאַטע־מאַמע פֿאַר פּרנסה. זיי האָבן געזען די גויט פֿון זייערע שכנים, בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געאַרבעט ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט אַריין און נישט געהאַט אויף שבת, קבצנים, דאָרפֿסגייער און ענלעכע אָרעמעלייט, מיט וועלכע ס'איז געווען פֿול דאָס גאַליציש שטעטל וואַריש... די דערלייזערישע אידעע אָפּצושאַפֿן די אָרעמקייט האָט דעריבער זיך זייער שנעל אָנגענומען צווישן דער יוגנט פֿון דער יידישער אָרעמקייט.

אויף דער צווייטער זיצונג פֿון קלויז־קעמערל זענען שוין געווען יאָסל שטראַום און פֿיישע קליין.

# קאַפּיטל 15

# די גרויסע מתנה

אין שטעטל איז היינט אַ גרויסער יום־טוב. קליין און גרויס טוט זיך היינט זאַמלען אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ, נעבן ישׂראל־יצחק הירש־טריט דעם פּאַרלעגער, ווייל דאָרט האָט דער מאַגיסטראַט באַשטימט די סטאַציע פון דעם אויטאָבוס, וואָס וועט פון היינט אָן פאַרבינדן וואַרשע מיט דער גרויסער און ברייטער וועלט... די לופט איז אָנגעפילט מיט אַזאַ ליבער וואַרעמקייט, ווי זי וואָלט וועלן דערמיט נאָך מער פאַרגרעסערן די שמחה. מיידלעך אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידלעך האָבן שפּאַצירט לענגאויס דעם מיט שטיינער געפּלאַסטערטן וועג, וואָס מען האָט גערופן „דער שטראָס". געצויגן האָט ער זיך פון דעם הויז, וווּ עס האָט געוווינט דער פּרעזעס פון דער קהילה, עזריאל ריימאַן, ביז דעם קליינעם בריקל פון דער פּאָרשטאָט.

פון מינוט צו מינוט זענען געוואַקסן די רעדלעך מענטשן.

די גרויסע לייט פון דער שטאָט, ווי דער וויט, דער שול־דירעקטאָר, דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, דער וואַלד־הענדלער מרדכי אונגער זענען געקומען צו דער שמחה, נאָר זיי זענען געשטאַנען אין אַ באַזונדער רעדל.

אויך רב ישׂראל חיים מיט זיין שטענדיק שאָקלענדיקן זיך קאָפּ און פאַרהיקען זיך, וואָס ס'איז אים געבליבן פון אַ קראַנקהייט, האָט זיך דערנענטערט צו אַ רעדל יידן, וואָס איז געשטאַנען נישט וויט פון זיין טאָבטער גאָלדעס געוועלב.

— וואָס זזאָגט איר, יידן, ער וועט טטטאַקע קקקומען, דער סססאַמאָכוד?...

— וואָס הייסט צי ער וועט קומען — האָט זיך געבייזערט יאַנקל הענינע גאָלדעס איידעם — עס איז דאָך אַ זאַך, וואָס איז באַשטימט פו־

נעם מלכות. אין שוין שפּילער האָט ער צוגעגעבן: — הייסן הייסט ער נישט סאַמאָכוד, נאָר אויטאָבוס.

— פּע־שמע! — האָט געענטפערט ישראל־חיים, אַ ביסל בייז — אַ חילוק — ווי סע הייסט — אַ־אַ־בי ססע — פּפּפאָרט — אאַאַליין!

— מען שמועסט — האָט זיך אָנגערופן גרשון שיקלער — אַז ער וועט פאָרן קיין לעמבערג דורך בעלז און סעקאל.

— וואָס רעדט איר, ס'איז טאַקע אמת? — איז אַזש פאַר פרייד אונטערגעשפּרונגען יאַנקל העניע גאָלדעס — וועט מען דאָך קאָנען פאָרן אויף די יום־טובים צום בעלזער צדיק מיט דעם אויטאָבוס...

— דו פּושע ישראל, וואָס דו ביסט! — איז בייז אויפגעשפּרונגען רב חיים האווער — צום בעלזער צדיק וויל ער פאָרן מיט אַן אויטאָבוס. האָט עץ געהערט אַ מעשה! מיין פוס וועט דעם סאַמאָכוד נישט איבער־טרעטן — האָט ער גלייך צוגעגעבן — אפשר ווילסטו שוין אויך העלפן ביי שלמה וואָלפן צונעמען די פּרנסה? — האָט ער אָפּגעמאָסטן יאַנקלען פון קאָפּ ביז צו די פיס — איך בין ביז איצט געפאָרן און אם־ירצה־השם ווייטער פאָרן נאָר מיט שלמה וואָלפס פערד־און־וואָגן. חוץ לזה, ס'זענען שוין אַזוינע נסים געווען; אין חדש תחת השמש. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען.

— ער איז טאַקע גערעכט רב חיים, טאַקע גערעכט! — האָבן אים באַגלייט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

— ער פאָרט! ער פאָרט! — האָבן זיך דערהערט פרייידיקע גע־שרייען פון די יינגלעך, וועלכע זענען פאַרסאַפּעט געלאָפן פון דעם בעלזער וועג. אַלע האָבן געווענדט זייערע בליקן צו אשר מייזעלעס הויז, ווייל פון דער זייט האָט זיך געדאַרפט באַווייזן דער אויטאָבוס.

אַלע האָבן דערזען פונדערווייטנס אַ גרויסן וואָלקן פון שטויב אין דער לופטן. לענגאויס דעם אַזוי גערופענעם פּוילישן וועג איז אָנגעפאָרן דער אויטאָבוס. אַ גאַנצע מחנה קינדער, יידישע און נישט־יידישע, זענען אים נאָכגעלאָפן מיט אַלע כוחות, וואָס זיי האָבן נאָר אין זיך געהאַט, שוין פון דער וואַרישער פאָרשטאָט. די פנימלעך פון די קינדער זענען געווען שוואַרץ פון דעם שטויב און רויך פון דער מאַשין, נאָר די פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט זיי נישט געאַרט.

אויפן פּלאַץ האָבן די מענטשן אים געמאַכט אַ ברייטן ברוך־הבא, אָפּטרעטנדיק אין צוויי רייען, צווישן וועלכע ער איז אַריינגעפאָרן. נאָר

באַלד איז ער געבליבן ווי פֿאַרמאַכט אין אַ ראָד פֿון נייגעריקע מענטשן, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט.

אויך אייזיקל איז געקומען אויפֿנעמען דעם אויטאָבוס. דומקעוויטש האָט אים צו וויסן געגעבן, אַז שמואל טאָלקעס פֿון בעלז וועט קומען מיט אים צו פֿאָרן און ברענגען ליטעראַטור.

מיטן אויטאָבוס זענען געקומען אַ סך מענטשן, אַ גרופּע דאַטשני־קעס צו קרובים אויף זומער, צוויי אָפֿיצירן, עטלעכע ייִדן, וועלכע זענען געפֿאָרן קיין לעמבערג נאָך סחורה, אַ באַאַמטער פֿון דער וואַרישער גמי־נע. צווישן זיי איז אויך אויסגעשטיגן שמואל טאָלקעס...

איצט האָבן אַלע שוין געקאָנט שמילן זייער נייער. מען האָט זיך געשטופּט. יעדער האָט געוואָלט באַקוקן אים פֿון אַלע זייטן. עס האָבן אויך נישט געפֿעלט אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוווט אַ בליק צו געבן אי־נעווייניק.

צוזאַמענגעסטן האָט געוויישט דאָס וונטוואַרג. מען האָט זיך אָנגעהויבן שפּאַרן פֿון וואָס דאָס אָדער יענץ איז געמאַכט.

שמואל טאָלקעס האָט דאָס שטעטל גוט געקענט. נישט פֿרעגנדיק קיינעם האָט ער זיך גלייך געלאָזט צו די אַזוי גערופֿענע „וויין־הייזער" און פֿון דאָרטן מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט געפֿירט צום בית־הקבֿרות. שמואלן איז אויך נישט געווען שווער צו דערקענען. ער איז געווען קרום אויף איין פֿוס. אייזיקל האָט אים גלייך באַמערקט.

אייזיקל האָט זיך געלאָזט נאָך אים, נאָר זיך געהאַלטן אַ ביסל פֿונדערווייטנס. הינטער דעם בית־הקבֿרות האָט ער צוגעאײַלט זיינע טריט און זיך אויסגעגלייכט מיט טאָלקעסן.

— אַ גרוס אייך פֿון די קלויז־יינגלעך — האָט אייזיקל זיך אָנגערופֿן לויט דעם אָפּגערעדטן צייכן.

— איר וועט זיי איבערגעבן די מתנה — איז געווען דער ענטפֿער.

זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט און זיך געלאָזט אַרויפֿגיין אויפֿן בית־הקבֿרות. צווישן עטלעכע אַלטע מצבֿות, וואָס זענען געשטאַנען ווי פֿאַריתומט אין אַ וואַלד פֿון לאָזשינעס, קשאַקעס און ווינשל־ביימלעך, האָבן זיי זיך ביידע אַנידערגעזעצט. טאָלקעס איז גלייך צוגעטראָטן צו דער זאַך. ער האָט געעפֿנט דאָס קליינע רענצעלע און אַרויסגענומען צוויי איינגעוויקלטע אין פּאַפּיר פּעקלעך.

— דאָ האָט איר 25 בראַשורן פֿאַר אייער שטעטל פֿון די בעלזער חברים. דאָס דאַרף זיין דער פֿונדאַמענט פֿון אייער צוקונפֿטיקער ביבליאָטעק.

אייזיקל האָט גלייך איינס פֿון די פּעקלעך געעפֿנט און פֿאַר פֿרייד האָבן ביי אים אַזש געפֿינקלט די אויגן. ער האָט דערזען ווי אים שוין פֿון לאַנג באַקאַנטע ביכלעך: „דער ענגלישער אימפּעריאַליזם אין אינדיע" און „רבנים אין דינסט פֿון דעם פֿינאַנס־קאַפּיטאַל". עס זענען אויך געווען די ביכער — דזשאָן רידס „צען טעג, וואָס האָבן אויפֿגערודערט די וועלט", „הירש לעקערט", „ברוך שולמאַן".

— אָט דאָס איז אין קורצן די געשיכטע פֿון „בונד" — האָט שמואל געוויזן אויף אַ גאַנץ דיק בוך, מיט רויטע טאָוולען — אַ קאָמוניסט דאַרף אַלץ וויסן. כּדי צו באַקעמפֿן אַ קעגנער, מוז מען קענען זיין געווער.

אויף דעם בית־עולם איז געווען שטיל. ביידע זענען געזעסן אויף אַ בערגל ערד, מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ לאַנג שוין פֿאַרגעסענער קבר, און אַריינגעצויגן די פֿרישע לופֿט פֿון די אַרומיקע לאָנקעס און פֿעלדער. אייזיקל האָט געבלעטערט אין ביכל נאָכן צווייטן און מיט די אויגן ממש געשלונגען די קעפּלעך מיט די גרויסע אותיות פֿון די ערשטע זייטלעך.

דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ סווישטשען פֿון אַ פֿייגעלע צווישן די קשאַקעס, און קליינע ווי די קאַרליקלעך ווייניקל־ביימלעך, וואָס וואַקסן דאָ אַזוי, אָן קיינעמס הילף, האָבן זיך אומעטיקע געבויגן אונטערן ווייען פֿון לייכטן ווינטל, געשאָקלט און צעוויגט זייערע צווייגלעך. די בלעטעלעך האָבן אָנגעהויבן ציטערן גלייך ווי די, וועמענס קברים זיי טוען באַצירן, האָבן געציטערט פֿאַר יעדן נישט־יידישן שיכור און אויסוואורף.

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן. אויף דעם האָריזאָנט האָט זיך נאָך געזען אַ האַלב־צעגליטע קויל, זי האָט פֿאַררויטלט דעם בליאַסק פֿון וואַרישער טייכל, וואָס איז שטיל געפֿלאָסן צווישן זייגע שמאָלע ברעגעס, נישט וויים פֿון דעם בית־עולם...

די חברים האָבן זיך געזעגנט.

* *
*

עס איז געווען אַ שיינער שבת נאָך מיטאָג. יידן האָבן זיך צעלייגט כאַפּן אַ דרימל נאָך דעם טשאָלנט. אַנדערע ווידער האָבן זיך געלאָזט

נאָך אַ ביסל פרישע לופט צום קאַרקעווער וואַלד. שמואל שמש, ווי זיין שטייגער שבת נאָכן עסן, איז געגאַנגען אין קלויז אַריין לערנען מדרש, און דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט אין דער היים האָט איבערגענומען זיין שטיף־זון יעקב האָכנער, ווייל אויך די מאַמע איז אויף שבת געווען איינגעלאָדן צו זייערע פריינד. ס'איז געווען אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ זיצונג ביי אים אין שטוב.

יעקב האָכנער איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע בחורים אין שטעטל. אמת, די נאַטור האָט אים טאַקע מזכה געווען מיט צוויי לאַנגע אויערן און קרומע פיס, אָבער דערפאַר האָט ער זיך אויסגעטיילט פון זיינע חברים מיט זיין אינטעליגענץ און וויסן. אין וואָריש האָט שוין ממש אויסגעפעלט ביכער פאַר זיינעטוועגן...

די חברים זענען געזעסן ביים שבתדיקן טיש, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען די מעשענע לייכטער און געוואַרט. פאַר דער צייט האָט זיך די אָרגאַניזאַציע אויסגעברייטערט. היינט האָט מען געדאַרפט פונעם קעמערל מאַכן צוויי.

יעקב האָכנער „טודרוס", ווי מען האָט אים גערופן, האָט יעדן אַריינגעלאָזט דורך דער הינטער־טיר, לויט דעם אָפּגערעדטן צייכן.

עס האָט געגעבן אַ סקריפּ, די טיר האָט זיך לייכט געעפנט. אין איר האָט זיך באַוויזן אייזיקל מיט פּעקלעך אונטערן אָרעם.

די לעצטע אויף דער זיצונג איז געקומען האַניע לייפער. פון פאַך איז זי געווען אַ שניידערין און שוין גאַנץ יונג זיך גענומען צו דער אַרבעט, כדי דעם טאַטן דעם סטאָליער צו העלפן פאַרדינען פאַר דעם גרויסן הויזגעזינד, וואָס ביי זיי איז געווען.

דאָס יונגע מיידל מיט די צוויי לאַנגע בלאָנדע צעפּ, געפינענדיק זיך אַליין און אין דער געזעלשאַפט פון בלויז מענער, און דערצו האָט זי נישט אַלע געקענט, האָט זיך אין ערשטן בליק ווי פאַרלוירן. שוין לאַנג האָט ראַניע געהערט דערציילן וועגן קעמפער פאַר גלייכהייט און גערעכטיקייט. זי האָט זיך אין איר פאַנטאַזיע זיי פאָרגעשטעלט אַלס ריזן. און אָט זיצט זי צווישן זיי. און דאָס זענען גאָר פּשוטע יידישע בחורים. און זי איינע פון זיי. פון די קעמפער.

אייזיקל האָט געעפנט די זיצונג. דער עיקר איז געגאַנגען אין שאַפן צוויי קעמערלעך. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס צווייטע קעמערל זאָל באַשטיין פון די נייע חברים: יעקב האָכנער, פּיישע קליין, שמואל שיפּ־

מילער און האניע לייפער. אלס סעקרעטאר פון צווייטן קעמערל איז אויס־געוויילט געווארן יעקב האכנער — „טודרוס“.

יעדער האט גענומען עטלעכע בראָשורן און זיך פארפליכטעט זיי אויסצובאָרגן אין קרייז פון זיינע באקאנטע.

אייזיקל האט פארגעלייגט, אז די חברים דארפן ווערן איינגייער אין פייוול גלאָזס צוקערניע. יעדן אָוונט קומען זיך דאָרט צונויף מענטשן פון פארשידענע פארטייען און פירן צווישן זיך דיסקוסיעס. דאָרט קומט אָפט דער דאָקטאָר, וואָס איז דאָ נישט לאנג געקומען פון לעמבערג — לעאָן גאנגעל. ער איז א לינקער. אים האלט אונטער פייוול גלאָז אליין. דאָרטן זאמלען זיך ציוניסטן — הערש לייב דארענבערג, מאנעס גייער, בן־ציון ביק, נחום וויץ, יצחק אונגער.

— איז פייוול גלאָז אונדזערס א מענטש? — האט מיט גרויס פאר־וווּנדערונג געפרעגט איכל.

— שטעל זיך פאר — האט געענטפערט אייזיקל — ער, דעם לאש־משיווער רבס זון, מיט דער ברייטער באָרד און פאות, איז אונדזערס א סימפאטיקער, און נישט נאָר ער, נאָר אויך זיין טאָכטער. אין קורצן וועט זי אפילו ווערן א מיטגליד פון אונדזער אָרגאניזאציע...

## קאַפּיטל 16

# דער כל־בוניק

מיט אַ שווער געמיט איז אייזיקל היינט געגאַנגען אין קלויז אַריין לערנען.

ווען וועט זיך שוין דאָס ענדיקן? — האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַראָפּגייענדיק פון בערל צביהס באַרג צו דער רוימער מויער, וואָס זעט אויס ווי אַ פעסטונג צווישן די קליינע, האַלב־איינגעפאַלענע, הילצערנע, שטיבלעך.

ווי ער האָט נאָר געעפנט די טיר און איבערגעטראָטן די שוועל פון דער קלויז, האָבן עטלעכע פּאָר פייגעלעכע אויגן אים ממש דורכגעשטאָכן ווי מיט שפּיזן. עס האָט אים אָנגעהויבן פּלאָגן דער געדאַנק — צי ווייסן זיי עפּעס?... צי האָט זיך עמיעצער מיט עפּעס פאַראַטן?... אָבער ווער? און ווי אַזוי?... אייזיקל איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפע מיט ספרים, וווּ עס איז געשטאַנען זיין גמרא. נאָר מיטאַמאָל איז פאַר אים אויסגעוואַקסן ישראל־חיים און פאַרשטעלט דעם וועג. אייזיקל האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, ווי ער וואָלט מיט זיינע אויגן האָבן געפרעגט — וואָס האָט איר צו מיר? ער האָט אויף קיין ענטפער לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. ישראל חיים האָט אָנגעהויבן קלאַפּן מיט זיין פאַרקרומטן שטעקן אין בריק און געשטאַמלט, שאָקלענדיק הערבײַ מיט זיין גרייז־גרויען קאָפּ — פּ־אַ־אַ־אַ וואַ־אָס גיי־יי־יי־סטו ני־י־שט רײַ־טן אוי־פן באַ־באַ־צי־קל?

— טאַקע אַזוי, טאַקע אַזוי! — האָבן זיך געהערט קולות פון די בטלנים.

פאַרגליווערט איז אייזיקל געשטאַנען. דאָס בלוט האָט אין אים אָנגעהויבן שטאַרק צו קאָכן. אָבער ער האָט זיך באַמיט צו באַהערשן.

ישראל־חיים האָט זיך אויך נישט גערירט פון זיין אָרט.

עס זענען געשטאַנען אַנטקעגן זיך צוויי וועלטן...

אויס דרך־ארץ פאַר ישׂראל־חיימס גרויען קאָפּ האָט אייזיקל געפּרוווט אויסמיידן אים און צוגיין צו דער שאַפע. אָבער ישׂראל־חיים איז אים נאָך. אייזיקלס אויסגעשטרעקטע האַנט נאָך דער גמרא האָט געקרייצט ישׂראל־חיימס שטעקן...

— צו די ערלים, צו די שקצים זאָל ער גיין! — האָבן זיך געהערט געשרייען פון די קלויזניקעס. אין דער לופטן האָט אייזיקל דערזען פאַרביילטע פויסטן.

— פאַרשטיינערן דאַרף מען אַזוינעם, פאַרשטיינערן! — האָט געליאַרעמט שיעלע בטלן.

זיי זענען צו אַלעם פעיק — האָט ביי אייזיקלען אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק, באַטראַכטנדיק די צעהיצטע פּנימער פון די חסידים, וואָס זענען שוין אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער, ווי זיי וואָלטן נאָר געוואַרט אויף דעם גינסטיקן מאָמענט, כּדי אויף אים זיך צו וואַרפן.

ער האָט אַוועקגענומען זיין האַנט פון דער שאַפע מיט ספרים און זיך צוריקגעצויגן אויף עטלעכע טריט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט אייזיקל פאַרלאָזט די קלויז שוין אויף תּמיד.

צווישן די חסידים האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. ישׂראל־חיים, אַ צופרידענער פון זיין זיג, האָט ערשט איצט אָנגעהויבן אויפסניי צו דערציילן די געשיכטע מיט דעם ראָווער, און דאָס מיט אַלע איינצלהייטן.

— איר ווייסט דאָך, דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן יעדן טאָג זיך אַ ביסל דורכגיין נאָך אַ קאַפּל פרישע לופט. בין איך נעכטן אַרויס אונטער דער שטאָט. נו... וואָס מיינט איר... איך זאָג אייך יידן בעיני ראיתי — האָט ער זיך געגעבן דערביי אַ קלאַפּ מיט זיין האַנט אין האַרץ — ווי הער ימח־שמוניק האָט אויסגעטאָן זיין זשיפּעצע מיט דעם קאַפּעליוש און זיך אַרויפגעזעצט אויף דעם בייציקל פון דעם ערל, וואָס וווינט נעבן יוחנן לאַבאַן — און געריטן...

— בגלוי ראש... און אויף אַ בייציקל! — האָט אויסגערופן שיעלע הערש ליפּעלעס — וואָס מען האָט אים גערופן דער בטלן. — רחמנא לצלן, רחמנא לצלן! — האָט ער זיך אָנגעהויבן שאָקלען אויף לינקס און אויף רעכטס, דרייענדיק דערביי מיטביידע הענט די צוויי לאַנגע שוואַרצע פּאות.

— אמת, יידן, אמת! — האָט מיט אַ טיפן זיפץ אַרויסגעשטאַמלט ישׂראל־חיים.

— ווער ווייסט, צי ער איז גאָר מזרע ישראל — האָט מיט אַ למדנישן טאָן זיך אַריינגעמישט יצחק אַנטשעלעס... — לייבוש איז טאַקע אַ ווילער ייד, אַן ערלעכער ייד, נאָר די מאַמע, די מאַמע... ווו האָט מען עס געזען, דאָס אַ יידישע טאָכטער זאָל טראָגן די אייגענע האָר! רבונו של עולם! — האָט ער אויפגעהויבן ביידע אויגן צום הימל.

— ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל, אַז מען זייעט קאָרן, גייט נישט אויף קיין ווייץ, הע, הע, הע — האָט מיט אַ שפּיציק געלעכטערל צוגעגעבן דער אַלטער כאַסקעלע.

— מען דערציילט — האָט אומטערהוסטנדיק אָנגעהויבן חיים ראַהער, קראַצנדיק זיך דערביי מיט ביידע הענט דורך דער יאַרמלקע אין קאָפּ — אַז די מאַמע זיינע, ווען זי איז געגאַנגען צו טבילה נאָך דער התונה, איז נאָך איידער גיטל די טיקערין האָט אַרויסגעזאָגט דריי מאָל כשר — איז זי אַרויסגעלאָפן פון דער מקוה און זיך אָנגערופן, נישט מיט מיין מויל געזאָגט, איך וויל אפילו נישט איבערחזרן אירע רייד, אַז די מקוה איז נישט ריין, אַז זי פילט זיך גאָר, איר הערט, יידן! אַ זינדיקע אשה גייט גאָר פּסול מאַכן די מקוה. און די נעגל האָט זי אויך זיך אַליין אָפּגעשניטן... און אפילו נישט געלאָזט קיין בליק געבן דער טיקערין, צי זי האָט אַלץ מדקדק געווען, ווי עס דאַרף צו זיין.

— פונדעסטוועגן דאַרף מען נישט זיין אַזוי שטרענג — האָט שטיל זיך אָנגערופן אברהם־משה יעקב שמואלס, דער איידעם פון בעלזער רבס באַי, — אונדזערע חכמים זאָגן: הווה דן את כל האדם לכף זכות. ער איז נאָך אַ יונגער בחור און מען דאַרף אפשר אויף אים מער אויפפּאַסן ווי אויף אַנדערע, טאַקע דערפאַר וואָס די מאַמע איז נישט קיין פרומע. און וואָס טאַקע נוגע זי אַליין, טאָר מען אויך נישט פאַרגעסן, וואָס זי האָט געטאָן פאַר רב שמעלקע שוחטס וועגן. ווען שמעלקע שוחט איז נישט צוריק געקומען פון זיין אורלויב צום מיליטער, אַן ערלעכער ייד האָט נעבעך געוואָלט ימים נוראים דאַווענען אין אַ מקום קדוש, בציבור, איז דער וואַכמייסטער אַליין געקומען אים אַרעסטירן. נו... איז ווער־זשע האָט זיך איינגעשטעלט, אויב נישט שיינדל... זי איז דאָך טאַקע אַן אשה אַ יפת תואר, רעדט גויאיש, ווי אַן ערל אַליין, האָט זי דעם וואַכמייסטער פאַררעדט, און רב שמעלקע האָט זיך דערווייל פאַרשטעקט אויפן בוידעם... האָט זי נישט געטאָן אַ גרויסע מצוה? מיינט איר אפשר, אַז אויף דעם עולם־אמת האָט מען איר דאָס נישט פאַר=

שריבן?... אַ קלייניקייט, צו ראַטעווען אַ ייד אין אַזאַ גרויסער סכנה... און ווידער איר שרייבן בריוו פֿאַר יידן. ווער געדענקט נישט די גזירה אויף יידן, זיי זאָלן צאָלן שטראָף פֿאַר נישט אויפֿשטעלן די ביידלעך ביים מכין זיין?... מילא, משוגעת איז טאַקע משוגעת, אַז ס'איז דאָ אַזאַ גרויסער פּלאַץ הינטער דער שעכט-יאַטקע, וווּ די גאַנצע שטאָט קאָן גיין... דאַרף נאָך יעדער ייד אַ באַזונדער בית-הכסא. נאָר וואָס קאָנען יידן טאָן, מען איז דאָך פֿאָרט אין זייערע הענט. וועסט זיך גיין אַנטקעגנשטעלן דעם מלכות? און אַ גזירה בלייבט אַ גזירה... און די אשה האָט טאַקע אָנגעשריבן אַ „פּאָדאַניע" צום סטאַראָסטע אַליין. צו אַזאַ מלכות איז טאַקע נישט קיין שפּילעכל. איז דאָס געווען אַ געשריפֿטס, דערציילט מען, אַ כּתב יד, טאַקע ווי צו אַ מלכות — און מען האָט אָפּגעמעקט די שטראָף... איז דאָס נישט קיין זכות... האַ, יידן?

— אוי, אברהמטשע, אברהמטשע, ווי קאָנט איר דאָס פֿאַרגלייכן מיט דעם, וואָס דער פּושע-ישראל האָט געטאָן? — האָט זיך אָנגערופֿן יידל פּסחס, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן און געדרימלט — ער איז דאָך געריטן בגלוי ראש! און דערצו נאָך בפרהסיא! — קראַצנדיק זיך דערביי גאָר שטאַרק מיט דער פּלייצע ביים קאַנט פֿון אויוון.

— און וויפֿל איז דען דאָ! — האָט אַ געשריי געטאָן שיעלע בטלן — אַז דער כּל-בוניק האָט געפֿרעגט — נישט מיט מיין מויל געזאָגט — ווער ס'האָט באַשאַפֿן גאָט? מען טאָר דאָך אַזוינס אין קיין יידישער שטוב נישט אַריינלאָזן! עוקר מן השורש זיין דאַרף מען אים! — האָט ער צוגעגעבן נאָך מיט אַ דריי מיטן גראָבן פֿינגער...

דער וכּוח האָט זיך אַזוי געצויגן ביז אין אָוונט אַריין.

קאפיטל 17

# די פעדים צום בית־עולם

עס איז שבת־צונאכטס. איבערגעץ ברענט נאָך נישט קיין ליכט. פון די שולן און בתי־מדרשים הערט זיך דאָס געזאַנג פון די זמירות. דער שלוש־סעודות ווערט געפּראַוועט אין דער פינצטער. יעדער ייד נעמט אַרויס פון דער קעשענע דאָס עסן, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען און מאַכט זיך ביחידות זיין סעודה. איינער האָט מיטגענומען אַ פיש־קיילעכל מיט אַ שטיקל שבתדיקע חלה, אַ צווייטער — אַ שטיקל געבדזן־פלייש, ווער בלויז אַ שטיקל הערינג, פון וועלכן עס קאַפּעט נאָך דער ליאַק...

יעדער האָט זיך דאָ זיין ריי און זיין זמר. אָנגעהויבן זינגען האָט רב הערש גרינער, אַ ייד אַ סוחר, פון באַלעבאַטישן שטאַנד, וואָס האָט אַ שיינע לעדער־קראָם. דערפאַר האָט ער ביים שלוש־סעודות אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. ער זינגט „יום זה מכובד מכל ימים". זיין זמר ווערט גלייך אונטערגעכאַפּט פון די יונגע קלויז־בחורים און אָט זינגט שוין דער גאַנצער עולם.

אַ זילבערנער שטראַל פון דער לבנה רייסט זיך אַריין דורך די קליי־נע שייבלעך פון די הויכע קלויז־פענצטער און באַלייכט די צעשטראַלטע פּנימער פון דער צעזוונגענער עדה יידן. נאָר מיטאַמאָל פאַלט אַריין אין געזאַנג אַ לוסטיקייט. דאָס האָט זיך יאַנקל העניע גאָלדעס אַריינגעריסן מיט זיין נייעם זמר, וועלכן ער האָט געבראַכט פון דעם בעלזער הויף. יידן וואַרטן אָפּ אַ פּאָר רגעס, כדי צו כאַפּן דעם טאָן און שוין זינגען אַלע מיט ווי אַן אַלט־באַקאַנטן ניגון.

פּלוצעם ווערט די גאַנצע שמחה איבערגעריסן. פון דרויסן לאָזן זיך הערן יאָמערלעכע געוויינען פון ווייבער. די קולות טראָגן זיך אַלץ נע־

נענטער און נענטער. אייניקע יידן לויפן אַרויס אויף דער גאַס. אויך פון די אַרומיקע הייזלעך האָט מען גענומען אַרויסקוקן.

מענטשן זענען דערשראָקן, די פּנימער בלאַס, יעדער זוכט אַן ענטפער אויף דעם ליאַרעם. ער ווייסט, אַז אַזאַ געוויין איז אַן אָנזאָג פון אַן אומגליק, וואָס האָט עמעצן געטראָפן.

— טויבעלע פּיוווישלס איז נעבעך שטאַרק איינגעפאַלן — רופט זיך אָן די שייעכע צו די ווייבער, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן משה בלעכערס הויז און מיט טרויעריקע בליקן באַגלייט די וויינענדיקע מחנה, וואָס איז אַראָפּגעגאַנגען פון בערל צביהס באַרג.

אויפן הימל האָט זיך באַוויזן אַ שטערן... שמואל שמש האָט גלייך גענומען אָנצינדן דאָס ערשטע ליכטל און עס אַריינגעשטעלט אין דעם מעשענעם הענגלייכטער, וואָס נעבן די טרעפּ צום ארון־קודש. גלייך באַוויזן זיך אויך ליכט אין די קליינע יידישע הייזלעך, וואָס שטייען אין שכנות מיט דער קלויז.

— בעט יידן, בעט — האָט זיך דערהערט דאָס יאָמערלעכע קול פון ריוועטשע ליפּעלעס — נאָך איר איז געגאַנגען מינטשע רייכמאַן, טויבעלעס שכנטע, די בלינדע גליקעלע, גאָלדע בינעס און איר שוועסטער מלכה, צביה דעם מוהלס. אין קלויז זענען אַריינגעגאַנגען בלויז די פרומסטע פון זיי, די איבעריקע זענען געבליבן ביי דער טיר... ס'איז דאָך אַ מקום־קודש און צווישן מאַנסבילן, ווי קאָן דאָס אַ זינדיקע אשה אַזוי גלאַט אַריינגיין!...

די יידן האָבן גלייך פריי געמאַכט דעם וועג צום ארון־קודש.

— זאָגט תהילים, יידן! — האָט זיך דערהערט דאָס געוויין פון ריוועטשען... די ווייבער זענען צו ביז צו די טרעפּ פון ארון־קודש און מורא געהאַט ווייטער זיך צו רירן. אַן אימה איז אויף זיי געפאַלן — ווער ווייסט, צי זיי זענען ראוי זיך צו דערנעענטערן צו די הייליקע ספרי־תורות?...

— ווייבער, עפנט דעם ארון־קודש! — האָט זיך געהערט די באַסיקע שטים פון רב הערש גבאי, אַ הויכער און שטאַרקער ייד, מיט אַ לאַנגער און ווייסער באָרד און פּאות. רב הערש איז אויך געווען פון די ערשטע גמרא־מלמדים אין שטעטל. זיין וואָרט האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסע וואָג.

געבויגן אין דרייען, זענען ריוועטשע, גליקעלע און מינטשע אַרויף מיט די טרעפּ און מיט ציטערנדיקע הענט האָבן זיי באַרירט די טירלעך פון דעם ארון־קודש.

— רבונו של עולם, האָט נישט אָפּ אַזאַ יונגע צווייג! — האָט גע־
בעטן מינטשע.

— אַזאַ יונגע נשמה, נעבעך! — האָבן ווידער אָנגעהויבן אַלע דריי
מיטאַמאָל...

זייערע קולות זענען שוין געווען גאַנץ הייזעריקע און די אויגן געשוואָלן
פונעם וויינען.

יידן האָבן דערווייל אָפּגעזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים...

אין דער היים איז דער אָרעמער פּיווישל נעבעך געשטאַנען אַ הילפס־
לאָזער און זיך צוגעקוקט צום טויט־געראַנגל פון זיין עלטסטער טאָכטער.

אין שטוב זענען יעדעס מאָל אַריינגעקומען פרישע ווייבער מיט
נייע עצות און נייע סגולות.

טויבעלע איז געלעגן אַ בלאַסע אויף איר בעט און שווער געאָטעמט.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפענט די טיר, און ס'האָט זיך באַוויזן די אַל־
טע באָבע סימע.

— וואָס שטייט עץ, ווייבער? — האָט זיך געהערט איר הייזעריק
קול — מען דאַרף אויסמעסטן דעם וועג צום בית־הקברות!...

ווי אויף אַ באַפעל האָט העניע־גאָלדע אַרויסגענומען אַ גרויסן קנויל
פאָדעם, איין עק גלייך צוגעבונדן צו טויבעלעס בעט, ביים רעכטן פוס
פון איר צוקאָפּנס.

צענדליקער ווייבער מיט לאַמטערנס אין די הענט האָבן דעם פאָדעם
געצויגן ביז צו דער שול, אַרויף צום ארון־קודש און פון דאַנען גלייך
אויפן בית־עולם, צו דער מצבה פון דעם נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם
רב פון וואַריש — רב פּנחסל.

קליין און גרויס האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, כדי צו ראַטע־
וועט טויבעלען. אַלע האָבן געהיטן, אַז דער פאָדעם זאָל חלילה אויפן וועג
פון עמעצן נישט ווילנדיק איבערגעריסן ווערן... דריי מאָל האָט מען
אַרומגעוויקלט דעם פאָדעם אַרום דער מצבה פון רב פּנחסלען און דער־
נאָך געצויגן צים קבר פון טויבעלעס מאַמען — קיילע...

סימע האָט זיך דאָ אויסגעקענט, ווי ביי זיך אין דער היים. אויסנ־
וויניק האָט זי געדענקט, ווער נעבן וועמען ליגט, ווען יעדער איז גע־
שטאָרבן. וועמענס מצבה איז אומגעפאַלן, וועמענס איז צעשפּאָלטן גע־
וואָרן. טאַקע דערפאַר האָט מען נישט לאַנג געדאַרפט זוכן קיילעס קבר,
כאָטש קיין מצבה האָט זי נאָך נישט געהאַט.

— קיילע בת אַנטשל — האָט סימע אויסגערופֿן מיט אַן אויסגע־צויגענער שטימע — אַלע זענען פֿאַר שרעק ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן... אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, בלויז אַ ווינטל האָט געבלאָזן און געשאָקלט מיט די צווייגלעך פֿון די ווײַנשל־ביימלעך, וואָס זענען דאָ געוואַקסן צווישן די קברים, ווי שומרים איבער די געשטאָרבענע.

— זע, ווער ס'איז צו דיר געקומען! אַלע דײַנע שכנים און גוטע פֿרײַנד... קיילע, מיר אַלע בעטן דיך מחילה, וואָס מיר ווילן דיך באַ־לעסטיקן און דיר שטערן דײַן רו. לויף, קיילע, פֿאַר דעם כסא הכבוד און בעט פֿאַר דײַן טאָכטער טויבע, זי זאָל נעבעך האָבן אַ רפֿואה שלימה...

— אמן, אמן, רבונו של עולם! — האָבן זיך געהערט פֿון אַלע זײַטן פֿאַרשלונגענע, כליפּענדיקע קולות.

די אַרומשטייענדיקע ווײַבער האָבן זיך איצט געוואָרפֿן אויפֿן קבר און אים באַגאָסן מיט הייסע טרערן...

— מען מוז נאָך פֿאַרבלאָנדזשען די סטעזשקעס דעם מלאך־המות! — האָט זיך ווידער געהערט דער באָבע סימעס קול — און טויבען טוישן דעם נאָמען אויף חיה... מילא, אַז דעם אייבערשטנס ווילן איז טויבען צוריק צו רופֿן אויף דעם עולם־האמת און נאָך איר אַראָפּגעשיקט דעם מלאך־המות, זאָל זײַן געלויבט גאָטס ווילן, זאָל דער מלאך־המות נעמען טויבען — און חיה זאָל בלײַבן לעבן...

## קאפיטל 18

# דעם רבינס ברכה...

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען שלמה=וואָלפס וואָגן, אויף וועלכן עס זענען געלעגן דריי לעבערדיקע זעק, אויסגעשטאָפּטע מיט שטרוי, וואָס האָבן געזאָלט דינען אַלס געזעסן. אינעם וואָגן זענען געווען איינגעשפּאַנט צוויי אויסגעדאַרטע פערדלעך, איינס אַ ווייס און דאָס צווייטע אַ קאַשטאַנאָוואַטע, וואָס האָבן זיך ממש על-פּי-נס געהאַלטן אויף די פיס. אַרום האָבן זיך שוין אָנגעהויבן זאַמלען יידן מיט פּעקלעך, מיט שטרויענע קיישלעך, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט זייערע זאַכן, טלית און תפילין אונטערן אָרעם, פידלעס, אין וועלכע עס זענען געלעגן די אַכטשפּיציקע, סויבלענע שטריימלעך און אַנדערע זאַכן, וואָס מען האָט געקאָנט באַדאַרפן יום=טוב, ווען מען וווינט אין אַ פרעמד הויז.

די פּאַסאַזשירן זענען איינציקווייז געקראָכן אין וואָגן.

— שוין אַלע דאָ? — האָט געפרעגט יצחק אַנטשלס.

— ניין — האָט געזאָגט שלמה=וואָלף — עס פעלט נאָך בעריש ליפּעלעס און פּאַלעק האפּנער.

שלמה=וואָלף האָט גענוי געקענט אַלע זיינע פּאַסאַזשירן, וואָס פאָרן מיט אים יעדן יום=טוב קיין בעלז, דערפאַר האָט ער טאַקע אויף יעדן געוואַרט.

אויפן וואָגן זענען שוין געזעסן צען פּאַרשוין, נישט רעכענענדיק די צוויי יינגלעך, פאַר וועלכע די טאַטעס האָבן נאָך געצאָלט צו דרייסיק גראָשן פּיר=געלט. זאָל זיין דרייסיק גראָשן — האָט זיך געטראַכט שלמה=וואָלף — עס איז דאָך פאָרט נישט קיין גאַנצער פּאַרשוין...

דער עולם איז זיך פּאַוואָליע צוזאַמענגעקומען. אויך פייוויש איז געפאָרן צום רבין בעטן פאַר זיין טויבעלען, וואָס צאַנקט ווי אַ ליכט...

דער וואָגן, אָנגעשטאָפּט ווי מיט גענדז, האָט געריריט פון אָרט מיט אַן אומהיימלעכן גרילץ פון די נישט־געשמירטע רעדער.

אָן אַ זייט געזונט האָבן די מענער איבערגעלאָזט זייערע ווייבער, קינדער און געפּאָרן אויף יום־טוב קיין בעלז צום רבין. אַזוי האָט מען זיך שוין געפירט פון קדמונים.

דער וועג האָט זיך געצויגן נאָך מער ווי פּאַוואָליע. די פּערצן קילאָ־מעטער פון וואריש קיין בעלז איז מען געפּאָרן אין ערך הדריי שעה.

דעם גאַנצן וועג האָט שלמה־וואָלף די בייטש געהאַלטן אין דער לופטן און מיט איר געדרייט. פון צייט צו צייט האָט ער זי אַראָפּגע־לאָזט אויף פּראַדעלען, ווי ער האָט גערופן די אָס ווייסע פערדל אויפן נאָ־מען פון זיין ווייב, צו וועלכער ער האָט אין דער היים נישט געקאָנט אויס־לאָזן זיין בית ער האַרץ.

— שלמה־וואָלף — האָט זיך געוויצלט יאַנקל העניע גאָלדעס — ווי עס ווייזט זיך אַרויס, טוסטו דיינע פּערדלעך ווייזן אַ „ה" אין סידורל, דערפאַר לויפן זיי אַזוי גיך.

— וואָס דען זאָל איך זיי געבן האָבער? — האָט שלמה־וואָלף זיך געמאַכט ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס יאַנקל האָט געמיינט — פאַר דיינע אכציק גראָשן פיר־געלט... און פון וואָס זאָל איך לעבן?

דער עולם האָט אַ ביסל אונטערגעשמייכלט, פאַרריכט די גנזעסן און ווייטער געפאָרן...

הינטער שלמה־וואָלפן זענען נאָך געפּאָרן מיט פול געפּאַקטע וועגן חסידים הערש סימעס און וואָלף מאָטיע־ניכעס.

דער טרויעריקער וויאַ וויאַ פון די יידישע באַלעגאָלעס האָט זיך גע־טראָגן פון איין פור צו דער צווייטער, ווי געוויינלעך אַלע טאָג אויף דעם שליאַך פון וואריש קיין בעלז און צוריק. נאָר היינט איז דער וויאַ וויאַ געווען אַ ביסל פרייליכער, מען פירט האָך יידן צום הייליקן צדיק און פון דעם זכות וועט מסתמא פאַר זייערטוועגן אויך עפּעס אַ קאַפּ געבן אויף יענער וועלט...

קיין בעלז זענען די מענטשן אָנגעקומען פאַרשטויבטע, פאַרבלאָטיקטע און ווי צוגעוואַקסן צו די גזעסן.

יעדער איז שנעל אַראָפּ פון דער פור און געלאָפן אויף זיין שטענדי־קער סטאַנציע, כדי צו זען, צי מען האָט אים זי אמאָל נישט אויסגעדונ־גען אָדער סתם צו פאַרכאַפּן אַ בעסער ווינקל אין שטוב.

אין שטאָט איז איצט געווען שוואַרץ פון מענטשן — אין לאַנגע בעקעשעס. יעדעס ווינקל, יעדעס פיצל אָרט אין די הייזער פון די בעלזער איינוווינער איז געווען אויסגענוצט ביז צום לעצטן. עס זענען דאָ אויך געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן כמעט יעדן צווייטן אָדער דריטן שבת קומען צום רבין, כדי צו זיין אַ טעגלעכער, אַ ריקודל נאָך הבדלה מיט די איבעריקע חסידים, כאַפּן אַ בייעס ניגון און דערנאָך אים ברענגען אַהיים אין זיין שטעטל און זינגען ביי די זמירות אין קלויז.

עס זענען טאַקע געווען נאָך אַ סך רביים און צדיקים, צו וועלכע יידן פלעגן פאָרן, אָבער אַלע ווערן בלאָס אַנטקעגן דעם גלאַנץ פון דעם בעלזער צדיק, וואָס ציט זיין לאַנגן יחוס־בריוו פון די רוקחים. אהער זענען געקומען מענטשן פון אַלע עקן וועלט. דער וויל אָפּגעבן אַ קוויטל אויף פּרנסה, יענער, זיין ווייב זאָל מעוברת ווערן, און אַנדערער ווידער זוכט אַ רפואה צו די אויגן וכדומה.

פיל קומען סתם אַזוי, כדי צו דאַווענען מיטן רבין שבת אָדער יום־טוב און דערביי אויך צו כאַפּן אַ ביסל שירים פון זיין טיש. ס'איז דאָך נישט אַזוי לייכט זיך צו זאָגן — שירים פון דעם בעלזער צדיק...

מיט אַט די אַלע זיבן זאַכן פלעגט אויך תמיד קומען אהער פייוויש, נאָר דאָס מאָל האָט ער געבעטן אַ טרויעריקע שליחות — אַ קוויטל פאַר זיין טאָכטער טויבעלע.

צום רבין איז אָבער נישט אַזוי לייכט זיך אַריינצוקריגן, שוין אָפּגערעדט פון דעם גרויסן עולם, וואָס האָט זיך דאָ געשטופּט, שטויסנדיק איינער דעם צווייטן מיט די עלנבויגנס, איז דער רבי נאָך באַוואַכט פון זיינע גבאים און שמשים, וועלכע טרעטן פון אים נישט אָפּ ביי טאָג און ביי נאַכט. כדי זיך אַריינצוקריגן האָט מען געדאַרפט נישט איינעם אַריינרוקן אין דער יד אַריין. און ווו האָט פייוויש נעבעך געזאָלט נעמען?... איז טאַקע אויסגעקומען צו זיין פון די לעצטע.

אין דער שפּיץ פון די אַלע שומרים זענען געשטאַנען די צוויי הויפּט־גבאים, דער גראָבער אהרן־שיע מיט דער ברייטער באָרד און יעקב־שמואל פון וואַריש.

— מען טיילט שוין שירים! — האָט עמעצער אַ זאָג געטאָן, און די ידיעה איז אַוועק פון מויל צו מויל.

אויפן טיש האָט מען אַרויפגעשטעלט אַ גרויסע שיסל מיט פלייש, אין וועלכער דער רבי האָט אַריינגעשטעקט זיין האַנט, און אָן אַ גאָפּל אָדער לעפל אָפּגעריסן אַ פּיצעלע ווי אַ פייגעלע און אַריינגענומען אין

מויל, מאַקע, ווי געזאָגט, כדי יוצא צו זיין פון דער סעודה. די ערשטע שירים זענען געוואָרן גלייך אויסגעטיילט, און דער רבי האָט אַוועקגע-רוקט די שיסל, צו וועלכער עס האָבן זיך גלייך אויסגעשטרעקט צענ-דליקער הענט.

באַלד האָט זיך באַוויזן אַ צווייטע...

אַרום טישן זענען געזעסן און געשטאַנען עטלעכע מניינים ייִדן. געענגטער צום רבין זענען געזעסן די פני פון בעלז און פון אַנדערע שטעט-לעך. עס האָט געקאָכט און גערוישט אין אַלע זייטן.

פייוויש'ל האָט זיך אויך דאָ געפונען. ווער ווייסט, אפשר וועט געלינ-גען עפּעס צו כאַפּן פון דעם רבינס טיש. דער גבאי יעקב-שמואל איז דאָך אַ וואַרישער. ער וועט מיט אים שמועסן וועגן אַ קוויטל.

דער רבי איז געזעסן אין זיין אָפּלאַטענער בעקעשע, אין זיין הויכן סויבל'ענעם ספּאָדיק, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף זיינע הענט.

פּלוצעם האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ, פאַרמאַכט די אויגן אויף א ווייַלע און געבליבן אומבאַוועגלעך...

— שאַ, שאַ! — האָט זיך געהערט דאָס קול פון אהרן-שיען.

אַ פייערלעכע שטילקייט האָט אַלעמען איצט באַהערשט. דער רבי האָט טיף איינגעקנייטשט זיין שטערן, שאָקלענדיק דערביי גאַנץ פּאַוואָליע מיט זיין קאָפּ און ליינקער האַנט, וועלכע איז געווען פאַרמאַכט אין אַ פויסט. מיט שאַרפע בליקן האָבן אהרן-שיע און די איבעריקע חסידים אָפּ-געמאָסטן די צווייַ סאַרווערס, וועלכע האָבן געפּרוווט דערלאַנגען דעם וויין, וואָס עס האָבן מנדר געווען די געסט פון אונגאַרן. די סאַרווער זענען ממש געבליבן הענגען מיט די פלעשער איבער דעם טיש אין דער לופטן. אַלץ אַרום איז געשטאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און געוואַרט אויף דעם, וואָס וועט ווייטער געשען. אַ טיפער זיפץ פון דעם רבינס ברוסט האָט איבערגעריסן די שטילקייט, ער האָט שווער אַראָפּגעלאָזט זיין האַנט צוריק אויפן טיש. דאָס האָט באַדייט, אַז דער צדיק האָט פאַר-ענדיקט זיין שמועס מיטן רבונו של עולם...

די שיסל מיט פלייש האָט זיך דערווייל אינגאַנצן אויסגעקילט. דער רבי האָט איצט ווידער אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין דער שיסל און ווייַ-טער געטיילט.

— זעליק היוונייווער, שירים! — האָט גערופן אהרן-שיע, און דאָס שטיקל פלייש האָט געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט ביז ס'האָט דערגרייכט צו זעליקן.

— משה=וואָלף, שירים! — האָט זיך ווידער געהערט די זעלבע שטימע...

די סאַחווער זענען דאָ געווען לויטער מענער. דאָ און דאָרט האָט דורכגעשוועבט אַ יונגע פרוי, וואָס האָט געהערט צום בעלזער הויף. אָנגעטאָן אין שענסטע לאַנגע זיידענע קליידער, אַפילו אין דערוואָכן. זייערע באַוועגונגען זענען געווען פול מיט גראַציע און שטאָלץ. זיי האָבן געוואָרפן פאַרבאָרגענע בליקן אויף שיינע קלויז=בחורים. זייערע מאַניערן האָבן זייער ווייניק געפּאַסט צום בעלזער רביס הויף. דאָס זענען געווען פרויען, פאַר וועלכע דער סוד פון לעבן איז אַנטפּלעקט געוואָרן און קיינמאָל זיי נישט אָנגעזעטיקט. צום טיש פון רבין האָבן זיי זיך נישט צוגערירט, געגעסן און געלעבט אין גאַנץ באַזונדערע חדרים. אַן אויסנאַם איז געווען די רביצין, וועלכע ער האָט זעלטן ווען געזען...

מחותנוויז האָבן איצט געצויגן די חסידים פון אַלע בתי=מדרשים צום רבינס הויף. דאָס זענען געווען מיינסטנס ישיבה=בחורים, וואָס זענען געזעסן אויף רבינס קעסט. בטלנים, וואָס פלעגן וואַכנלאַנג איבערליגן אין בעלז... אויפן וועג האָט מען דערוווייל דערלייזדיקט די נאַטירלעכע באַדערפעניש. צעשפּרייט די פּאָלעס פון דער זשיפּעצע ווי צוויי פליגל, אויסגעדרייט צו דער וואַנט מיטן פּנים האָבן זיי געטאָן זייערס... ווו איינער האָט נאָר געקענט — זיי האָט ווייניק געאַרט, צי עמעצער זעט, צי נישט. געוואַשן די הענט האָט מען, ווו עס איז געלונגען: ביי דער האַנט=פאַס פון קלויז, אין אַ פעסל מיט רעגן=וואַסער, וואָס איז געשטאַנען ערגעץ אונטער אַ רינע. אָפּווישן די הענט איז שוין אַ נאַרישקייט. דערויף זענען געווען די הויזן אָדער די בעקעשע. געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט רויטע פאַטשיילעס, וואָס זענען היינטן נאָכגעהאַנגען פון דער קעשענע אַרויס, גנזאָגט אשר=יצר און געלאָפן נאָך שירים...

דער טומל איז דאָ געווען אַזוי גרויס, ווי אין דעם גרעסטן מאַרק=טאָג.

— משהלע וואַרישער, שירים! — האָט זיך ווידער געהערט דאָס קול פון אהרן=שיען... — משהלע וואַרישער, שירים!! — האָט איבערגעחזרט אהרן=שיע... און קיינער האָט זיך נישט גערירט זיי אָפּצונעמען...

— רב משהלע, מען רופט אייך צו שירים, פאַרוואָס גייט איר נישט, רב משהלע? — האָבן זיך אָפּגערופן עטלעכע חסידים פאַרוווּנדערט...

איינפאַך, משה וואַרישער, ווי ער האָט געוואָלט מען זאָל אים רופן, איז געווען אַ ייד, וואָס איז געזעסן יום ולילה אין דער בעלזער קלויז און געלערנט. גאָר ווייניק גענאָסן פון דעם גוטס פון דער וועלט. זיין נשמה

האָט געזוכט עפּעס העכערס, געלעבט אין החקות און אין גויט. איינמאָל אין טאָג געכאַפּט עפּעס פון דעם רבינס קיך פאַר אָרעמעלייט. מאַנטיק און דאָנערשטיק געפאַסט. נאָר און דער באַגענטקייט פון דעם רבין, האָט ער געפילט וועדט ער דערהויבן צו א העכער מדרגה און טראָגט זיך ממש אין אַנדערע וועלטן.

— משהלע מיינט מען נישט מיך — האָט זיך געהערט א שטימעלע פון אַן איינגעבויגן, אויסגעדאַרט יידל מיט אַן אַלטער פאַרלאַטעטער בעקעשע — משהלע איז אָדער א גרויסער צדיק, אָדער א גרויסער, להבדיל, רשע... א צדיק בין איך נישט, א רשע חלילה — אויך נישט, מיינט מען נישט מיך!...

דעם צווייטן טאָג איז פּייווישלען מיט דער הילף פון יעקב-שמואלן געלונגען זיך צוצוקריגן צום רבין און אָפּגעבן דאָס קוויטל. ס'איז געווען גראד נאָך תורה-זאָגן, ווען אַלע זענען נאָך געשטאַנען מיט די אָפענע מיילער, די פנימער צעשטראַלטע פון די פּלאי פּלאים.

דער רבי האָט מיט זיין ציטערנדיקער האַנט צוגעטראָגן דאָס פּאַפּירל צו די אויגן, זיך געגעבן עטלעכע שאָקל. — טויבע — האָט זיך געהערט זיין טרויעריקע שטים — טויבע בת קיילע... זי הייסט שוין חיה... חיה... פּייוויש, פּייוויש, פאַר בשלום אהיים, דער אייבערשטער וועט העלפן...

— פאָר אהיים, פּייוויש — האָט איבערגעחזרט יעקב-שמואל, דער אייבערשטער וועט שוין שיקן די רפואה.

— אמן! — האָט פּייווישל, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ווי א מצבה, אַרויסגעשטאַמלט מיט די ליפּן — איז דאָס נישט קיין חלום?...

זיינע אויגן האָבן אַזוי מאָדנע אָנגעהויבן צו לייכטן, און צוגעגעבן זיין געשטאַלט עפּעס נישט ערדישעס — מיין טויבעלע וועט געזונט ווערן — וואָס הייסט, עס קאָן דאָך גאָר אַנדערש נישט זיין! אַז דער צדיק איז גוזר, מוז דאָך דער אייבערשטער מקיים זיין!...

* *
*

פּרייטיק פאַר ליכט-צינדן איז יוחנן שמש ווי שטענדיק אַרומגע-גאַנגען מיט זיין הילצערנעם האַמער און געקלאַפּט פון שטוב צו שטוב, רופנדיק די יידן אין שול אַריין דאַווענען.

נאָר היינט איז זיין קלאַפּן געווען קורצער, זיין האַמער האָט עפּעס אָנגעזאָגט...

— יאָ, שיינדל, מען הערט נאָר צוויי קלעפּ מיט דעם האַמער שטאָט דריי — האָט געזאָגט לייבוש צו זיין ווייב — ס'מוז זיין א מת אין שטאָט... „ברוך דין אמת“...

טויבעלע פּייווישלס האָט היינט אויסגעהויכט די נשמה...

## קאַפּיטל 19

# מעכל טומטום דער בעל־תשובה

— במקום שבעלי תשובה עומדים, אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד שם. — מיט אַזאַ שלום־עליכם פלעגט תמיד רב חיים ראַווער באַגריסן דעם הויכן מעכל, דעם טומטום בעת זיין איבערטרעטן די שוועל פון דער וואַרישער קלויז.

מעכל טומטום, ווי זיין שטייגער, פלעגט אַ שמייכל טאָן און פאַרשעמט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. זיין ווייבעריש פּנים פלעגט זיך אַ ביסל רויטלען. אַ קלייניקייט, הערן אַזוינע ווערטער, און דערצו נאָך פון רב חיים ראַווערס מויל אַליין!

מעכל, כאַפּנדיק אַ קראַץ מיט זיינע אַקסלען, האָט זיך גלייך געלאָזט, צו זיין שטענדיקן פּלאַץ — צו דער ברייטער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אונטערן אויוון.

דאָ איז געווען דאָס אָרט פאַר אַלע אָרעמעלייט און שנאָרער, וועלכע פלעגן קומען אין שטעטל. נאָר מעכל טומטום האָט דאָ געהאַט פאַרצוג. ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן, פלעגן אַלע אָרעמעלייט אים גלייך אָפּטרעטן דעם פּלאַץ. און וואָלטן זיי געפּרווט נישט אָפּטרעטן... וואָלטן זיי געהאַט צו טאָן מיט רב חיים ראַווער אַליין. וואָס הייסט צונעמען דאָס אָרט ביי אַ בעל־תשובה?...

דער טומטום האָט דאָ געהאַט זיין חזקה שוין פון לאַנגע יאָרן. ער האָט זיך טאַקע גלייך געמאַכט באַקוועם און אַראָפּגענומען זיין זאַק פון די פּלייצעס, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף צוויי פלאַקסענע שטריקלעך, אויסגעטאָן זיין אויסגעריבענעם מאַנטל, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געשיידט סיי זומער, סיי ווינטער, און אים געלייגט צוקאָפּנס, אַראָפּגעצויגן די צוויי פאַרבלאָטיקטע שטיוול אָן קנאַפּל, וועלכע זענען נאָך געפּוצט געווען ביי זייער ערשטן באַלעבאָס, די פאַרסמאָלעוועטע אָנימשעס, דעם קאַ=

פּעליוש אויף דעם קאָפּ און זיך אַזוי אַנידערגעלייגט, אַ ביסל אָפּרוען פון דעם וועג.

— העע, העע — פּלעגט ער געבן אַ קרעכץ — שוין נישטאָ די יונגע כּוחות.

מעכּל איז שוין געווען אַ ייִד איבער די פופציק. געיין צופוס פון בעלז קיין וואַריש, האָט הייסט מער ווי פערצן קילאָמעטער, מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, אין וועלכן עס איז נאָך געלעגן אַ שטיין, איז שוין נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. עס האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און דער בעל־תשובה איז אויף דער האַרטער באַנק געשמאַק איינגעשלאָפן.

לעבן אים האָבן זיך נאָך צוגעלייגט עטלעכע אָרעמעלייט. שוין נישט אויף דער ברייטער באַנק, נאָר אויף דער ערד, נישט אַזוי באַקוועם ווי ער, און אָן אַזאַ כּבוד.

פון דער אַנדערער זייט אויוון, לעבן דעם לאַנגן טיש זענען געזעסן די בטלנים, דערציילנדיק זיך נסים פון חכמים און צדיקים. זיי האָבן אויך מעכּל טומטומס לעבן אַרויפגענומען אויפן טיש.

— מען זאָגט — האָט אָנגעהויבן שיעלע הערש ליפּעלעס — אַז זיין טאַטע, עליו השלום, אין גן־עדן איז ער — רב יאָסעלע איז געווען אַ ייִד אַ סוחר, אַ בעל־דעה, אַלע ימים נוראים געפאָרן צום אַלטן צדיק ז״ל זיך גע־לאָזט קאָסטן ביים טיש. און ער, מעכּל אַליין, איז געווען אַן איין און איינציקער זון. מען האָט אים חתונה געמאַכט, טאַקע כּיד המלך... נאָר וואָס ווייסט אַ פּראָסטער בשר־ודם פון זיין גורל... אים איז גוט געגאַנגען, האָט ער פאַרגעסן און גאָט און געוואָרן אַן אַפּיקורס, זיך געחברט מיט ערלים, געוואָרן אַ גלות און אַראָפּ פון דעם יידישן וועג.

— מען דערציילט — האָט שטיל צוגעגעבן יודל פּסחס — אַז ער האָט געגעסן קווישעדיקס אויך.

— אַזוי, טשאַ, טשאַ, טשאַ—האָבן אַלע מיט גרויס פאַרוואונדערונג אָנגעהויבן סמאָטשקען מיט די ליפּן, ווי זיי וואָלטן די מעשה דאָס ערש־טע מאָל געהערט דערציילן.

יעדעס מאָל, ווען מעכּל טומטום פלעגט קומען קיין וואַריש, האָט אַן אַנ־דערער איבערגעחזרט די מעשה, וואָס איז זיך מיט אים פאַרלאָפן, און תמיד דערביי עפּעס צוגעלייגט. אַלע האָבן אויפגעשטעלט מויל־און־אויערן און צוגעשטופּט בעענטער דעם קאָפּ צו דעם דערציילער, כּדי חלילה פון דער וווּנדערלעכער געשיכטע קיין וואָרט נישט צו פאַרלירן.

— ווי געוויינלעך — האָט שיעלע אָנגעהויבן מיט אַ גמרא־ניגון —

האָט ער געוווינט אין אַן אַנדערער שטאָט, און דער טאַטע נעבעך, רב יאָסעלע האָט דערפֿון גאָרנישט געוווּסט. נאָר אַ טאַטע, דאָס האַרץ האָט אים עפּעס געזאָגט... שיעלע האָט אָנגעהויבן דערבײַ קראַצן זײַן שוואַרץ בערדל.

— נו, נו — האָט זיך אָנגעהויבן אויספֿרעגן שלמה יאַמניאַק.

— יאָ נישט, יאָ נישט — האָט געצויגן שיעלע בטלן — ס'איז אַלץ אַ גאָט זאַך, קיין שום זאַך טוט זיך נישט אָן זײַן ליבן נאָמען. רב יאָסעלע פֿאָרט אַמאָל פֿון אַ ווײַטער נסיעה און באַשליסט אָפּצוטרעטן בײַ זײַן אייניציקן זון... פּונקטער נעבעך אין די אויגן איז געוואָרן בײַ רב יאָסעלען, ווען ער האָט דאָס אַלץ דערזען... ער האָט שוין דאָרט נישט געגעסן אַפֿילו קיין לעפֿל וואַרעם וואַסער אין מויל און אַזוי אַ פֿאַרשמאַכ־טער גלײַך אַוועק צום אַלטן צדיק זכרונו לברכה, קיין בעלז... ווער קאָן דען דערציילן דעם צער פֿון דעם טאַטן, דער ייִד איז נעבעך געוואָרן גרוי ווי אַ טויב...

— נישט פֿאַר קיין שום ייִדן געדאַכט, נישט פֿאַר קיין שום ייִדן גע־דאַכט! — האָבן אַלע צוויי מאָל אויסגערופֿן.

דער רײַכער רב יאָסעלע איז געשטאַנען כעני בפתח, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און די טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אויגן ווי יום־כיפּור צו כל־נדרי.

דער רבי האָט באַפֿוילן, דאָס אַלע זאָלן אַרויסגיין. ווי געווייינלעך, די גבאים אהרן־שיע און יעקב־שמואל זענען געבליבן, און וואָס־זשע מיינט איר... אויך זיי האָט דער צדיק געהייסן אַרויסגיין...

— אַ מעשה פּלא! אַ מעשה פּלא! — האָבן אַלע געדרייט מיט די קעפּ אויף לינקס און אויף רעכטס.

דער צדיק איז געבליבן אַליין מיט רב יאָסעלען, ווי מען זאָגט פּנים אל פּנים.

— יאָסל, — האָט דער רבי נאָך אַ ווײַלע שווײַגן געזאָגט — איז דײַן אשה אסתר־גיטל, געווען אַ צנועה? — און שאָקלענדיק זיך אָנגעלעגט בײדע הענט אויף דעם טיש.

— אַ צנועה, רבי, אַ צנועה — האָט רב יאָסעלע געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם.

הייסט עס, דאָס ער איז טאַקע יאָ מזרע ישראל. דער רבי ז"ל האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט אַ לענגערע ווײַלע. מיטאַמאָל האָט ער אויפֿ־געהויבן זײַן קאָפּ און מיט צוויי פֿאַרמאַכטע אויגן זיך געווענדט צום הימל.

געוואָרן ווי פאַרגליווערט... רב יאָסעלע האָט אָנגעהויבן ציטערן ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט דערזען, דאָס אין חדר איז געוואָרן עפּעס ליכטיקער, ער האָט דערפילט, דאָס זיי זענען מער נישט אַליין...

— עס האָט זיך באַוויזן די שכינה — האָט אונטערגעהאַלפן ישראל־חיים, אויסשטרעקנדיק זיינע ציטערנדיקע הענט.

— נו, גיין! — האָט שיעלע זיך געבייזערט, וואָס מען טוט אים צו־העלפן, און נאָך אין אַזאַ רגע. — אומזיסט איז געוואָרן ליכטיק?... דער צדיק האָט טיף איינגעקנייטשט זיין שטערן, מאַכנדיק דערביי מיט זיין לינקער האַנט, ווי זיין געוווינהייט, אַ פאַרמאַכטע אין אַ פויסט. מען האָט בפירוש געזען, דאָס ער איז איצט פאַרטיפט אין אַ שמועס מיטן רבונו של עולם אַליין. דער רבי האָט געגעבן א טיפן זיפץ... און ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער אַרויסגערעדט בלויז איין וואָרט: מילא... און צעלייגט ביידע הענט. ערשט נאָך אַ ווײַלע האָט ער צוגעגעבן: אַז דער אייבערשטער וויל ער זאָל זיין אַ גלוח, זאָל ער זיין א גלוח!...

רב יאָסעלע נעבעך האָט די דאָזיקע ווערטער נישט פאַרשטאַנען, נאָר פון דעמלט אָן איז ביי זיין זון מעכל נישט געוואַקסן די באָרד, ער איז געוואָרן א טומטום...

די מסחרים האָבן אָנגעהויבן שלעכט צו גיין אַזוי ביי רב יאָסעלען, ווי ביי זיין זון מעכל. די חברים האָבן אָנגעהויבן פון אים צו לאַכן און זיך וויצלען איבער זיין ווייבעריש פנים. און אַלץ האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פוטער אַראָפּ.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז רב יאָסעלע נישט געווען דער זעלבער רב יאָסעלע. ער האָט נעבעך אויפגעגעבן זיינע געשעפטן און יום ולילה אי־בערגעזעסן אין בעלז. נאָר דער רבי, זיין זכות זאָל אונדז באַשטיין, האָט נאָר איינס געזאָגט: יאָסל, ס׳איז דיין שולד. מער גאָרנישט.

רב יאָסל האָט אויסגעהערט דעם רבינס רייד, אָן אַ וואָרט אַוועקגע־גאַנגען גלייך אין בית־המדרש און זיך געשטעלט זאָגן תהילים...

איינמאָל א פאַרטאָג איז דער שמש געקומען אין בית־המדרש און גיט א קוק, רב יאָסעלע ליגט אויף דער ערד אַ טויטער, מיט אַ ספר אין דער האַנט... דער רבי האָט אים געהייסן ברענגען צו קבר ישראל מיטן ספרל. — דאָ האָט שיעלע אַ מאַך געגעבן מיט ביידע הענט, ווי דאָס אי־בעריקע, וואָס ער וויל זאָגן, איז פאַר יעדן שוין אַליין פאַרשטענדלעך.

— ער איז געווען א למהוניק! — האָט אויסגעשריגן יידל פּסחס, צונויפדריקנדיק ביידע הענט.

— פארשטייט זיך, אַז נישט וואָלט אים דער צדיק געהייסן בלייבן דעמלט, ווייסנדיק, אַז די שכינה וועט זיך באַווייזן — האָט רב כאַסקעלע פעסט צוגעגעבן, ווי דאָס וואָלט געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך.

— פון דעמלט אָן האָט מעכל טומטום אָנגעהויבן תשובה צו טאָן. מען זעט באַשיינפערלעך, אַז דאָס איז אן אצבע אלהים...

מעכל האָט זיך דערווייל איבערגעדרימלט אונטערן אויוון, צוגעגאַנגען צום האַנט-פאַס, זיך געוואַשן די הענט און פאַוואָליטשקע זיך צוגערוקט צום עולם.

— אמת, ר' מעכל? — האָט פון דער העלער הויט אים א פרעג געטאָן שלמה יאמניאק.

— אמת, ייִדן, אמת! — האָט געענטפערט דער טומטום — פון פאָרויס ווייסנדיק איבער וואָס מען האָט דאָ געשמועסט. ער איז צוריקגעגאַנגען גלייך צום זעקל, אָנגעהויבן איבערבינדן די טאָרבעלעך און אַנדערע שפּאַרגאַלעס, כדי זיך גרייט צו מאַכן אַרומצוגיין איבער די הייזער. אַ ליידיק טאָרבעלע האָט ער אויך גענומען אין קעשענע אַריין. מעכל טומטום איז שוין געווען גוט באַהאַווינט אין די זאַכן. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, אַמאָל האָט נישט אַ באַלעבאָסטע קיין קליין-געלט, נעמט מען אַ שטיקל צוקער. און אַז מען זאַמלט אָן אַ פול טאָרבעלע, קאָן מען עס דאָך פאַרקויפן אַן אָרעמען פויער אונטערוועגס פאַר עטלעכע אייער, אַ פאָר רעטעכלעך, א ביסל ציבעלעס און אַנדערע מאכלים. דאָס האָט מען שוין מעכלען נישט געדאַרפט לערנען.

בכלל נעמט ער נישט קיין צוקער, ווייל יעדער ווייסט, אַז דעם טומטום, דעם בעל תשובה, גיט מען אַ צוויי-גראָשן און אַמאָל אַפילו מער אויך, נאָר טאָמער איז טאַקע נישטאָ קיין קליין-געלט, איז גוט א שטיקל צוקער אויך.

אַזוי פירט זיך שוין מעכל טומטום איבער דרייסיק יאָר און אין יענער שטאָט איז ער שוין כמעט ווי אַ תושב. און ווער שמועסט, אַז עס קומט א שבת, ווייסט שוין יעדער שמש, אַז מעכל איז נישט קיין געוויינלעכער אורח. ער ווערט צוגעטיילט צום שענסטן באַלעבאָס, וווּ ער קאָן עסן א גוט שטיקל לאָקשן-קוגל און כאַפּן אַפילו אַ גוט ביסל משקה אויך.

נאָר יום-טוב איז שוין עפּעס אַנדערש. צוויי מאָל אין יאָר בעת די יום-טובים איז דער בעל-תשובה אין דער היים, אין זיין שטעטל. אין לעמבערגער וואָיעוואָדסטווע. פון דאָרט הייבט ער אָן זיין וואַנדער-קרייז נאָך

די ימים=נוראים און קומט אהיים אויף פסח. דערנאָך גייט ער אַרויס נאָך פסח און קומט ווידער אהיים צו די ימים=נוראים.

זיין גאַנג איז תמיד איבער בעלז, וווּ ער פאַרהאַלט זיך געוויינלעך עטלעכע טעג לענגער. ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך. ערשטנס, געפינט זיך דאָרט דער קבר פון דעם הייליקן צדיק און פון זיין טאַטן רב יאָסעלע, צווייטנס, — דער זון פון דעם רבין, אַ קליינינקייט — די רקחים... און זיין ענד=סטאַציע איז וואַריש. ווייל ס'איז אַמאָל געלעגן האַרט ביי פּאָניעם גרענעץ. פון דאַנען איז ער שוין ווייטער נישט געגאַנגען.

פון וואַריש גייט ער שוין צוריק, אָבער דאָס מאָל דורך אַן אַנדערן וועג. דאָס איז סעקאַל און קריסניפּאָלי. אַזוי איז שוין זיין מנהג, זינט ער האָט אָנגעהויבן תשובה צו טאָן, באַלד נאָך דעם ווי זיין טאַטע ר' יאָסעלע זכרונו לברכה איז אַוועק פון דער וועלט...

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל. אין די קורצע טעג פאַלט די נאַכט געשווינדער צו, נאָר אין קלויז פון אויוון האָט זיך נאָך קיינער נישט געהירט. דער שמועס איז דאָ נאָך געווען אין פולן ברען. ר' יידל פּסחס האָט טאַקע געוואָלט באַווייזן, אַז ר' יאָסעלע איז געווען אַ למדוניק און דער קליינער וואָלקע האָט בשום אופן נישט געקאָנט מסכים זיין.

— ווי קען דאָס מעגלעך זיין, דאָס ער זאָל האָבן געווען אַ למדוניק, אַז ער איז אַזוי פרי געשטאָרבן?! — האָט געשריגן דער קליינער וואָלקע, וואַרפנדיק מיטן קאָפּ אַזוי, אַז די פּאות ווי צוויי לאַנגע צעפּ זענען געפלויגן אַהין און אַהער.

— שאַ, שאַ — האָט זיך פלוצלינג אַריינגעמישט חיים ראַוועד — גראָבער יונג וואָס דו ביסט! ווייסט גאָרנישט, אַז ס'איז פאַראַן אַ צדיק, וואָס גייט אונטער אין זיין צדקות, און ס'איז ווידער דאָ אַ רשע, וואָס אַ ז מאריך ימים אין זיין שלעכטקייט. נו, איז טאַקע געדרונגען, אַז רב יאָסעלע האָט טאַקע יאָ געקענט זיין איינער פון „זיי". נו, און אַ זון אַ בעל-תשובה איז ביי דיר גאָרנישט, האַ?...

— ס'איז דאָ אַ סברה, אַז „הקב"ה אַליין זינדיקט, כדי צו קאָנען תשובה טאָן — האָט מיט גרויס ערנסט ווייטער געזאָגט ר' חיים — ווייל תשובה איז דאָך איינס פון די תרי"ג מצוות. דער אייבערשטער האָט אפילו אומיסטנע באַשאַפן דעם יצר=הרע צוליב תשובה.

די ווערטער פון רב חיים ראַוועד זענען שוין טאַקע געווען דער לעצטער פּסק, אַז מען האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ למדוניק, און די בטלנים זענען באַלד אַריבער אויף אַן אַנדער שמועס...

דער קלויז-אויוון איז נאָך געווען אַ ביסל וואַרעם און דעם עולם האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלוסט פֿון אים זיך צו רירן. ווער ווייסט, ווי לאַנג זיי וואָלטן נאָך אַזוי געווען געזעסן און זיך דערציילט נסים, ווען נישט דאָס, וואָס צוויי יונגע בחורים האָבן פּלוצלינג אַרייַנגעפֿירט דעם טומטום אַ פֿאַרחלשטן, האַלטנדיק אים אונטער די אָרעמס.

אַלע זענען שנעל אויפֿגעשטאַנען און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— וואָס איז געשען, רב מעכל, וואָס איז געשען? — האָט איינער דעם צווייטן איבערגעשריגן.

— גאָרנישט, גאָרנישט — האָט ער געקרעכצט, אָפּטרייסלענדיק פֿון זיין מאַנטל דעם שניי געמישט מיט רעגן — בלויז אַ ביסל מיד פֿון דעם הייַנטיקן וועג, אַ שווערער וועג געווען, אַ שווערער...

די קאַלטע נאַכט האָט צעשפּרייט איר שאָטן און פֿאַרכישופֿט דאָס קליינע שטעטל מיט אַ טויטער שטילקייט. אויך די קלויז איז שוין געוואָרן ליידיק און קאַלט. אַלץ אַרום איז געווען פֿאַרזונקען אין אַ האַרטן שלאָף. אונטער דעם שוואַרצן שלייער פֿון דער נאַכט האָבן זיך באַהאַלטן די קליינע הילצערנע שטיבלעך מיט זייערע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אויסרוען די אויסגעמאַטערטע גלידער פֿון דעם טעגלעכן יאָך.

די נאַכט האָט אַלץ פֿאַרשלונגען, אויך דעם לעצטן אָטעם פֿון מעכל טומטום דעם בעל-תשובה.

קאַפּיטל 20

# דער רויטער פּלאַטער אין דער נאַכט

די זיצונג איז געווען א קורצע. עס איז באַרירט געוואָרן בלויז איין פּונקט: דער ערשטער מאי אין וואַריש.

א שמאָל געסעלע האָט געפירט צו דעם הויז, וווּ עס האָט געוווינט רייזעלע די שניידערין. דאָרט אין דעם הייזל איז זי געבוירן געוואָרן, דערצויגן. קיין סך פרייד האָט זי ביי איר טאַטן נישט געהאַט. גאַנץ יונג געבליבן אַ יתומה, ס'איז געקומען אַ שטיף-מאַמע, אָבער דאָס אַלץ האָט איר לוסטיקע נאַטור נישט געבראָכן.

דאָס בלאָנדע מיידל איז געזעסן מיט איר חברטע מלכה און אויס-געענדיקט א קליידל פאַר איינער פון אירע קונדן. עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. אין די שכנותדיקע הייזער איז מען שוין לאַנג געשלאָפן; אַרום איז געווען שטיל און טונקל, בלויז דער לייכטער שיין פון רייזלס פענצטער האָט נאָך באַלויכטן דאָס שמאָלע געסל...

— פאַרצייעט, וואָס איך בין אַזוי שפּעט געקומען — האָט זיך איי-זיקל פאַרענטפערט. אייזיקל איז געווען גוט באַפריינדעט מיט די מענטשן פון דעם הויז. נישט איינמאָל געפירט שמועסן מיט רייזעלעס טאַטן. איר טאַטע איז טאַקע געווען א בעל-מלאכה, א בלעכער פון פאַך, אָבער אויך געקענט די קליינע אותיות, צו ימים נוראים פלעגט ער אַפילו דאַווענען פאַרן עמוד אין בית-המדרש. נאָר די לעצטע צייט איז ער געוואָרן א ביסל קילער אין זיין פרומקייט און אַפילו אריינגעקוקט אין א ביכל.

אייזיקל איז אויך געווען א ביסל פאַרליבט אין איר יינגערער שוועס-טער הינדע. ער האָט זיך אין דער שטוב געפילט זיכער.

— נו, וויין נאָר, וואָס דו האָסט אינעם פעקל — האָט זיך אָנגערופן מלכה.

אייזיקל האָט גלייך אויפֿגעפּאַקט דאָס פּאַפּיר, דאָרט איז געלעגן דריי מעטער רויטע לייוונט.

— וואָס דאַרף דערפֿון זיין? — האָט געפֿרעגט רייזל.

— צוויי פֿענער. אייער אַרבעט דאַרף זיין, אויסשטיקן אויף זיי אַן אויפֿשריפֿט.

די מיידלעך האָבן זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט — ווער ווייסט, אפֿשר האָט ביי וועלכער א קלאַפּ געגעבן דאָס האַרץ פֿאַר מורא. נאָר רייזל האָט באַלד איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— מיט וואָס פֿאַראַ זייד קאָן מען דאָס שטיקן? — נעמענדיק די לייוונט נעענטער צום לאָמפּ, וואָס אויפֿן טיש.

— איך מיין מיט גאָלדענע — האָט זיך אָנגערופֿן מלכה.

די מיידלעך האָבן די לייוונט גלייך איבערגעשניטן אויף דער העלפֿט און זי אויסגעפֿרעסט. אייזיקל האָט זיי איבערגעלייענט די לאָזונגען:

זאָל לעבן דער ערשטער מאי!

זאָל לעבן די ראַטן־מאַכט!

זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

די מיידלעך זענען געוואָרן ערנסט... זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אייזיקל איז אויך נישט געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט. ער האָט זיי גענומען פֿאָרלייענען דזשאָן רידס „צען טעג, וואָס האָבן אויפֿגערודערט די וועלט". די מיידלעך האָבן געאַרבעט און גלייכצייטיק מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו דער גרויסער געשיכטע.

— און וויפֿל פֿענער האָבן מיידלעך געדאַרפֿט געהיים שטיקן, ווי מיר איצט דאָ, צו דערפֿירן צו דער רעוואָלוציע? — האָט מלכה געגעבן א פֿרעג.

אייזיקל איז געבליבן אין אַ פֿאַרלעגנהייט. ער האָט בלויז געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ביידע מיידלעך זענען געזעסן איבערגעבויגן איבער דעם פֿלאַמיקן רויטן לייוונט. ביי מלכהן האָט פֿון צייט צו צייט אַ לאָק זיך אָפּגעטיילט פֿון אירע בלאָנדע האָר. געפֿאַלן איבער די אויגן און צוגעגעבן א באַזונדערן חן איר פֿאַרפֿלאַמט פּנימל. אַן אות נאָך אַן אות איז געוואַקסן פֿון אונטערן לייוונט און זיך אויסגעשטעלט ווי זעלנער אין א ריי. דורכן אויבערשטן טייל פֿון דעם האַלב־פֿאַרהאָנגענעם פֿענצטער האָט זיך אַריינגע=

ריסן די בייגאַכטיקע פינצטערניש, וואָס האָט צוגעגעבן זייער ארבעט אַ פייערלעכקייט.

עס איז שוין געווען מיט אין דער נאַכט, דאָס אויסנייען די לאַזונגען האָט זיך דערנענטערט צום סוף... מלכה איז א מידע אויפגעשטאַנען פון איר פלאַץ און די אויסגעשטיקטע לייוונט אויסגעצויגן אויפן טיש. זי האָט מיט טרויעריקע אויגן געקוקט אויף די שיינע קיילעכדיקע אותיות, וואָס זענען געלעגן אויף דער רויטער לייוונט ווי מיט א דימענט געשניטן... זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דער לערער מילאַנאָווסקי פלעגט זי צום טאָוול אַרויסרופן, כדי צו ווייזן די איבעריקע שילער איר שיינע האַנט־שריפט. אַ בענקעניש האָט איר א צי געטאָן צו יענע יאָרן און אַ באַדויער, וואָס זי האָט געמוזט פאַרלאָזן די שול...

אויך רייזעלע האָט איר פאָן שוין פאַרענדיקט און אָפּגעשניטן דעם זיידענעם פאָדעם, וואָס איז געבליבן הענגען ביים לעצטן אות.

אייזיקל האָט זאָרגפעליק צוזאַמענגעלייגט די פענער און פאַרפּאַקט אין א פאַפּיר.

דריי פּאָר הענט האָבן זיך האַרציק געשלאָסן און געדריקט צום גע־זעגענען...

אייזיקל איז מיט שנעלע טריט געגאַנגען באַהאַלטן דעם אוצר... אין דער סושאַרניע.

די גרויסע מויער פון דער סושאַרניע, האָט געגרענעצט מיט זייער הויז. היינט איז דער בנין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א תבואה־שפּייכלער, און דערנעבן איז פאַרבליבן דער הייץ־רוים מיט דעם גרויסן געמויערטן אויוון. דורך דער הינטער־טיר פון זייער שטוב האָט מען געקאָנט אריינגיין אין הויף פון דער גרויסער געביידע פון קיינעם באַמערקט.

אַוועקגענומען דאָס שפּינוועבס, וואָס איז דאָ דיק געהאַנגען ארום דעם אייזערנעם טירל פון דעם אויוון, וועלכער איז שוין ווער ווייסט וויפל יאָר נישט געווען געהייצט, האָט אייזיק אריינגעדרוקט אינעווייניק די האַנט און אין דער רעכטער זייט אנידערגעלייגט דאָס פעקל און דערויף נאָך אַרויפגעוואָרפן א ביסל היי, ווי מען זאָגט, אויף יעדן פאַל...

ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם אומהיימלעכן פוסטן רוים, האָט ער גע־פילט, ווי א שווערער שטיין וואָלט אים אראָפּ פון דעם האַרצן. ער איז געווען צופרידן פון זיך אליין. וואָס ער האָט געפונען אַזאַ זיכער אָרט פאַר די פענער.

דער אויוון וועט נאָך צוגיין קומען אויף נאָך אנדערע צוועקן, האָט ער געטראַכט. טעאָדאָר וועט זיך זיכער פרייען פון אַזאַ גוט באַהעלטעניש. די נאַכט איז אייזיקל געשמאַק געשלאָפן...

יאָסל האָט געברענגט פיר רונדע אויסגעשניצטע העלצלעך, וועלכע זענען געווען אין דער מיט געשפּאָלטן. מיט דינע נעגל האָבן זיי די העלצער צוגעפּעסטיקט פון ביידע זייטן צו די פענער. אויף דעם אויבערשטן העלצל איז געווען ארייננעקלאַפּט א סקאָבעל, מיט אן אזוי גערופענער „זשאַבקע", צו וועלכער זיי האָבן צוגעבונדן א לאַנגן אין א קנויל פאַרוויקלטן שפּאַגאַט. דער צווייטער עק ווידער פונעם שפּאַגאַט איז געווען צוגעבונדן צו א זעקסקאַנטיקער אייזערנער מוטרע. פאַרוויקלט די טראַנספּאַרענטן אויף די העלצלעך, האָט אייזיקל זיי צוריק אריינגעטראָגן אין אויוון פון דעם געוועזענעם הייץ-רוים.

אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק צו באַשיינען דעם ארבעטער-יום-טוב אין די אויגן פון די מענטשן פונעם קליינעם שטעטל — וואַריש...

צוהילף די יינגלעך אין זייער ערשטער אַרבעט איז געקומען יאָסל שטראוס עלטערער ברודער ישראל.

ישראל שטראוס האָט געאַרבעט אין קראָקע אַלס בעקער-ארבעטער. ער איז געווען א קאָמוניסט. ווען ער איז געוואָרן ארבעטסלאָז, איז ער געקומען אהיים צו זיינע עלטערן, כדי איבערצוווארטן א ביסל די שלעכטע צייט...

* *
*

און אָט איז געקומען די אויסגעטרוימטע נאַכט פונעם דרייסיקסטן אַפּריל. זי איז געווען אַ פינצטערע. עס האָט געטריפט א דריבנע רעגנדל. דער הימל איז געווען איינגאַנצן פאַרצויגן מיט שווערע וואָלקנס, וואָס האָט נאָך געדיכטער געמאַכט די פינצטערניש פון דעם נישט באַלויכטענעם קליינעם שטעטל...

אַרויסגייענדיק פון דער שושניע האָט אייזיקל זיך געלאָזט צו די קליינע מאַרק-בודקעס, ווו עס האָבן שוין געוואַרט יאָסל מיט ישראלן. פון דאָרט האָבן זיי גלייך איבערגעשניטן דעם מאַרק, לאָזנדיק זיך צו די הינטער-געסלעך פונעם שטעטל, צו דער מיל. ארום איז געווען שטיל. אינגערעץ האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק נפש, אַפילו דאָס ליכט אין די

פענצטער ביי אַ טייל בעלי־מלאכות, וואָס פלעגן נישט איינמאָל זיצן שפּעט און אַרבעטן, איז אויך שוין געווען אויסגעלאָשן. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט בלויז דאָס בילן פון אַ הונט.

יאָסל מיט ישׂראלן זענען געגאַנגען פאָרויס, נאָך זיי איז אַ געוויסן אָפּשטאַנד — אייזיקל. זיין האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט און זיין געהער איז געווען אָנגעשטרענגט אויף דעם מינדעסטן שאָרך. לאַנג האָט זיך ביי אייזיקלען געצויגן דער וועג, ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוואַלדיקער מהלך די עטלעכע הונדערט שריט, וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט...

— דו האָסט גוט באַטראַכט אין וועלכער ריכטונג די טעלעפאָן־דראָטן לויפן? — האָט געפרעגט ישׂראל.

— גענוי באַטראַכט! — האָט יאָסל געענטפערט — זיי שניידן איבער דעם וועג, וואָס פירט צו די „וויינהייזער“ און ציען זיך פון דער פּאָליציי־געביידע ביז צו דער פּאָסט.

דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט צו פאַלן. זיי זענען שוין געווען גאַנץ נאַס, אָבער דאָס האָט קיינעם נישט געאַרט — זייער געדאַנק איז געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט איין זאַך: צוגיין צו די טעלעפאָן־דראָטן.

יאָסל און ישׂראל זענען שטיין געבליבן. אייזיקל האָט צוגעשלאָסן צו זיי.

בליץ־שנעל האָט אייזיקל אַרויסגעצויגן דעם טראַנספּאַרענט פון אונטער זיין מאַנטל. יאָסל האָט צעלאָזט דעם שפּאַגאַט אויף זיין גאַנצער לענג און אַריבערגעוואָרפן די מוטרע איבער די טעלעפאָן־דראָטן. ישׂראל איז שנעל געלאָפן זי כאַפּן און אָנגעהויבן ציען דעם שפּאַגאַט. אונטער דער לאַסט פון דעם אונטערשטן העלצל האָט זיך דאָס ליווונט אינגאַנצן אויפגעוויקלט. ישׂראל האָט איצט געגעבן עטלעכע שאַרפע ציען מיטן שפּאַגאַט ביז ס׳האָט אַ קלונג געגעבן ביי די דראָטן...

— די זשאַבקע איז פאַרשפּרונגען — האָט ישׂראל ווי אַ פאַכמאַן געזאָגט. דאָס איז געווען אַ צייכן פאַר יאָסלען נאָך אַמאָל אַריבערצוּוואַרפן איבער די דראָטן די מוטרע.

איצט איז נאָך געבליבן די לעצטע באַוועגונג. אייזיקל איז אַרויפגעשפּרונגען אויף די אַקסלען פון זיינע צוויי חברים און די שוין הענגענדיקע מוטרע נאָך איין מאָל אַריבערגעוואָרפן איבער די דראָטן און דערנאָך אָפּגעשניטן דעם שפּאַגאַט אויף דעם העכסטן אָרט, ווי ער האָט נאָר געקאָנט דערלאַנגען.

אייזיק און יאָסל האָבן דעם עקזאַמען אָפּגעגעבן.

מיטן צווייטן טראַנספּאַרענט איז שוין געווען אַ סך לייכטער... זיי האָבן דערהערט אַ פּלאַטער. דאָס האָט דער ווינט געוויגט דאָס רויטע טוך. און כאָטש ס'איז געווען שטאָק פינצטער, האָט זיך אייזיקלען אויסגעוויזן, אַז צו אים ווינקען אַראָפּ די גאָלדענע אותיות, וועלכע זאָגן אָן דעם אָנקום פון אַ נייער וועלט...

*　　*
*

עס איז דער ערשטער מאַי 1929.

דאָס שטעטל איז אויפגערודערט מיט דער גרויסער נייעס. פון מויל צו מויל גייט מען זיך איבער — „רויטע פענער אויף די טעלעפאָן־דראָטן!“ רעדלעך יידן האָבן זיך געזאַמלט אויף די גאַסן. יעדער האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז אויף די פענער געווען אויפגעשריבן, און צי מען ווייסט שוין, ווער האָט דאָס געמאַכט.

די פּאָליציאַנטן זענען אַרומגעלאָפן ווי די פאַרסמטע מייז פון איין צוקערגיע אין דער צווייטער און יעדן שטרענג געקוקט אין די אויגן אַריין.

— מען זאָגט — איז צוגעקומען מיט דער נייעס זישע מלמד — אַז אויף די פענער איז געווען אויפגעשריבן וועגן אַ רעוואָלוציע!...

— אַ מעשה פּלא, אַ מעשה פּלא! — האָט פאַרבראָכן ביידע הענט שלום מנשהס.

— וואָס רעדסטו, זישע, וואָס רעדסטו? — האָט זיך אָנגערופן מאָ־טיע ניכעס, דער מוהל פון דעם שטעטל — ס'זאָל זיך נאָר חלילה נישט אָנהייבן מיט אַ בלבול אויף יידן — האָט ער זיך אָנגעהויבן שאָקלען ווי ביים דאַווענען.

— איך זאָג אייך, יידן, אַז ס'איז משיחס צייטן — האָט צוגעגעבן רב חיים ראַווער, וועלכער איז געשטאַנען מיטן תפילין־זעקל אונטערן אָרעם — מ'זעט דאָך עס באַשיינפּערלעך — האָט ער אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט צום הימל...

ייִנגלעך זענען געשטאַנען אונטער הערש מלמדס בערגל און געוויזן מיט די פינגער אויף די דראָטן, פון וואַנען מען האָט אַראָפּגענומען די פע־נער, און זיך געבראָכן די קעפּלעך, ווי אַזוי מען איז אַזוי הויך אַרויפגע־קראָכן. ווו האָט מען גענומען אַזאַ הויכן לייטער...

ווייבער פון די שכנותדיקע הייזער האָבן זיך געריסן דאָס פּנים און געבעטן מ'זאָל אַוועקגיין, כּדי ס'זאָל חלילה נישט פאַלן קיין חשד אויף קיין יידיש קינד, חאָס מלכות זאָל זיך נישט נוקם זיין חלילה אין דער שטאָט.

אויך פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג איז דאָס געווען א גרויסע איבערראַשונג. אייניקע האָבן אונטערגעשמייכלט פון דעם געלונגענעם שטיקל אַרבעט, און געחוזקט פון דער אויפגערעגטער פּאָליציי, וואָס האָט געזוכט דעם נעכטיקן טאָג.

אין שטעטל האָט געקאָכט אין אַלע גאַסן, אין די וואַרשטאַטן זענען געגאַנגען פיל אַרבעטער נישט געקומען צו דער אַרבעט, און די מייסטער האָבן געשוויגן. אייניקע האָבן טאַקע אַ ביסל מורא געקריגן, ווער ווייסט ווי אַ זאַך מאַכט זיך, בעסער מיט זיי נישט אָנצוהייבן...

אייזיקל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפער פרייד אין האַרצן, וואָס אַלץ איז זיי אַזוי גוט געלונגען, וואָס זייער קעמערל האָט זיך פאַרדינט אַזאַ כּבוד. ער האָט זיך צוגעהערט צו די שמועסן, פאַנטאַסטישע מעשיות און געשעפּט נחת.

## קאַפּיטל 21

# וויפל דאַרף אַ מענטש...

— וויפל געלט האָבן מיר שוין היינט אין דער קאַסע פאַר אסתר-הנהס וועגן? — האָט מיט פאַרצויגענע ליפּן געפרעגט פערל מרדכי שי-מעלעס ביי פייגע מייזעלעס, איבערגעבנדיק איר פינף און צוואַנציק זלאָ-טעס, וואָס איז אַריינגעפאַלן פון די נדבות.

ביידע ווייבער האָבן געהערט צו די נשים צדקניות פון עם שטעטל, וועלכע האָבן פאַרזאָרגט אן אָרעמע כלה, אַ געכטיקער ביי אַ מת, קינדער-לאָזע מענטשן מיט אַ געדונגענעם קדיש-זאָגער וכדומה.

— זעקס הונדערט צוויי און פערציק זלאָטעס מיט גראָשנס — האָט מיט נישט קיין קלענערן שטאָלץ געענטפערט פייגע.

— ווייניק, ווייניק — האָט געזאָגט פערל. — מ׳דאַרף נישט פאַר-געסן, אז דאָס איז פאַרט רב איטשעלעס טאָכטער, און ס׳מוז טאַקע זיין אַ חתונה, די שטאָט זאָל וויסן, אז ס׳איז אַ מיוחסדיק קינד און נישט אבי וועמ פון די באַסדאַחנעס. און טאַקע רב איטשעלע אַליין, זאָל זיך אויף יענער וועלט נישט דאַרפן שעמען, זיין זכות זאָל אונדז נאָר באַשטיין, רבונו של עולם — האָט פערל פאַרגלאָצט אירע אויגן צום הימל.

— צוויי שטובן מיט א קיך איז שוין אויך דאָ — האָט פייגע געזאָגט מיט גדלות, ווי זי וואָלט אַקצענטירט איר אויפטו. — מען וועט זיי מוזן שיין אויסמאַלעווען, אין דער הייך מיט אַ קרענצעלע. בעטגעוואַנט האָט מען שוין אויך געמאַכט און וועש... מעג שוין דעם קייסערס טאָכטער אַליין אָזוינס טראָגן... מעבל האָט מען באַשטעלט ביי איטשע סטאָליער אַליין, פּאָליטורטע פון אינעווייניק און אויסנווייניק. די וואָך וועט מען נאָך אַרויסשיקן צוויי פּאָרלעך אין שטאָט. איך קלער רייזל קריינטשעס מיט חנה-עטלען און פייגע-לאה יונהלעס מיט דער שוחטקע. דאָס זענען באַלע-

באַטישע ווייבער, און זיי וועט מען טאַקע געבן אַ שיינע נדבה, ווי מיינט איר, פּערל?...

— אוודאי, אוודאי — האָט פּערל צוגעשטימט מיט איר הייזעריק קול — מען מוז האָבן געלט, אַ סך געלט. מען זאָגט, אַז די גבאים רב אהרן־שיע און יעקב־שמואל האָבן זיך אַריינגעמישט אין שידוך. אַ קליי־ניקייט, אַ יונגערמאַן פון דעם בעלזער הויף...

אסתר־חנה איז געווען אַ מויד, ווי יידעלע שניידער פלעגט זאָגן: „זי מעג שוין לאַנג הערן שופר בלאָזן". זי האָט שוין געציילט ווייט איבער די שלושים, מיט צוויי גראָבע קרומע פיס, זי איז שטענדיק געזעסן מיט איר פייערטאָפּ און זיך געוואָרעמט, אַרויסגייענדיק זעלטן ערגעצוו פון איר קליין געוועלבל.

— עס מוז זיין אַ בחור מיט אַ דעמבענעם יצר־הרע, אַז ער וויל אסתר־חנהן פאַר אַ ווייב — פלעגט זיך יידעלע וויצלען.

נאָך דער חתן אליין איז אויך נישט געווען קיין „קראַסאַוויעץ" לויט די ווערטלעך וואָס פלעגן אַרומגיין אין שטאָט, נאָכדערציילט פון יידעלע שניידער. ער איז געווען געפּאַקט פון אונטן און פאָרנט און האָט געקאָנט גיין אונטערן טיש שפּאַצירן. אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ קרוב פון דעם בעלזער צדיק אליין. טאַקע דערפאַר האָט האָט גאַנצע כלי־קודש מיט קהל צוזאַמען איינגעריסן וועלטן, כדי דעם זיווג צונויפפאָרן און די צוויי נפשות גליקלעך צו מאַכן...

עס איז אַ פּראָסטיקער נאָכמיטאָג. אין דרויסן הוליעט אַ ווינטל, וואָס בלאָזט אַראָפּ דעם טרוקענעם שניי פון די דעכער און צעשפּרייט אים ווי ברענענדיקן זאַמד אין דער לופטן. פון דער פּאַרשטאָט טראָגט זיך אַ געזאַנג פון געמיישטע חסידישע ניגונים. אויף הריי וועגענער פאָרן בעלזער חסידים, אָנגעטאָן אין טויבלענע קאַלפּאַקעס, אַראָפּגערוקטע איבער די אויערן. אויף אַ באַזונדערן וואָגן זיצן די מחותנים און דער חתן.

קינד און קייט איז אַרויס פון די שטובן, כדי צו זען דעם גרויסן אוצר, וואָס איז צוגעקומען דעם שטעטל, און הנאה האָבן פון די קלעזמער. פון הינטן איז געפאָרן דער באַקאַנטער פידלער פון בעלז, וועלכן מען פלעגט באַשטעלן אויף אַלע יידישע חתונות — שמואל־יוסף, פון קריסני־פּאָלע, — ברוך פּייפער, משה פּויקער און נאָך עפּעס אַ יונגער בחור, ווייזט אויס דער צימבלער.

נישט אַלע זענען נאָך אַראָפּ פון די וועגענער, ווי פון דער שטוב האָבן זיך דערהערט געשרייען: „מיר פאָרן צוריק! מיר פאָרן צוריק!"...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געדראַנג, אַ געשטופעריי דורך דער טיר, דאָס לויפן אייגער איבער דעם אַנדערן, ווי פון אַ פייער. ס'ווערט אַ רעש, אַ טומל, ווייבער האַלטן אונטער נאָך שטאַרקער דאָס געשריי — וואָס הייסט? אַזאַ בושה, אַזאַ חרפה, ווי איז צו אונדז און ווינד! אַזאַ שטראָף אויף אַ יידישער טאָכטער — אסתר־חנה נעבעך, רב איטשעלעס טאָכטער, אַזאַ טאַטנס אַ קינד! רבונו של עולם! דו קוקסט און שווייגסט?!...

און איבער אַלעמען הערט זיך די שטים פון מאָטקע שדכן: — קיין בעטגעוואַנט איז נישטאָ, קיין וואָרט נישט געהאַלטן, קיין צורת מטבע זעט מען אויך נישט. מיר פאָרן טאַקע צוריק!

— וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט אָנקומענדיק פון שטאָט פייגע מייזעלעס מאַן, אשר.

— וואָס איז געשען, פרעגט איר נאָך? — האָט מיט פאַרדראָס זיך אָנגערופן דער חתן אַליין — איך גיי נישט צו דער חופה! אוים חתונה, אוים! — האָט ער אַ מאַך געגעבן מיט ביידע הענט אין דער לופטן — ס'איז געווען אָפּגעשמועסט, דאָס ס'וועט זיין צווייערליי בעטגעוואַנט, נו? און וואָס איז דערפון געוואָרן? גאָרנישט! אַזוי אָפּצונאַרן!...

דער טומל איז געוואָרן פון מינוט צו מינוט גרעסער, און איינער האָט געפרווט איבערשרייען דעם צווייטן.

— שאַ, יידן, שאַ! — האָט זיך אָנגערופן אשר — ס'איז דאָך אַ בזיון אפילו פאַר די ערלים. יעדער מענטש האָט טאַקע גרויסע פאַרלאַנגען צו דער וועלט, צו זיין ליבן נאָמען, אָבער נישט מיט אַלעם קאָן מען אים נאָכקומען, און דאָ איז מען חאָך מיט אַזויפיל איינגעגאַן. די שטאָט האָט זיך דאָך מיט אַזויפיל אויסגעקאָסט, מיט איינמאָל אַזאַ חרפה. פע, פע, יידן, ס'איז טאַקע נישט שיין. כ'לעבן נישט שיין.

— שיין אהין, שיין אהער, מיר פאָרן צוריק! — האָט אַלץ געטענהט דער חתן.

— מילא — האָט ווייטער אונטערגעהאַנדלט אשר — וועט מען געבן נאָך בעטגעוואַנט.

— מען האָט שוין איין מאָל צוגעזאָגט! — האָט בייז צוגעגעבן איי־נער פון די מחותנים — על פי יושר על פי דין טוט מען נישט אַזוי.

— שאַ, יידן, שאַ! — האָט זיך אַריינגעמישט דודל דעם לאַנגן איי־זיקס — אַז רב אשר זאָגט מ'וועט געבן, מעג מען אים גלייבן. וואָס־זשע, איר האָט נישט געהערט פון רב אשר מייזעלעס?... און ראָטשילדס גאַנץ פאַרמעגן וואָלט איך אים נישט געטרויעט?...

און באַלד האָט קהל געגעבן, א כתב, אַז תיכף ומיד נאָך דער חתונה וועט צוגעשטעלט ווערן נאָך בעטגעוואַנט...

ס'איז א קאַלטע ווינטער־נאַכט. מע פירט די פּאָר צו דער חופּה.

אויף דעם בית־המדרש־פּלאַץ שטייט יוחנן שמש מיט אַ פּעקל ליכט אין דער לינקער האַנט, דעם גרויסן לאַמטערן מיט די פאַרקאַפּטשעטע שויבן אין דער רעכטער האַנט און וואַרט...

אַרום א מחנה יונגוואַרג, בייגעריקע בייצוואוויגען די חתונה. יינגלעך און מיידלעך האָבן זיך געריסן איבער די דרענגלעך פון דער חופּה, איי־ ביקע כדי צו זיין געענטער און זיך קאָנען בעסער צוקוקן וואָס ס'קומט פאָר, אנדערע ווידער צוליב א סגולה גיך חתונה צו האָבן... און יוחנען אין דערהוייל געוועזן היימלעכער צו וואַרטן.

אויף דער חתונה זענען מאַקע געקומען די שענסטע בעלי־בתים פון דער שטאָט. יעדער האָט זיך געוואָלט אָנלעגן איגעם גרויסן יחוס.

מיט מסדר־קדושין האָט מען מכבד געווען רב משהלע דעם רבינס. ער האָט אויך געלייענט די כתובה. איצט איז מען צוגעטראָטן צום ארומ־ דרייען די חתן־כלה. אָנגעפירט מיט אלעמען האָט יוחנן שמש. יוחנן שמש האלט שוין ביים זיבעטן מאָל. לצים יונגוואַרג שרייט, אז ערשט פינף מאָל האָט זיך חתן—כלה ארומגעדרייט. דערנאָך האָט מען געגעבן דעם חתן און דער כלה צו טרינקען פון איין גלאָז דעם וויין פון דעם קידוש, און כדי נישט צו פאַרגעסן אין דעם חורבן בית המקדש האָט מען געמוזט איצט עפּעס צעברעכן. יוחנן שמש האָט גלייך אנידערגעלייגט דאָס גלאָז דעם חתן אונטער די פיס. נאָר דעם חתן האָט זיך דאָס גלאָז צוויי מאָל אָפּגעגע־ גליטשט פון אונטער די פיס.

יוחנן שמש זעענדיק דאָס, טוט אַ געשריי: — משה! דאָס איז געווען א צייכן פאַר די קלעזמער אָנצוהייבן שפּילן. פון אַלע זייטן האָבן זיך א שאָט געטאָן די רופן „מזל טוב!“ „מזל טוב!“ און די גבאיטעס מיט קוי־ לעטשן אין די הענט האָבן אָנגעהויבן אַקעגנטאַנצן דער גליקלעכער פּאָר, וואָס מען האָט צוריקגעפירט פון דער חופּה.

אַ האַלב שטעטל האָט באַגלייט די חתונה. דער פּראָסט האָט געסקרי־ פּעט אונטער די פיס ווי צוגעהאָלפן דער מוזיק. אייזיקל האָט צוגעאיילט זיינע טריט, אהיימגייענדיק פון דער חתונה. זייענדיק נישט ווייט שוין פון דער סושאַרניע־מויער האָט ער באַמערקט ווי פון דער פינצטערקייט טיילט זיך אָפּ עפּעס אַ געשטאַלט... ער איז אויף א וויילע שטיין געבליבן, נאָר ווען ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, האָט ער דערזען אז אייגגעהוי־

קערטן מענטשן מיט א פּאַק אויף די פּלייצעס אַרויסגיין פון דעם גלחם פּאַרקן.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פּאַק און זיך געלאָזט אַנטקעגן אייזיקלען: דאָס איז געווען שעפּסעלע פון די באַראַקן. ער איז שטיין געבליבן און שטיל א זאָג געטאָן: „בלויז א ביסל האָלץ".

פאַר אייזיקלען איז אַלץ געווען קלאָר. — איך וועט צוואַרטן ביז איך וועל אַרויסקומען — האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ טאָן, אַז שעפּסעלע איז געבליבן שטיין ווי פאַרגאַפט.

אָנגעטאָן אין אַן אַלטער קורטקע מיט א שלאַפּ איבער די אויגן, איז אייזיקל אַרויסגעקומען פונעם טירל, וואָס האָט געפירט צו זייער פּאַרקן, טראָגנדיק אויף די פּלייצעס פינף פּאַלאָנעס האָלץ פאַרבונדן מיט א גראָבן שטריק.

— נעמט אייער פּעקל און מיר קאָנען גיין! — האָט אייזיקל ווי באַפעלעריש געזאָגט.

שעפּסעלע האָט זיינע אויגן נישט געוואָלט גלייבן. דער וועג איז געווען א לאַנגער. דער ווינט האָט געבלאָזן אין די אויגן, ווי ער וואָלט ממש מיט נאָדלען געשטאָכן. אייזיקל האָט שווער געסאָפּעט אונטער זיין מאַסע, אונטערהוואַרפנדיק יעדעס מאָל דאָס האָלץ אויף זיינע פּלייצעס.

— עס איז דיר שווער, אייזיקל? — האָט שעפּסעלע געפרעגט — אפשר ווען מיר זיך א ביסל אָפּרוען?

— ניין, איך וויל נישט, עס זאָל אונדז ווער טרעפן פון די חתונה־געסט, נאָכן בריקל וועלן מיר זיך אָפּרוען.

*    *
*

— א שוואַרץ יאָר צו אַלע גגידים! — האָבן ביידע יאַמגיאַקעס געשאָלטן ביים אַריינקומען אין קלויז. אפילו קיין שטיקל לעקעך מיט בראָנפן נישט צו געבן, אַזוינס איז נאָך ביי אונדז קיינמאָל נישט געשען.

— איך זאָל אַזוי משיחן דערלעבן — האָט זיך מאיר יאַמגיאַק גע־קלאַפּט אין האַרצן — ווען עס וועט אַפילו זייער הויז ברענען, וועל איך נישט שרייען געוואַלד.

— דו שווייגסט וואָס דו ביסט! — האָט זיך געבייזערט יידל פּסחס — ווי מעג מען אַזוי שווערן ביי משיחן אויף א יידן און נאָך אין א מקום קדוש?

— וואָס מיינט איר, רב יידל, דאָס מאיר איז נישט גערעכט! — האָט זיך אַריינגעמישט שיעלע בטלן — ווי אַזוי האָט מען עס געזען אַזאַ רייכע שמחה אָן אַ טיש פֿאַר אָרעמעלייט? איך ווינטש זיי חלילה נישט קיין שלעכטס, אָבער ווער ווייסט וואָס עס קאָן דערפֿון אַרויסקומען... וואָסזשע, אברהם אבינו האָט דער אייבערשטער נישט געוואָלט שטראָפֿן און געהייסן אים ברענגען זיין זון יצחק אויף דער עקדה? און פֿאַרוואָס האָט דער אייבערשטער טאַקע דאָס געטאָן, מיינט איר? — דאָ האָט שיעלע געמאַכט אַ קליינע פּויזע און גלייך מיט אַ למדנישן טאָן אָנגעהויבן ווייטער — די מלאכים האָבן פֿאַרקלאָגט אברהמען צום רבונו של עולם, דאָס ער האָט נישט געמאַכט קיין טיש פֿאַר אָרעמעלייט ביים אָנטווייגען זיין איינציקן זון יצחק...

אַלע האָבן איצט געקוקט אויף שיעלען און נאָר געדרייט מיט די קעפּ.

— ס'איז טאַקע אַזוי געווען — האָט זיך אָנגערופֿן רב חיים ראַוועד מיט גרויס ערנסט. מיינט נישט ווידער, דאָס די רייכע טוען דעם אָרעמאַן אַזאַ טובה, אַז זיי זעגען אים מיט עפּעס מכבד אָדער גיבן אַ שיינע נדבה. ניין, פֿאַרקערט — האָט ער געגעבן אַ שטאַרקן שאָקל מיטן קאָפּ כאַפּנדיק דערביי אויך אַ קראַץ מיט ביידע הענט — הינטער די פּלייצעס פֿון דעם אָרעמען שטייט תמיד זיין ליבער נאָמען און צאָלט דעם רייכן אָפּ דאָפּלט...

— יאָ, רב חיים, איר זענט טאַקע גערעכט — האָט זיך אָנגערופֿן דער קליינער אשרל פֿון די באַראַקן — ווי פֿלעגט אָבער זאָגן רב לוי יצחק באַרדיטשעווער ז"ל „אַז דאָס גלאָז איז ריין זעט מען דורך דעם יעדן מענטש און טאָמער איז חאָס נאָר אַ ביסל באַזילבערט, זעט מען נאָר זיך אַליין". זיי ווילן זיך אַליין גוט אָנעסן און אָנטרינקען און אין דעם אָרעמאַן טוען זיי פֿאַרגעסן, כאָטש דער אייבערשטער וויל זיי צאָלן כפֿל כפֿלים...

אייזיקל מיט שעפּסעלען האָבן זיך דערווייל דערנענטערט צו די באַראַקן. אָפּגעזונדערט און ווי פֿאַריתומט איז געשטאַנען די רייע שטיבלעך נישט ווייט פֿון דעם בית־הקברות, צונויפֿגעשטעלט אויף שנעל בלויז פֿון ברעטלעך פֿאַר די גרעסטע אָרעמעלייט פֿון שטעטל. שעפּסעלע האָט לייכט אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער, וואָס איז געווען פֿאַרצויגן מיט בלומען, קונציק אויסגעשניצטע פֿון דעם פֿראָסט. זיין ווייב האָט אַ ביסל דערשראָקן געעפֿנט די טיר, הערנדיק פֿון דרויסן אַ פֿרעמדע שטימע.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? — האָט שעפּסעלע געזאָגט מיט אַ געמאַכטער לוסטיקייט — עס איז דאָך אייזיקל שײנדעלעס, האָסט אים נישט דערקענט? איך האָב אים געטראָפן נעבן דער חופּה, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר געבן א ביסל האָלץ, האָט ער עס מיר געהאָלפן אהײמטראָגן...

אין שטוב איז געווען קאַלט און פינצטער. די גויע האָט דאָ אפילו געקוקט פון יעדן ווינקעלע. אַ קליין קאַניצל האָט געברענט אויף אַ טישל. וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט צום הילצערנעם ווענטל, דורך וועלכן מען האָט געהערט יעדן שאָרך פון דעם שכן.

אן אײזערן בעטל, א באַנק־בעטל און צוויי הילצערנע טאַבאָרעטלעך זענען געווען דאָס גאַנצע מעבל אין דער שטוב.

זיין ווייב האָט זיך צוריקגעלייגט אויפן בעטל, זיך צוגעדעקט מיט א דין איבערבעטל אָן ציכן, פון איר צופוסנס האָבן זיך אפיגערוקט צוויי קעפּלעך מיט שוואַרץ־געלאָקטע הערעלעך.

אין באַנק־בעטל איז אויך געלעגן א קינד, די פיסלעך איינגעקאָרטשעט פאַר קעלט, צוגעדעקט מיט צוויי אַלטע גרויע קאָצן. דאָס איז אויך געווען דאָס געלעגער פון שעפּסלען.

אייזיקל איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט און באַטראַכט דעם עלנט פון די מענטשן.

— אפשר אראָפּגיין און איינהייצן, ווי מיינסטו, שעפּסל? — האָט געפרעגט דאָס ווייב — וועט דאָך ווערן א ביסל היימלעכער אין שטוב.

— ניין, עלקע, איך וועל שוין אַליין איינהייצן — האָט געמיטלעך געענטפערט שעפּסל און גלייך גענומען צעשפּאַלטן א פּאָלאַנע אויף קליינע שטיקלעך.

דאָס אײזערנע קיכל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, איז שנעל רויט געוואָרן און געוואָרפן אַ קאָלירטן בליאַסק אויף די געזיכטער פון די שטוב־מענטשן. ס'איז געוואָרן ווארעמער אין שטוב און וואַרעמער אויף דער נשמה.

עלקע האָט מיט דאַנקבאַרע אויגן געקוקט דאָ אויף אייזיקלען, דאָ אויף שעפּסלען...

— אַ גוטע נאַכט — האָט געזאָגט אייזיקל.

— גייט געזונטערהייט! דער אייבערשטער זאָל אייך העלפן ווי איר זאָלט אייך קערן און ווענדן. — פינף פּאָר אויגן האָבן אים מיט פריינדלעכע בליקן באַגלייט...

אַרום איז שוין אַלץ געשלאָפן. קיין מענטש האָט מען אין דרויסן ניט מער געזען. עס איז געווען אַזוי רויק שטיל, ווי אויף דעם בית־עולם. בלויז דער ווינט האָט צעטראָגן די קלאַנגען פון די קלעזמער וואָס האָבן געשפּילט אויף דער חתונה. עלעקטרישע לאָמפּן זענען געווען געלעכטער מיט ביסל האָלץ...

ווי ווייניק אַ מענטש דאַרף אַמאָל, כּדי צו זיין גליקלעך...

## קאַפּיטל 22

# דאָס דאָרף ווילביזו

דער שניי האָט שוין אינגאַנצן פאַרשיט די שטיבלעך. פונדערווייטנס מאַכן זיי דעם איינדרוק ווי גרויסע באַלוואַנעס, און די ווייסע ברייטע פלאַטן הערן נאָך אַלץ נישט אויף צו שיטן פון דעם הימל. אויף דער גאַס איז פוסט. מען זעט נישט קיין לעבעדיק נפש. איינגעהילט אין דעם ווייסן שלייער זעט דאָס שטעטל אויס ווי געשטאָרבן, בלויז דאָ און דאָרט באַווייזט זיך נאָך אַ שיין פון אַ פענצטערל אָדער ערגעץ א רויך פון אַ קוימענדל, וואָס זאָגט אָן, אז עס געפינען זיך דאָרט לעבעדיקע באַשעפענישן.

עס איז האַלב עלף אין אָוונט. אייזיקל גייט מיט די נאָך נישט פאַרטאָפּטשעטע סטעזשקעס צום בריקל, וווּ עס איז זיין אָפּגערעדטער טרעף־פונקט מיט דומקעווישן.

עס וועט זיין פון וואָס צו דערציילן. פאַראַן היינט־צו־טאָג דריי קעמערלעך אויף דער יידישער גאַס, אויסער סימפּאַטיקער, ביי וועלכע מען זאמלט פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע. מען האָט אויך געפונען אַ ניי אָרט אויף זיצונגען. טעאָדאָר וועט באַשטימט לאַכן פון אונדזער איינפאַל. דאָס איז די קאַמער, וווּ מען האַלט די באָד־בעזעמלעך אַ גאַנצע וואָך אויף פריימיק. עס איז אָבער אַ זיכער אָרט.

די לעצטע וואָכן זענען צוגעקומען נייע דריי מיטגלידער, עטל שעבּטער, זי איז טאַקע נאָך זייער יונג, נאָר אַליין האַלט זי זיך פאַר אַן אַלטע ארבעטאָרין. עס איז אַפילו נישט ווייט פון דעם אמת, וויייל ווי לאַנג מען געדענקט זי, טוט זי העלפן דעם טאַטן אין דער באָד, ביים באַדינען די געסט, בינדן און פאַרקויפן די בעזעמלעך, פּאָמפּען וואַסער אין די וואַנעס אַריין, וואַשן די טרעפּ און נאָך אַזעלכע ארבעטן.

איצט יאַנקל באַלאַבאַן פון די באַראַקן, אסתר גלאַז, וואָס וועט אין קורצן ווערן א מיטגליד. די צייטונג „אונדזער וועג“ אַבאָנירן אַלע מיטגלידער פון די קעמערלעך. אייזיקל איז געווען אין זייער א גוטער שטימונג.

ווען ער איז נאָך אַריבער דאָס בריקל, האָט ער דערזען דאָס איינגעהויקערטע געשטאַלט פון דומקעוויטש. אייזיקל האָט מער דערפילט ווי געזען דאָס טרויעריקע געמיט פון דומקעוויטש. און כאָטש ער האָט אים גלייך געזאָגט, אַז זיי גייען איצט ביידע אין דאָרף ווילביוו, כדי צו פאַרבינדן זיך מיט נייע חברים, האָט אייזיקל געוואַרט אויף דער וויכטיקסטער נייעס. ביז דומקעוויטש האָט פּלוצעם א זאָג געטאָן:

— הער, אייזיקל, און דערביי געקוקט אים גלייך אין די אויגן אריין — קאָסטעק ווישניעוויצקי איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. די פּאָליציי ווייסט פון יעדן פון אונדז. מע קאָן זיך יעדן טאָג ריכטן אויף אַרעסטן. אָבער דערווייל דאַרף מען טאָן די אַרבעט. מיר גייען קיין ווילביוו, כדי דורך די ווילביווער חברים זיך פאַרבינדן מיטן חבר איוואַן ראָמאַניוק פון סעקאַל.

זיי זענען א ווײַלע געגאַנגען און געשוויגן.

— מיר גייען איצט צו א געוויסן סטרעפּ פּראַנצישעק — האָט איבערגעריסן די שטילקייט טעאָדאָר — ער איז פון פאַך אַ באַהנער. סטרעפּ פירט אָן מיט דער אַרבעט אין ווילביוו און איז אויך דער פאַרבינדלער מיט סעקאַל. עס איז זייער וויכטיק דו זאָלסט זיך מיט אים נעענטער באַקענען.

אייזיקל האָט אַלץ געשוויגן...

— ווי איך זע, קענסטו נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך פון דער נייעס — איז טעאָדאָר צוריק אַרויף אויף דער ערשטער טעמע. — נישט געזאָרגט, אייזיקל — האָט ער ליבלעך צוגעגעבן — נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער פאַל. אַ קאָמוניסט דאַרף זיין גרייט צו אַלעמען, צום ערגסטן...

— אַך, צום טייוול! — האָט ער אויסגעלאָזט זיין האַרץ צום שניי— ער האָט נישט געהאַט ווען צו פאַלן, נאָר גראָד היינט — אָפּקלאַפּנדיק אים פון זיין מאַנטל מיט ביידע הענט.

די חברים האָבן זיך דערנעענטערט צו די ווילביווער בערג און זיך געלאָזט צו די סאַדזשעווקעס לעבן הויף. די הינט פון די ערשטע הייזקעס האָבן אָנגעהויבן גלייך שרעקלעך צו בילן. אויף זייער יאָמער האָבן זיך אויך אָנגערופן אַנדערע, וועמענס יללות האָבן זיך אָפּגעשלאָגן מיט א ווידערקול צווישן די בערג.

די פויערים זענען שוין לאַנג געשלאָפן. אויך אין ביידע רייען הײַזערנע „טשוואָראַקעס“, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די דינער פון גראַף קרושעווסקי, איז שוין געווען פינצטער. בלויז אין דער קרעטשמע פון לייזער ווילבוואַר — ווי מען האָט אים גערופן — איז געווען ליכטיק און לעבעדיק, די קולות פון די שיכורים האָבן זיך געטראָגן אויף דרויסן.

די גאַנצע פאַמיליע ביי לייזערן איז נישט געשלאָפן. זיי האָבן געהאָלפן דעם טאַטן באַדינען די געסט, פון וועלכע זיי האָבן געצויגן די ביטערע פרנסה.

— אָט דאָס מוזן מיר באַקעמפן — האָט ווי צו זיך אַליין געזאָגט טעאָדאָר — שיכרות און אַנטיסעמיטיזם.

טעאָדאָר האָט פאַררויכערט. זיי זענען שווייגנדיק ווייטער געגאַנגען, איבערלאָזנדיק נאָך זיך די פוסטריט אויף דעם ווייסן שניי, וועלכע זענען גאָר גיך ווידער געוואָרן פאַרשיט מיט דעם נאַסן פוך, וועלכער האָט געשיט פון דעם פאַרוואָלקנטן הימל...

טעאָדאָר האָט געפילט די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם יונגן בחור, וואָס שפּאַנט איצט אין זיין זייט.

— אַ קאָמוניסט איז געגליכן צו אַ בוים — האָט ער פלוצעם געזאָגט — וואָס איז אַרויסגעשטעלט אויף גרויסע ווינטן. ער מוז זיינע וואָרצלען אַלץ טיפער און טיפער לאָזן אין דער ערד, כדי ער זאָל נישט אומפאַלן. אונדזערע וואָרצלען זענען ווייסן, א סך ווייסן, דער שטורעם זאָל נישט צעברעכן. איך ווייס, דו קלערסט נאָך איבער ווישניעצקין... ער גיט דיר נישט קיין רו. יאָ, מיין ליבער חבר, מיר אויך נישט...

— איך פאַרשטיי — האָט רואיק געענטפערט אייזיקל — אַז אונדזער וועג איז נישט מיט בלויז רויזן געשפּרייט, און נישט איינמאָל וועט אויסקומען די פיס אין די דערנער צו שטעכן...

טעאָדאָר, אַ צופרידענער פון תלמיד, האָט פריינדלעך אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף אייזיקלס אַקסל.

אייזיקל פילט די האַנט, וואָס פירט אים, ער פילט די חברישע וואַרעמקייט, וואָס פליסט פון דעם אוקראַאינישן בחור צו אים, דעם יידישן יינגל.

אויף א קליין בערגל איז געשטאַנען סטרעפּס הייזל. אַרום איז געווען אַ נידעריקער פּאַרקאַן, געמאַכט פון דינע, אויף גרין אָפּגעפאַרבטע ברעטלעך. ביז צום דאַך איז דאָס הייזל געווען פאַרצויגן מיט א שטרוי=

ענער זאַהאַטע*), פֿון וועלכער עס איז געווען בלויז אַן עפֿענונג פֿאַר דער טיר און דעם קליינעם פֿענצטערל. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער טויבנשלאַק.

טעאָדאָר איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטערל און לייכט אָנגעקלאַפּט.

— באַלד, באַלד! — האָט זיך פֿון שטיבל געהערט אַ מענלעכע שטימע.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז אַרויסגעקומען סטעפּ אָנגעטאָן אין אַ קורצן מאַנטל מיט אַ פֿוטערן שלאַפֿל טיף אַראָפּגערוקט איבער די אויערן.

— איך שלאָג פֿאָר — האָט געזאָגט פּראַנעק — מיר זאָלן גיין צום יאַרישער וועג, דאָרט וועלן מיר קאָנען אַליין אומגעשטערט אַדורכרעדן. טעאָדאָר און אייזיקל זענען אים נאָכגעגאַנגען.

— דער קאָנטאַקט מיט אייזיקלען וועט נישט זיין אויפֿפֿאַלנד — האָט דערקלערט טעאָדאָר — ערשטנס, קומט דיין עלטערער ברודער צו אייזיקלס טאַטן וועגן אַרבעט, צווייטנס, קאָן ער קומען צו דיר פֿאַרריכטן אָדער שלייפֿן ליזשוועס, באַשטעלן אַ שליטעלע, און ענלעכע זאַכן. דער עיקר גייט אין דעם, אַז דו זאָלסט אים קאָנטאַקטירן, ווען מען וועט באַדאַרפֿן, מיטן חבר איוואַן ראָמאַניוק. חבר ראָמאַניוק איז דעמאָלט געווען מיטגליד פֿון סעקאַלער קרייז-קאָמיטעט.

אייזיקל איז אַזוי אַרום אַריינגעצויגן געוואָרן ברייטער אין דער באַוועגונג.

---

*) אַ געפּרעסטע שיכט שטרוי, מיט וועלכער דאָס הויז איז אַרומגעבעט ווינטער.

## קאפּיטל 23

# אײזיקל פֿאַרלאָזט זײַן הײם

ס'איז אָװנט. לײבוש איז אַהײמגעקומען פֿון הױף אײנגעגאַנצן אַ צע־בראָכענער. די אױגן זײַנע זענען געװען טיף אײַנגעפֿאַלן. פּונעם פּנים איז דאָס בלוט װי אײנגאַנצן פֿאַרשװוּנדן. מיטן אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער געבליבן זיצן אין קיך אױפֿן באַנק־בעטל, נישט אױסרעדנדיק קײן װאָרט. ער האָט אַפֿילו נישט אױסגעטאָן זײַן אױבער־ראָק װי געװײנלעך בײַם אַרײַנקומען אין שטוב.

— װאָס איז געשען, לײבוש? — האָט געפֿרעגט שײנדעלע.

לײבוש האָט נאָר צוגעמאַכט זײַנע אױגן און נאָך טיפֿער אַראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ. די ליפּן האָבן עפּעס געזאָגט, אָבער זי האָט נישט פֿאַר־שטאַנען װאָס ער רעדט.

— װוּ איז אײזיקל? — האָט ער נאָך אַ װײַלע שטיל געפֿרעגט.

— ער װעט גלײַך קומען, ער איז בלױז געגאַנגען אין געװעלב קױפֿן עטלעכע קילאָ מעל אױף פּלעצלעך, װײַל דאָס ברױט איז אױסגעגאַנגען.

— דאָס װעט שױן זײַן אפֿשר אונדזער לעצט ביסל מעל — האָט לײבוש מיט אַ טיפֿן זיפֿץ געזאָגט.

שײנדעלעס פּנים איז בלאַס געװאָרן. די שײנע בלאָנדע פּרוי האָט זיך װי אײַנגעבױגן, אַז װערטער האָט זי אױסגעשטרעקט אירע הענט צום מאַן און אַ װײַלע אַזױ געבליבן װי פֿאַרשטײנערט.

די טיר האָט זיך געעפֿנט און אין איר האָט זיך באַװיזן אײזיקל.

— װאָס איז געשען?

— װאָס איז געשען, פֿרעגסטו — האָט זיך אָנגערופֿן לײבוש — װילסט מיך הרגענען, נאַ, הרגע מיך... — איז ער אױפֿגעשטאַנען פֿון זײַן אָרט און אױסגעשטרעקט זײַן האַלדז צו אײזיקלען...

אײזיקל האָט געגעבן אַ ציטער. ער האָט דעם טאַטן אין אַזאַ שטאַנד

נאָך קיינמאָל נישט געזען. נאָר ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דע־טאַטע האָט דערמיט געמיינט, און פאַרוואָס ווענדט זיך דער טאַטע גראד צו אים?

— נא, דאָ האָסטו מיין קאָפּ, שנייד אים אָפּ, וועט מיר בעסער זיין — האָט ער צוגעגעבן מיט א פאַרביטערט קול — אָבער וואָס ווילסטו פון זיי, פון די קינדער? — האָט לייבוש אָנגעוויזן מיט זיינע ציטערנדיקע הענט אויף אייזיקלס ברודער און שוועסטער — זיי וועלן איצט אויסגיין פאַר אַ שטיקל ברויט... לייבוש איז אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן...

— דער פריץ האָט מיך היינט ארויסגעיאָגט פון הויף. וו זאָל איך איצט גיין זוכן ארבעט?!... — ער האָט מיר געזאָגט: „דו כאָוועסט מיט מיין ברויט באַנדיטן, קאָמוניסטן!“

דער מאטער שיין פון קליינעם פלעמעלע, וואָס טיילט זיך אַרויס פון דעם נאפט־לעמפל ביים אויוון, טוט גלעטן די בלוי־געקאַלעכטע ווענט און זיך אָפּשלאָגן מיט א קימער אויף די פנימער פון אייזיקלס משפּחה.

אַלע האָט באַהערשט אַ טיפער טרויער. זיי האָבן געפילט, אַז אויף זייער היים רוקן זיך אָן שווערע און ביטערע טעג.

— טאַטע! — איז אייזיקל צו אים צוגעפאַלן, ארומנעמענדיק אים מיט ביידע הענט — טאַטע, איך וויל נישט איר זאָלט הונגערן, ניין! ניין! איך וויל נישט! — האָבן זיינע ווערטער געציטערט — איך וויל בלויז נישט זיין קיין מענטש פון א צווייטער מדרגה! איך וויל גערעכטיקייט... א מענטשלעך לעבן פאַר אונדז אַלע! טאַטע, טאַטע — האָבן געשעפּטשעט זיינע ליפּן. — ער האָט אַנידערגעלייגט זיין קאָפּ אויף לייבושעס קני...

לייבוש האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף אייזיקלס קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: — קינד מיינס, איך פאַרשטיי דיך, נאָר צי וועלן מיר דאָס דערלעבן?...

פלוצעם איז אייזיקל אויפגעשפּרונגען און אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל אַוועקפאָרן פון דאַנען, וועלן זיי אין אייך פאַרגעסן און אייך לאָזן צורו...

— וו און צו וועמען וועסטו פאָרן? — האָט שיינדל אַרויסגעלאָזט א ביטער געוויין — מיט דיינע זעכצן יאָר?! שיינדל האָט ארומגעכאַפּט אייזיקלען. פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן הייסע טרערן... אייזיקל איז געווען איר עלטסטער זון, דאָס שוואַרצאפּל פון אויג.

— איך בין שוין נישט יונג, מאַמע! — האָט ער געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן. נישט תמיד, מאַמע, דעצידירן די יאָרן.

דער מאַמעס טרויעריקע בליקן האָט אייזיקל נישט איינמאָל באַמערקט, ווען ער פלעגט אַמאָל פאַר איר עפּעס פאַרבאָרגן, געפּרוווט עפּעס נישט דערזאָגן. כאָטש שיינדל האָט פיל געוווסט פון זיין ניי לעבן... איצט האָט ער געפילט דעם ציטער פון איר אומרואיק האַרץ און געוואָלט זי טרייסטן, אָבער נישט געוווסט ווי אַזוי...

זי האָט אים איצט נאָך שטאַרקער געקלאַמערט אין אירע אָרעמס, און איר מוטערלעך האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט זיך מיט אים מוזן שיידן אין קורצן, זי האָט אָבער נישט פאָרגעפילט, אַז שוין אויף אייביק...

מיטאמאָל האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר. אין שטוב איז אַריינגעקומען דאָקטער גאַנגעלס פרוי. אַלע האָבן געוואונדערט זייערע בליקן אויף דעם זעלטענעם גאַסט. זי האָט אָנגענומען לייבושן פאַר דער האַנט און מיט אים אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימער.

— שרעקט אייך נישט, אָבער איך מוז אייך וואָרענען. עס איז דאָ אַ באַפעל אייזיקלען צו אַרעסטירן — האָט זי זייער שטיל געזאָגט.

— אַרעסטירן מיין אייזיקל?! — האָט לייבוש איבערגעחזרט די ווערטער — עס איז דאָך נאָך אַ קינד! גאָט מיינער!...

— איך ווייס דאָס פון אַ זיכערער קוועלע. דאָס האָט געזאָגט דעם מאַשיניסטס געהילף. ער האָט, ווייזט אויס, זיך געוואָלט באַרימען, ער איז דאָך ביי דער פּאָליציי, זייערס אַ צוטרעגער, מען טאָר נישט וואַרטן, לייבוש — האָט זי ווי באַפעלעריש צוגעגעבן...

אייזיקל האָט גלייך צונויפגערופן אַ זיצונג פון זיין קעמערל. נאָך די זעלבע נאַכט האָט ער פאַרלאָזט זיין היים...

דאָס פּנים צוגעדריקט צו דער פייכטער שויב פון וואַגאָן, איז ער געשטאַנען און געקוקט אין דער אומענדלעכער ווייטקייט פון דער טונקעלער נאַכט. ער האָט געזען די מאַמע, איר ליבן שמייכל, אירע אויגן, גרויסע טרויערישע אויגן... דאָס יונגע הערצעלע האָט פאַרקלעמט...

דער וועג האָט געפירט קיין לעמבערג. נאָך גאָר אַנדערש האָט ער זיך אים אַמאָל פאָרגעשטעלט... אייזיקל האָט זיך דערמאָנט איינעם טרוים פונעם טאַטן: — אייזיקל וועט פאָרן קיין לעמבערג און שטודירן אויף אַ קרייז־ראַבינער — דאָס וועט זיין „תורה, סחורה און געפּוצטע שטיוול“ — פלעגט ער צוגעבן דאָס פאָלקס־ווערטל מיט אַ שמייכל. איך וויל, אַז דער־

מיט זאָל מיר דער אייבערשטער אויסגלייכן די קרייוודע פאר מיינע אָפּגע־פּלאָגטע יאָרן... — און די מאַמע איז ווידער אַלץ געשטאַנען ביי ס'איריקע און מיט איר ליבער שטימע געפרעגט: — און פאַרוואָס נישט שטודירן מעדיצין?...

אייזיקל, אַ מידער פון טרייסלען זיך מיט דעם וואָגן קיין בעלז און דערשעפּט פון די לעצטע איבערלעבונגען, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ ווינקל פון וואַגאָן און האַרט איינגעשלאָפן. אין חלום האָט ער ווידער געזען די מאַמע, ווי זי שטייט לעבן פּעטער הערשס וואָגן, און די טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן, איר בלאַסע האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דעם לייטער, ער הערט איר קול: — פאָר געזונט, מיין קינד!

דער וועג איז געגאַנגען באַרג־אַרויף. די מאַשין האָט אָנגעהויבן שווער צו סאָפּען, די רעדער האָבן פאַרקלענערט זייער לויף איבער די רעלסן. אויףביידע זייטן וועג האָבן זיך באַוויזן קליינע הילצערנע שטיב־לעך, וואָס האָבן געוואַרט, מען זאָל זיי אַנשליסן אין דער פאַרשטאָט.

דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו לעמבערג. דאָ און דאָרט פליען פאַרביי בלישטשענדיקע לאַמטערנדלעך. אייזיקל שטרעקט אָן זיין בליק עפּעס צו זען דורך דעם פענצטער, אָבער אומזיסט. דער קאָנטראַסט פון ליכט און פינצטער בלענדט די אויגן.

מיטאַמאָל בלייבט דער צוג שטיין אין מיטן וועג, ווי פאַרלאָזן און פאַריתומט. פּאַסאַזשירן פרעגן זיך איבער וואָס איז געשען. זיי זענען נישט צופרידן פון דער פאַרשפּעטיקונג.

גאָר באַלד איז קלאָר געוואָרן. די פּאָליציי האָט נאָכגעיאָגט אַ קאָ־מוניסט, וואָס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם צוג און איבערגעלאָזט אַ רענצל מיט ליטעראַטור...

די פּאַסאַזשירן גרייטן שוין זייער געפּעק. דער צוג פאָרט אַריין צווישן קאָלירטע לעמפּלעך. עטלעכע לאָקאָמאָטיוון שטייען און סאָפּען שווער מיט זייערע לאָמפּן ווי מיט פייערדיקע אויגן. דער צוג פאַרקלענערט זיין לויף, זיינע רעדער קלאַפּן אַלץ שטילער און שטילער. עס באַווייזט זיך אַ בנין מיט אַ גלעזערנעם דאַך — דאָס איז דער לעמבערגער באַנהויף.

— לעמבערג, הויפּט־באַנהויף! אויסשטייגן! — האָט זיך געהערט דער רוף פון קאָנדוקטאָר און גלייך האָט באַגלייט אַ לאַנגער פייף פון דער מאַשין, ווי זי וואָלט אַרויסגעלאָזט איר לעצטן אָטעם. דער צוג איז גע־בליבן שטיין אונטער דעם גלעזערנעם דאַך.

דאָ האָבן געוואַרט נאָענטע, באַקאַנטע און פריינד. מע וואַרפט זיך איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס, מע קושט זיך, אַרום לויפן די טרעגער מיט דעם געפעק. די מאַשיניסטן באַקלאַפן די רעדער מיט האַמערס אויף לאַנגע העלצלעך. עס איז אַ רעש, אַ טומל. די מענטשן־מאַסע פאַרלאָזט לאַנגזאַם דעם וואָקזאַל.

אייזיקל איז אַראָפּ מיט די ברייטע טרעפ פון דעם איינגאַנג. ער האָט אַ בליק געגעבן אויף אַ גרויסן בנין מיט דער אויפשריפט „לעאָפּאָליס סעמפּער פידעליס". לעמבערג תמיד טריי — האָט ער אין האַרצן איבערגעחזרט די אויפשריפט; אפשר וועסטו מיר אויך זיין טריי, מיך אויסבאַהאַלטן פון די פּאָליציייאישע הענט... ער האָט נישט געהאַט ווו אַהין צו וועמען צו גיין.

מיטגעריסן פון דעם גרויסן מענטשן־שטראָם, וואָס איז אויסגעשטיגן פון צוג, האָט אייזיקל געשפּאַנט איבער גאַסן און געסלעך, אויסגעמיטן טראַמווייען און דראָזשקעס. מענטשן האָבן געאיילט צו זייערע היימען, צו זייערע פרויען און קינדער.

לאַנג האָט אייזיקל געבלאָנקעט איבער די לעמבערגער גאַסן, ביז וואַנען זיי זענען געוואָרן אינגאַנצן פּוסט און שטיל פונעם טעגלעכן גערויש. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ געיאָגטער הונט אין אַ פינצטערער און רעגנדיקער נאַכט...

ער איז שוין געווען גוט מיד, די אויגן האָבן זיך ממש אַליין שוין געשלאָסן, ווי אויף זייערע ברעמען וואָלטן געלעגן שווערע שטיקלעך בליי...

דער לעמבערגער פרימאָרגן האָט אייזיקלען באַגעגנט אַן אָנגעשפּאַרט אויף אַ הילצערנער באַנק... אין סטריער פּאַרק, אין וועלכן היימישע פּאַשיסטן האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין ייִדן, פלעגן אָנפאַלן אויף זיי און שלאָגן.

## קאַפּיטל 24

# דער זעכצן־יאָריקער טרעגער

אײַזיקל האָט זײַנע ערשטע טריט געווענדט צום אַרבעטער־קלוב אויף זאַמאַרסטינאָווער גאַס, וואָס האָט זיך גערופֿן „דראַמאַטישער קלוב אויף דעם נאָמען פֿון גאָלדפֿאַדען". מיט דעם יונגן בחורל האָט זיך גלײַך באַראַינטערעסירט אַ טייל חברים פֿון דער אָנפֿירערשאַפֿט. ווי געווײַנלעך אַ פֿריש פּנים, דערצו פֿון דער פּראָווינץ.

אַ גרופּע חברים, ווי שלמה דרוקער, הערשיק, סאָניע פֿרידמאַן, די דיכטער ישׂראל אַשענדאָרף און יעקב שודריך האָבן גענומען קלערן, ווו אים איבערצונעכטיקן. טאַקע מיט זייער הילף האָט ער באַקומען אַרבעט. דער וואַרשטאַט האָט זיך געפֿונען אויף דעם לעצטן שטאָק פֿון אַ פֿינף־גאָרנדיקן הויז אויף זשולקעווער גאַס. אָן אַ סוף האָבן זיך געצויגן די שטיגן, איבער וועלכע אײַזיקל האָט געשלעפּט שווערע פּעק קליידער אַרויף און אַראָפּ פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. דערפֿאַר האָט ער באַקומען אַ ווינקל ווו צו נעכטיקן, עסן און דערצו נאָך צוויי זלאָטעס אַ וואָך.

— אַז דו וועסט דיך גוט אויפֿפֿירן, וועל איך דיר דערלייגן — האָט געזאָגט אײַזיקלס באַלעבאָס מעכל ווינקלער.

עס האָבן זיך געצויגן לאַנגע וואָכן. פּעק אַרויף און פּעק אַראָפּ. די אײנציקע טרייסט איז געווען נאָר דער דאָנערשטיק. אײַזיקל פֿלעגט לויפֿן צום פּאַרקן אויף דער לעגיאָנען־גאַס, כּדי זיך צו זען מיט דעם שיך־הענדלער פֿון וואַרשע — איטשע קורצער, און אָפּנעמען אַ גרוס פֿון דער היים.

— איך האָב דאָ היינט פֿאַר דער מאַמען פֿינף זלאָטעס, הער קורצער, איר וועט אַזוי גוט זײַן און זיי געבן און זאָגן, אַז זי זאָל זיך וועגן מיר נישט זאָרגן. איך גיב לעקציעס קינדער — האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן, כּדי די מאַמע צו באַרויִקן... וואָס אַז אמת, איז דאָס קיין גאַנצער ליגן נישט געווען. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט ער טאַקע

אָנגעהויבן העלפן אין דער לערע ווינקלערס צוויי קליינע מיידעלעך, וועלכע האָבן אָנגעהויבן גיין אין שול. דערפאַר האָט ער באַקומען נאָך צוויי זלאָטעס אַ וואָך.

דער זומער איז אַוועק מיט זיינע שיינע וואַרעמע טעג, פון וועלכע אייזיקל האָט אַזוי אויך קיין סך נישט גענאָסן, די פאַרנאַכטן זענען שוין געוואָרן קילער. וואָס אַמאָל פאַלט די נאַכט געשווינדער צו, און איידער מען קוקט זיך אום, הייבט זיך שוין אָן די זון אַראָפּצולאָזן און פאַרבלייבן (?) לען דעם הימל אויף אן אנדער אָרט. מענטשן האָבן שוין אָנגעטאָן וואַרעמע קליידער. דער האַרבסט האָט זיך אָנגעהויבן אריינרייסן אין אַלע ווינקעלעך. אויך די אַרבעט ביי ווינקלערן איז געוואָרן שווערער... די פעק גרעסער, און אייזיקל האָט זיך שוין אויך צו דעם צוגעוווינט.

איינמאָל, ווען ער איז אַזוי געגאַנגען מיט זיין לאַסט אויף די פלייצעס איבער דעם סאָלסקי-פּלאַץ, האָט אים פּלוצלונג באַגעגנט דער מאַמעס ברודער בערל.

— וואָס מאַכסטו דאָ, אייזיקל, און וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט?

— האָט דער פעטער פאַרוווּנדערט געפרעגט — פאַרוואָס האָט די מאַמע נישט געשריבן, אַז דו ביסט אין לעמבערג?...

— די מאַמע ווייסט נישט, וווּ איך בין, איך בין דאָ געמאָלדן אויף אַן אַנדער נאָמען, אויפן נאָמען פון דער מאַמען — מאַרקוס.

דער פעטער איז געווען אינגאַנצן צעטומלט. שיינדלס זון אַ טרעגער?...

— קום גלייך מיט מיר אַהיים! — האָט ער באַפעלעריש געזאָגט.

— איך וועל בלויז צוטראָגן דעם פּאַק צום געוועלב.

אין אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט זיך אייזיקל געפונען אויף דער לעגיאָנען-גאַס, אין דער היים פון זיין מאַמעס ברודער. ער האָט זיי אַלץ דערציילט.

— איך בין דיר מוחל דיין פּאָליטיק — האָט זיך אָנגערופן די מומע ראָזע, אַ שיינע, הויכע פרוי — אָבער נעבעכיקן האָסטו דאָך געקאָנט אַרויפקומען צו אונדז.

— איך האָב אייך נישט געוואָלט אַריינציען אין קיין אומגליק — האָט ער קורץ געענטפערט.

— פון היינט אָן און ווייטער וועסטו דאָ שלאָפן — האָט זי אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף אַן אייזערן צוזאַמענגעלייגט בעטל, און ביז דו וועסט נישט גוט פאַרדינען, וועסטו אויך ביי אונדז עסן.

— אָבער, מומע ראָזע, איך פֿאַרדיין דאָך גוט, איך לערן קינדער.
— גוט, וועסטו פֿון דיין פֿאַרדינסט זיך קאָנען אָנשטענדיק קליידן.
אין אַ קורצער צייט שפּעטער זענען זיך צונויפֿגעקומען אייזיקלס קרובים פֿון לעמבערג, כּדי אַרומצורעדן זיין תּכלית. ס'איז געקומען דער פֿעטער משה טאַובער פֿון דער מעד־פֿאַבריק, דער שותּף צו דער זיס־וואַרג־פֿאַבריק „האַזעט" און נאָך אַנדערע.
— מיר ווילן — האָט דער פֿעטער טאַובער געזאָגט — דאָס דו זאָלסט דיך ווייטער לערנען, מיר וועלן העלפֿן — האָט ער געוויזן אויף די אָנוועזנדיקע, וועלכע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. — דו וועסט שטודירן מעדיצין — טאָקע ווי די מאַמע וויל — נאָר מיר האָבן צו דיר אויך איין בקשה — דאָ האָט דער פֿעטער געמאַכט אַ קליינע פּויזע — דו מוזסט איבעררייסן מיט די הפקר־יונגען... מיט די באָלשעוויקעס.
אין שטוב האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. אַלע בליקן זענען געווען געווענדעט צו אייזיקלען.
דער יונגער בחור איז אויפֿגעשטאַנען, פּאַוואָליע זיך פֿאַרריכט זיין קראַוואַט און רואיק געענטפֿערט:
— מיט אויסנוצערס האָב איך גישט וואָס צו רעדן — און גלייך פֿאַרלאָזט די וווינונג פֿון זיין פֿעטער משה טאַובער אויף תּמיד... צו דער מומע ראָזע האָט ער זיך אָבער אַריבערגעצויגן.
מיט דער הילף פֿון שניידער־פֿאַריין האָט אייזיקל באַקומען אַרבעט ביי דעם שניידער ליפּע קאַהן, וואָס האָט געשטאַמט פֿון מאָסטי וויעל־קיע, און אָנגעהויבן צו פֿאַרדינען. מיט ברען פֿון אַ קלויזניק האָט ער זיך גענומען צום שניידער־פֿאַך, כּדי עס צו באַהערשן.
ער איז שנעל אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער יוגנט, און באַקומען דעם פּסעוודאָנים „וואַרש". דער טרעף־פּונקט איז פֿאַרגעקומען אויף די קלויסטער־טרעפּ פֿון דעם קליינעם קאָסציעלנע־געסל און די חברטע איז געווען — פּימע פּעדער.

* *
*

אין דרויסן איז פֿינצטער, דער הימל איז פֿאַרצויגן מיט בלייענע וואָלקנס, עס טריפֿט אַ דריבניטשקער רעגן. לייבוש האָט היינט ווי גע־

בלאָנדזשעט אויף דער גאַס, אַ פאַרזאָרגטער, אָן חשק צום לעבן. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט קיין היים נישט געהאַט.

עס איז דאָנערשטיק ביינאַכט און קיין גראָשן איז נישטאָ, אפילו אַ ביסל מעל איינצוקויפן אויף שבת... צו וואָס גיין אַהיים, שיינדעלען דאָס זאָגן? און עטלעכע זלאָטעס באָרגן איז נישטאָ ביי וועמען... זימל לאַבאַן האָט ער נאָך יענע הלוואה נישט צוריקגעגעבן, גיין צו פרעמדע מענטשן שוואַרצן זיך דאָס פנים... ער, לייבוש, וואָס פלעגט נעמען אַן אורח אויף שבת, געבן אַ שיינע נדבה... אַ קאַלטער שווייס טרעט אַרויס אויף זיין שטערן.

חרייעגדיק זיך אַזוי אַרום היינטער זיין אייגענער שטוב האָט ער פּלוצלינג באַמערקט אַ שטאַרק ליכט אין די פענצטער, אויפן טיש האָט שיינדעלע עפּעס געטאָן אויספּאַקן.

לייבוש האָט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל.

— נו, וואָס גייסטו נישט נעענטער, לייבוש? אייזיקל האָט אונדז צוגעשיקט פינף זלאָטעס — די טרערן האָבן זי אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז, זי האָט נישט געקאָנט מער אַרויסקריגן קיין וואָרט.

* *

*

דאָס מיידל אַניע, וואָס האָט געאַרבעט ביים פעטער בערל, פלעגט אָפטמאָל, ווען אַלע זענען שוין געגאַנגען שלאָפן, בלייבן זיצן און עפּעס טאָן ביז אייזיקל פלעגט נישט קומען. ווען ער פלעגט זיך נאָר באַווייזן, האָט זי גלייך גענומען אים וואַרעמען דאָס עסן, מאַכן דאָס געלעגער. דער שלאַנקער בחור איז איר, ווייזט אויס, אַ ביסל צוגעפאַלן צום האַרצן.

אייזיקל איז היינט אַהיים געקומען אַ שטאַרק צופרידענער, די מאַ־סוויקע אויף דער לעגיאָנען־גאַס איז געלונגען. די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרשיט מיט ליטעראַטור. מענטשן האָבן געכאַפּט די בלעטלעך און זיי באַהאַלטן אין די טאַשן. די פאַרזאַמלטע מענטשן־מאַסע אַרום דעם רעד־נער איז געווען אַזוי גרויס, אַז די טראַמווייען האָבן זיך געמוזט אָפּ־שטעלן. די פּאָליציי איז געווען אומבאַהאָלפן, זי האָט אָנגעהויבן פייפן און טרייבן, אָבער עס איז איר נישט געלונגען קיינעם צו אַרעסטירן.

— פאַרוואָס שלאָפסט איר נאָך נישט, אַניע, עס איז דאָך שוין אַזוי שפּעט? — האָט ער געזאָגט אַן אויפגעלייגטער גלייך ביים אַריינקום.

— איך האָב אייך געוואָלט דאָס עסן אָנוואַרעמען.

— עס האָט דאָך געקאָנט שטיין אין אויוון, איך וואָלט עס אַליין אַרויסגענומען.

— עס וואָלט אָבער נישט געשמאַק געווען, ווען דאָס וואָלט אין אויוון אויסגעזאָטן — האָט אַניע געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק דערביי אַ ביסל פאַרשעמט די אויגן.

— איך דאַנק אייך זייער, עס איז צופיל פון אייער זייט, אָבער איצט גייט שוין שלאָפן. איר קאָנט אייך אויסטאָן און נישט וואַרטן ביז איך וועל ענדיקן דאָס עסן. איך וועל נישט קוקן, איך גיב אייך מיין וואָרט.

אייזיקל איז געזעסן און געגעסן, אויסגעדרייט צו דער וואַנט און הינטער אים האָט זיך אַניע אויסגעטאָן צום שלאָפן...

אַניע איז געווען אַ שיין מיידל, מיט צוויי לאַנגע בלאָנדע צעפּ, פאַרוואָרפן אויף הינטן. די שוואַרצקייט פון אירע אויגן האָט זיך שטאַרקער און שענער אויסגעטיילט אין דער ראַם פון אירע ליכטיקע בלאָנדע האָר. אייזיקלען האָט שטאַרק געצויגן כאָטש איין בליק צו געבן אויף איר נאַקעט געשטאַלט, אויף די ווי געטאָקטע קיילעכדיקע ברוסטן. עס האָט אים קיין רו נישט געגעבן דער שאָרך פון אירע קליידער... נאָר גיין, האָט ער ווי זיך באַפוילן, איך האָב געגעבן אַ וואָרט, צווייטנס, ס'איז קעגן אונדזער סאָציאַליסטישער מאָראַל... ערשט נישט לאַנג האָט דער סעקרעטאַר פון אונדזער קעמערל, דער חבר לאָנעק גערעדט וועגן דער שענדלעכקייט פון בראָנפן און פראָסטיטוציע. איך וועל דאָך מיט איר נישט חתונה האָבן. זי איז אידעיש מיר פרעמד, שטאַרק רעליגיעז.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און אין קיך איז אַריינגעקומען די מומע ראָזע.

— ווי שעמסטו זיך נישט? אין אייזיקלס אָנוועזנהייט?... אָבער אייזיקל האָט דערפילט, אַז די טענה איז אויך צו אים.

אייזיקל איז אויפגעשפרונגען.

— פאַרצייט, מומע ראָזע, ס'איז נישט איר שולד. איך האָב איר געגעבן מיין וואָרט. דאָס וואָרט פון אַ קאָמוניסט...

די מומע האָט געגעבן אַ שמייכל און אַרויסגעגאַנגען פון דער קיך.

אָבער גאָר אינגיכן האָט די מומע זיך איבערצייגט, אַז אייזיקל וואַרפט נישט קיין ווערטער אויפן ווינט, אַז ער האָט אַ שטאַרקן ווילן און מיינט ערנסט מיט זיינע איבערצייגונגען...

ער האָט געזען ווי ערנסט די מומע האָט מיט אים גערעדט. געווען איז דאָס דעמאָלט, ווען ער איז אַרויפגעקומען אַ גישט ראַזירטער גלייך פון דער תפיסה, ווו ער איז געזעסן עטלעכע חדשים צו דער אויספאָרשונג. מען האָט אים געכאַפּט אויף אַ מאַסוווקע. גאָרנישט געקאָנט באַווייזן, אַרייַנגעפאַלן צום ערשטן מאָל...

זי האָט ליב געהאַט מיט אים צו דיסקוטירן און מיט רעספּעקט דערציילן אירע ציוניסטישע פריינד וועגן אירע שמועסן מיט איר פּלימעניק אייזיקל, וואָס איז פון אַ קלויזניק געוואָרן אַן ערנסטער קאָמוניסט.

## קאַפּיטל 25

# דער ברענענדיקער טראַנספּאַרענט אויף דער זון-גאַס

די זיצונג איז פּאָרגעקומען ווייט אונטער דעם היצלער-באַרג. דאָרט איז געווען זיכערער ווי ערגעץ-ווו. דער באַרג און זיין אַרום איז געווען באַהערשט פון דער לעמבערגער אונטערוועלט. די פּאָליטישע פּאָליציי האָט דאָ נישט געהאַט וואָס צו זוכן. ווען דער דאָרטיקער עולם פלעגט זען עטלעכע בחורים מיט אַ יונג מיידל פאַרבייגיין, האָט מען זיי נאָר געווונטשן „אַ גוטן שליטוועגס"...

אין טאָל זענען זיי געזעסן פינף: „יאָסל", אַ פלינקער יאַט. זיין שוואַרץ פון דער זון און ווינט אָפּגעבריטנט פּנים האָט אין זיך פאַרמאָגט עפּעס פון אַ קאַץ, וואָס איז גרייט צו אַ שפּרונג. פון פאַך איז ער געווען אַ גאַסן-הענדלער. דער „בלעכער", אַ בחור פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, מיט ברייטע פלייצעס. אַ יונג מיידל מיט קורץ געשוירענע האָר. איר רונד פּנימל מיט די צוויי חן-גריבעלעך האָבן זי געמאַכט קאָקעטיש, וואָס זי איז פאַקטיש נישט געווען. גערופן האָט מען זי די „שוואַרצע". אייזיקל — „וואַרש" און דער סעקרעטאַר פון זייער קעמערל „לאָנעק" — אַ בחור שוין פון אַ יאָר זיבן און צוואַנציק, אָרעם געקליידט. זיין בלאַס געזיכט האָט אים צוגעגעבן אַ טיפן ערנסט. ער האָט קיינמאָל קיין איבעריק וואָרט נישט געזאָגט...

זיי האָבן גערעדט וועגן דער מאַסוויקע, וואָס איז גערופן געוואָרן אויף פרייטיק אָוונט אויף דער זון-גאַס, כדי צו שטיצן דעם הונגער-שטרייק פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע. „לאַנעק" האָט פאַרטיילט די פונקציעס צווישן די מיטגלידער פון קעמערל.

— איר, „וואַרש" — האָט געזאָגט „לאַנעק" — וועט זיין דער טראַנספּאַרענט-טרעגער.

אַרום איז געווען שטיל, פון דעם הימל האָבן די שטערן צו זיי געווונקען מיט ליבע. מען הערט פון ערגעץ נישט קיין שטים, בלויז דאָס אומאויפהערלעכע שפּילן פון די גרילן און פון צייט צו צייט דאָס לייכטע רוישן פון אַ ווינטל, וואָס צעוויגט די גרינע בלעטעלעך פון די קריפּלביימלעך און קזשאַקעס, וועלכע וואַקסן דאָ, אויף דעם פון קיינעם נישט געפּלעגטן היצלער־באַרג...

די זיצונג איז באַלד געוואָרן פאַרענדיקט. די חברים זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער, זיך געדריקט די הענט און פאַנאַנדערגעגאַנגען יעדער אין זיין ריכטונג....

עס איז אַ וואַרעמער פרייטיק־צונאַכטס. די געוועלבער אין דעם יידישן פערטל זענען שוין פון לאַנג געשלאָסן. אפילו דער פּלאַץ סאָלסקי האָט שוין דערפילט דעם תענוג פון שבת. דורך די אָפענע פענצטער לאָזט זיך הערן דאָ און דאָרט אַ געזאַנג פון אַ קלינגענדיקן כל מקדש.

אייזיקל האָט דערפילט אַ לייכטן ציטער פון זיין האַרץ. מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן טוט ער נאָכגיין דעם געזאַנג פון די זמירות. עס הערן זיך עטלעכע מענטשלעכע שטימען... אַ געשמאַקער ריח פון געפעפערטע פיש האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַס, וואָס האָט ממש געקיצלט אין גומען. ער האָט זיך דערזען און דער היים ביים טאַטנס טיש; די צוויי זילבערנע לייכטער, אין וועלכע עס האָבן געברענט דער מאַמעס בענטשליכט; די איבערגעדעקטע חלות מיט דעם ווייסן אויסגעשטיקטן טישטעכל; ער האָט באַלעקט זיינע ליפּן, ווי ער וואָלט געפילט דעם געשמאַק פון דער מאַמעס ראָסעלע, וואָס זי פלעגט שטענדיק פרייטיק־צונאַכטס מאַכן אַלס פאָרשפּייז צו דעם שבתדיקן עסן. אַ טיפער זיפץ האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט...

נאָר פּלוצעם ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער בליקט אויף דעם זייגער: „עס איז שוין שפּעט“ און צוגעאיילט דעם טראָט אין דער ריכטונג פון די געשלאָסענע בודקעס פון דעם פאַרלאָזענעם פּלאַץ.

צווישן די קליינע געוועלבלעך האָט שוין געוואַרט אַ הויכער בלאָנדער בחור, אָנגעטאָן אין אַ גאַנץ לויזן מאַנטל, אַזוי געוואָרפענע הובערטוס, פון לעשטשקאָווער שטאָף. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן עלעגאַנט, וואָס האָט דאָ געמאַכט אַ ראַנדעוווּ מיט אַן אָרעם מיידל און וויל נישט, אַז זיין טאַטע, דער הויכער באַאַמטער זאָל אים באַגעגענען מיט איר.

— איר וואַרט אויף דער „פאָלקס־צייטונג“? — האָט אייזיקל אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין.

— עס איז צען מינוט נאָך זיבן — האָט יענער געענטפערט. אייזיקל האָט צו אים דאַן אויסגעצויגן זיין האַנט ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, כאָטש ער האָט דאָס ערשטע מאָל אים געזען אין לעבן. דער עלעגאַנט האָט תיכף אַפּירגענומען אַ רויט שטיקל טוך פון אונטער זיין מאַנטל, דערלאַנגט אייזיקלען און תיכף מיט אים זיך געזעגנט...

אויף דער זון־גאַס האָט געשוויבלט פון מענטשן. אייניקע זענען אַרויסגעגאַנגען אַ ביסל אַ שפּאַציר צו מאַכן נאָך דעם זאַטן עסן, עס זאָל זיך דערנאָך בעסער שלאָפן. אַנדערע ווידער — כדי זיך צו טרעפן מיט באַקאַנטע און כאַפּן אַ שמועס פאַר אַ גאַנצער וואָך. יונגוואַרג האָט געאיילט אויף זייערע ראַנדקעס, כדי דאָס בענקענדיקע הערצעלע זאָל נישט דאַרפן דאַרט לאַנג וואַרטן. פון צייט צו צייט האָט אַ קיל ווינטל אויפגעפרישט די געדיכטע לופט צווישן די שמאָלע יידישע געסלעך.

אַ פּאַכמעניש אויג פון אַ קאָנספּיראַטאָר אָדער פּאָליציי־אַגענט האָט דאָ אויך געקאָנט באַמערקן אויף שנעל צונויפגעשטעלטע פּאָרלעך פון חברים און חברטעס, וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון פאַרליבטע, שפּאַצירנדיק אַהין און צוריק לענגאויס דער גאַס און וואַרטנדיק די מאַסוווקע זאָל זיך אָנהייבן.

די געציילטע לאַמטערנס, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט געשאָנקען דעם יידישן פערטל, האָבן געוואָרפן אַ בלייכן שיין אויף די שפּאַצירנדיקע, אָבער דאָך האָט דאָס נישט פאַרמינערט דעם יום־טובדיקן גלאַנץ פון דעם אָוונט.

אייזיקל האָט זיך אויסגעמישט מיטן שפּאַצירנדיקן עולם. זיין האַרץ הייבט אָן האַסטיקער צו קלאַפּן. ס'איז דאָך זיין ערשטע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, צווישן מענטשן, וועלכע קענען אים נאָך נישט. נאָר ער ווייסט, אַז דאָס זענען חברים, אַז זייערע הערצער זענען מיט אים, אַז אין פאַל פון אַ פיינטלעכן איבערפאַל זענען זיי גרייט אים צו שיצן. דער דאָזיקער געדאַנק גיט אים צו מוט און אַנטשלאָסנקייט. ער שטעלט זיכער זיינע טריט. מיט דער לינקער האַנט דריקט ער נאָך פעסטער צו דאָס רויטע טוך אונטער זיין מאַנטל, ווי ער וואָלט אויסבאַהאַלטן אַ גרויסן אוצר...

— חברים און חברטעס! — הערט זיך מיטאַמאָל אַ מעכטיקע מענלעכע שטימע.

אַ קאַלטער ציטער לויפֿט אַדורך איבער זיין גאַנצן קערפּער. ער איז ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן, נאָר עס איז גלייך פֿאַרביי. „שנעלער אַהין, שנעלער!“ — האָט ער ווי זיך אַליין אונטערגעטריבן.

— אונדזערע שוועסטער און ברידער, פֿאַרשמאַכטע אין דער תּפֿיסה האָבן היינט איפּגענומען אַ שווערן און בלוטיקן קאַמף — דערטראָגן זיך צו זיינע אויערן די ווערטער פֿון רעדנער.

פֿון די אַרומיקע טויערן שיטן זיך אַרויס פֿיל יוגנטלעכע און דערנעענטערן זיך צום רעדנער.

ער זעט שוין לעבן זיך „יאָסלען“ און דעם „בלעכער“, אויך די „שוואַרצע“ איז דאָ. די מענטשן־מאַסע וואַקסט פֿון מינוט צו מינוט. צופעליקע פֿאַרבייגייער טוען זיך אויס נייגער פֿאַרהאַלטן, צו זען וואָס עס קומט דאָ פֿאָר, אַנדערע אַנטלויפֿן שנעל פֿונעם אָרט ווי פֿון אַ שׂרפֿה...

דער רעדנער שטייט אויף אַ טיש פֿון געפלאָכטענע אָרעמס פֿון הברים. זייערע שאַרפֿע בליקן זענען געווענדט אין אַלע זייטן. זיי זענען שטענדיק גרייט דעם רעדנער צווישן זיך צו באַהאַלטן, אים שיצן. דער בחור מיט דעם אויסגעלייגטן סלאָוואַצקי־קאָלנער ווייסט דערפֿון, און דערפֿאַר פֿילט ער זיך אַזוי זיכער אויף זייערע אָרעמס. אייניקע פֿון זיינע אָפּגעהאַקטע שאַרפֿע רופֿן ווערן אונטערגעכאַפּט פֿון דער מאַסע און כאָראַל איבערגעחזרט. ווי אַ ראַקעטע שיסט פּלוצעם אויס אין דער לופֿטן, א פּאַק פּאַפּיר צעשפּרייט זיך אין דער הייך ווי אַ שירעם און איינצלנע בלעטער טוען זיך וויגן, פּלאַטערן אונטערן בלאָז פֿונעם ווינטל און לאַנגזאַם זיך דערנעענטערן צו דער ערד. אייניקע פֿאַלן אויך אויף די קעפּ פֿון די מענטשן. זיי ציען אויס צו זיי זייערע הענט. דער טראָטואַר ווערט אינגאַנצן פֿאַרשאָטן.

די מאַסווּקע ווערט דערווייל פֿון קיינעם נישט געשטערט. ווייזט אויס די פּאָליציי האָט פֿון איר נישט געוווסט. אַלע זענען דעריבער זייער צופֿרידן. די שטימע פֿון רעדנער איז שטאַרקער, זיכערער געוואָרן. יעדעם וואָרט איז דינאַמיט קעגן דער צעפֿוילטער פֿאַשיסטישער דיקטאַטור. פּלוצעם דערהערט אייזיקל — צו די בריגידיקעס!

— דאָס איז דער צייכן פֿאַר מיר! בליץ־שנעל האָט ער אַפּירגעצויגן דאָס רויטע טוך פֿון אונטער זיין מאַנטל. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער עס אויפֿגעהויבן אין דער הייך, האַלטנדיק ביי איינער פֿון די דראָטענע קלאַמרעס. די פֿאָן האָט זיך אויפֿגעפּראַלט אין איר גאַנצער לענג. דער

סימבאָל פון קאַמף און פרייהייט׳ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אַלעמענס אויגן.

פון דער זייט האָט עמעצער דערלאַנגט אַ צוויי־מעטערדיק דרענגל, וואָס אויף זיין שפּיץ איז געווען אַריינגעקלאַפּט אַ גראָבער סקאָבעל. צוויי פלינקע הענט האָבן גלייך צו אים צוגעפעסטיקט די פאָן. אַ חבר האָט אַרויסגעצויגן אַ פלעשעלע מיט בענזין און דערמיט באַגאָסן די שוין צום דרענגל צוגעפעסטיקטע פאָן. אייזיקל האָט זיך דערפילט פעסט אַרומגערינגלט דורך אַ געדיכטער מענטשן־מאַסע. ער האָט קראַמפּהאַפּט געדריקט דאָס דרענגל אין זיין האַנט. ס׳איז אים געווען וואַרעם. ער האָט זיך געפילט גליקלעך. ער, אייזיקל, טראָגט די רויטע פאָן...

ס׳האָט זיך דערהערט אַ באַפעלערישע שטים: — חברים. פאָרויס! אייזיקל האָט איבערגעחזרט דעם רוף און מיט זיכערע טריט געריסט פון אָרט...

די מענטשן־מאַסע האָט זיך געגעבן אַ וואַקל, און ווי אַ כוואַליע אין ים אַ ברויז געטאָן פאָרויס.

די פאָן האָט שטאָלץ געפלאַטערט איבער די קעפּ. פיל האָבן אויך אַראָפּגענומען די היטלען, מיט ריטמישע טריט האָט אַלץ מאַרשירט, ווי עס וואָלט ווירקלעך שוין געגאַנגען אין דעם לעצטן קאַמף. עס האָט זיך באַוויזן אַ וואַלד מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און פאַרביילטע פויסטן...

— ווי שטאַרק איז דער מענטש אין דער מאַסע — האָט אייזיקל געגעבן אַ טראַכט, און זיין האַרץ האָט זיך אָנגעפילט מיט עפּעס אַזאַ מאָדנער פרייד.

דער צוג איז שוין פאַרביי דעם פּלאַץ סאָלסקי. פונדערווייטנס האָט זיך שוין באַוויזן דער פאַרקן פון דער תפיסה. עטלעכע שטימען מיטאַמאָל האָבן אינטאָנירט דעם „אינטערנאַציאָנאַל“, וואָס איז גלייך געוואָרן אונטערגעכאַפּט פון דער גאַנצער מאַסע. —

שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן מוז, אין נויט!...

ווייט, ווייט האָט אָפּגעקלונגען די מעלאָדיע פונעם ליד, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם סוף צו מענטשלעכע ליידן. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן, ווי אַן אָדלער מיט זיינע צעשפּרייטע פליגל, און זיך געטראָגן ביז אונטערן בלויען הימל...

פּלוצעם האָט אַן אומהיימלעכער פייף דורכגעשניטן די לופט און שטאָלענע גרויע העלמען האָבן זיך באַוויזן פונדערווייטנס. פון אַלע זייטן

האָבן זיך אַ יאָג געטאָן פּאָליציאַנטן. דער צוג מאַרשירט אָבער פּאָרויס.. גומי־שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס פאַלן אויף מענטשלעכע קעפּ...

דאָס געזאַנג מישט זיך אויס מיט געשרייען און קרעכצן פון פאַר־בלוטיקטע, וועלכע ליגן אויף דער ערד... נאָר דער צוג גייט און די פאָן איז אַלץ פאָרויס...

עס באַווייזט זיך רייטער־פּאָליציי. זי פּרובירט דורכשניידן דעם צוג אין דער מיטן, לאָזנדיק די פערד גלייך אויף די מענטשן. די פערד שטעלן זיך אויף די הינטערשטע פיס, זייערע געקאָוועטע פאָדערשטע לאַפּעס אין דער לופטן זעען אויס ווי פליגל, וועלכע ווילן צודעקן אַלץ, וואָס לעבט און באַוועגט זיך. עס פינקלען אָנגעבלוטיקטע שווערדן איבער די קעפּ און רוקנס פון מענער און פרויען. אָבער דער צוג האַלט זיך, מאַרשירט פאָ־רויס, זיין שפּיץ דערנעענטערט זיך שוין צום ראָג פון דער שפּיטאַלנע־און זון־גאַס...

פון דער קוזמיר־גאַס לאָזט זיך אַ פרישע אָפּטיילונג פון פּאָליציאַנטן. זיי לויפן צום שפּיץ, צו דער פאָן. די זעלבסטשוץ מאַכט נאָך ענגער דעם רינג אַרום אייזיקלען און גרייט זיך צו פאַרטיידיקן די פאָן.

— נידער מיט דער פּאָליציי! נידער מיט די הענקער! — הערן זיך די אויסרופן פון אַלע זייטן. אַ האָגל פון פלעשער און ציגל האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף די פּאָליציאַנטן. זיי האָבן זיך אַ וואַקל געגעבן.

די חברים פון דער זעלבסטשוץ האָבן געוווּסט, אַז לאַנג אַנטקעגנ־שטעלן זיך דעם שטאַרקערן כוח פון דער פּאָליציי וועלן זיי נישט קאָנען, אָבער די פּאַרטיי־פאָן וועלן זיי נישט לאָזן נעמען געפאַנגען. אַ חבר ציגדט זי אונטער. אייַנגעטונקען אין בענזין, האָט דאָס פייער בליץ־שנעל זי צערומגעכאַפּט פון אַלע זייטן. די פּאָליציי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פייער.

צוויי פייערדיקע שניט דערפילט אייזיקל פלוצלינג איבער זיין לינקן אָרעם. די היהשע פּאָליציי זעט ער שוין לעבן זיך. ווי אַ פייל אויסן בויגן שפּרינגט ער אַרויס פון דער מאַסע און מיט דער ברענענדיקער פאָן לאָזט ער זיך צו דער שפּיטאָל־גאַס, ווו עס געפינט זיך דער יידישער בית־עולם... ער איז אַרומגערינגלט פון דער זעלבסטשוץ. אייניקע פּאָליציאַנטן — נאָך זיי.

דער געראַנגל איז דערווייל אָנגעגאַנגען. פּאָליציאַנטן פירן צענדלי־קער צעשלאָגענע חברים און חברטעס צו זייערע קעטשלעך. גרופּנווייז

וואַרפֿן זיך חברים אָפּצושלאָגן די אַרעסטירטע. טייל געלינגט טאַקע צו אַנטלויפֿן.

פֿון דער פּאָן איז שוין אַש געוואָרן, עס ברענט שוין דאָס דרענגל. נישט לאַנג קלערנדיק שיבט ער עס מיט דער גאַנצער קראַפט אין דער ריכטונג פֿון זיינע פֿאַרפֿאָלגער. דעם גאַנצן וועג פֿאַרלאָזט אים נישט די זעלבסטשוץ. די חברים באַמיען זיך אָפּצושניידן אים פֿון דער פּאָליציי. עס אַנטשטייט אַ בייזער געראַנגל — פֿלעשער, גלעזער, ציגל, אויסגע־ברענטע לעמפּלעך, וואָס האָבן געמאַכט אַ גרויסן טומל בעת זייער פּלאַצן, שטיינער פֿון ברוק... אַלץ פֿליט אויף פּאָליצייאישע קעפּ.

— מיך וועט איר אַזוי שנעל נישט נעמען — טראַכט ביי זיך איי־זיקל — נישט אומזיסט האָב איך פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין לויפֿן און שפּרינגען צווישן די חברים אין וואַריש! ער גיט נאָך זיין קערפּער נאָך פֿלינקער פֿאָרויס. די ערד פֿאַרשווינדט פֿון אונטער זיינע פֿלינקע פֿיס. ווי פֿליגל וואָלטן אויסגעוואַקסן אונטער זיינע אָרעמס, ער איז נישט גע־לאָפֿן, נאָר ממש געשוועבט אין דער לופֿטן...

— ווייטער... ווייטער פֿון דער פּאָליציי... ווייטער! — באַפֿעלן אַלע זיינע כּוחות.

אַ פֿלינקער שפּרונג, און ער איז אויפֿן יידישן בית־עולם...

פֿאַרשטעקט צווישן די קבֿרים, האָט ער געוווּנען דאָס געיעג...

צי אויס מורא פֿאַר די לעבעדיקע חברים, צי אפֿשר נאָר פֿאַר די מתים — נאָר די פּאָליציאַנטן זענען אויפֿן בית־עולם נישט אַרויף.

קאַפּיטל 26

# וואָס וואָלט געווען, ווען מען כאַפּט אים?

— דו ווייסט די שטעלונג פון דער פּאַרטיי? — האָט געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן דער קרייז־טעכניק „באַרט“ צו אייזיקלען, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן אויף דעם באַשטימטן טרעף־פּונקט ביי דער זשרודלאָנער גאַס.

— דעם טאָג, וואָס מען האָט אויסצופירן אַ טעכנישע אַרבעט, איז פאַרבאָטן יעטוועדע באַטייליקונג אין אַ דעמאָנסטראַציע, מאַסאווקע אָדער ענלעכן צוזאַמענקום.

„באַרט“ איז געווען אַ בלאָנדער בחור אומגעפער פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, מיט אַ ברייט פּנים און צוויי אַרויסשטייענדיקע קינבאַקן ווי ביי אַ כינעזער. מיט זיין שווער־וואַקלדיקן גאַנג האָט ער דערמאָנט אַן אַטלעט, וואָס הייבט שווערע געוויכטער אויף דער סצענע. נאָר די ווער־טער זענען געווען אַרויסגעזאָגט אַזוי איידל און איבערצייגנדיק, אַז אייזיקל האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

„באַרט“ אַליין האָט געשטאַמט פון סעקאַל, און אויך געווען אייזיקלס אַ פּערזענלעכער פריינד. נאָר אין אַזעלכע פאַלן איז ער געווען שטרענג אפילו צו זיך אַליין.

— איך געדענק — האָט אייזיקל געענטפערט און אָן ווייטערדיקע ווערטער איבערגעגעבן ביי אים דעם אויסגעשטיקטן טראַנספּאַרענט.

— וויאַזוי איז דערצו געקומען? — אַלץ דער גראָבער דוד — האָט ער אין געדאַנק געפּרוווט אַרייננציען אַ מיטשולדיקן, כדי עס זאָל לייכטער זיין צו טראָגן די זינד.

— קום, קום — האָט דוד צוגערעדט — עס וועט זיין אַ גרויסע מאַסאווקע אויף דער באַטאָרי־גאַס, לעבן דער תפילה... — און אייזיקל איז געגאַנגען... און נאָך היינט ביינאַכט דאַרף ער אויפהענגען דעם

טראַנספּאַרענט, וואָס „באַרט“ האָט אים געגעבן... און וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט אַרעסטירט אויף דער מאַסוועקע? ווער וואָלט היינט ביינאַכט אויפגעהאַנגען דעם טראַנספּאַרענט? די פּאַרטייאישע פֿאָדערונגען זענען געווען גערעכטע.

אין דרויסן האָט געמורמלט אַ דריבנעשקער רעגן, ווי ער וואָלט געווען דורכגעלאָזט דורך אַ געדיכטער זיפּ. אַרום איז געווען שטאַרק פֿינצטער. בלויז ערגעץ־ווו האָט אַ נישט אויסגעלאָשענער גאַז־לאַמטערן געוואָרפֿן אַ שוואַכן שיין אויף אַ קליינעם שטח אַרום זיך. די זשרודלאַנער גאַס איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפֿן שלאָף. אייזיקל האָט פּאַוואָליע שפּאַצירט איבער דעם גאַסן טראָטואַר צו דער אייזערנער בריק. ער דאַרף זיך טרעפֿן מיט זיינע מיטהעלפֿער. ס׳איז האַלבע נאַכט, ערב דעם ערשטן אויגוסט, דעם אַנטימלחמה־טאָג.

די אים אַזוי גוט באַקאַנטע זשרודלאַנער־גאַס און אויך די אַרומיקע האָבן איצט אויסגעזען פֿרעמד, ווי געשטאָרבן. בלויז דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט דער שטילער פּלוס פֿון דעם אָפּלויפֿנדיקן וואַסער צו די קאַנאַלן אָדער דאָס טריפֿן פֿון די טראָפּנס ביי אַ רינע. דער הימל איז איין שוואַרצער וואָלקן. די פֿינצטערע נאַכט איז אַפֿילו זייער גינסטיק פֿאַר דער אַרבעט, נאָר דער רעגן, ער טוט אַ ביסל מאַטערן.

ביי דער בריק האָבן שוין געוואַרט יאָסל און דער בלעכער. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. זיי זענען געגאַנגען אויף קלעפּאַראַזו.

נאָך קיינמאָל איז זיי אַלץ נישט צוגעגאַנגען אַזוי פֿלינק און גוט ווי היינט, כאָטש די אַריבערגעוואָרפֿענע מוטרע איז נישט געווען אַזוי לייכט צו געפֿינען אין אַזאַ פֿינצטערניש. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז געווען דאָס, וואָס קיינער האָט נישט געשטערט. אייגנטלעך, ווער וועט דאָ קריכן אַזוי שפּעט אין דער נאַכט... אין אַזאַ רעגן און דערצו נאָך אין דעם באַקאַנטן פֿערטל, וווּ מען קאָן אַהיימקומען בשן ועין אונטערגעשטעמפּלט דורך דער אונטערוועלט, וואָס האָט געהאַט דאָ איר רעזידענץ?...

די חברים האָבן געגעבן נאָך אַ לעצטן בליק אויף דעם שוין הענגענדיקן טראַנספּאַרענט און צופֿרידענע זיך געלאָזט אַוועקגיין נאָך דעם געלונגענעם שטיקל אַרבעט...

נאָר מיט וואָס שפּאַסט נישט דער שטן ווען גאָט שלאָפֿט?

גאָרנישט ווייט פֿונעם אָרט, וווּ זיי האָבן אויפֿגעהאַנגען די פֿאָן מיט די אַנטימלחמה־לאָזונגען, דערהערן די חברים טריט פֿאַר זיך און מיט־

אַמאָל אַ רוף: — שטיין בלייבן! ווי אַ דונער פון העלן הימל איז דאָס אויף זיי געקומען... פאַראַטן — פאַלט גלייך דער ערשטער געדאַנק... נאָר פאַרוואָס האָבן זיי אונדז געלאָזט אוועקגיין אזא שטיק וועג? — טראַכט אייזיקל.

די חברים הייבן אָן צו אַנטלויפן...

טראַך! טראַך! — און עס פאַלן די ערשטע שאָסן.

די ביז איצטיקע שטילקייט פון דער נאַכט ווערט איבעריסן. דער הוך און דאָס פייפן פון דער פּאָליציי האָט געשניטן די לופט מיט אַ געוואַלדיקער שאַרפקייט און מיט אַ ווידערקול זיך אָפּגערופן אין דער ווייטקייט...

דאָס געיעג נאָך די חברים האַלט אָן... איבער די קעפּ פייפן די קוילן אָן אויפהער... נאָר אייזיקלען האָט היינט נישט אַזוי געגליקט. ער פאַרטשעפּעט זיך אין אַ שטיין, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט אויף דעם טראָטואַר, נאָר אַ געוואַלדיקע קראַפט הייבט אים גלייך אויף פון דער ערד און ווי אַ ווינט אים ווייטער געטראָגן. פונדעסטוועגן איז ער מיט עטלעכע טריט נעענטער צו זיינע פאַרפאָלגער. דאָס שיסן און פייפן הערט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער. פּלוצעם דערפילט ער אין זיין לינקן אָרעם אַ לייכטן שניט ווי מיט אַ חלף און נאָכדעם אַ מאָדנע וואַרעמקייט. אַ קלעפּיקע מאַסע האָט אָנגעהויבן צו רינען צווישן די פינגער, נאָר קיין ווייטיק האָט ער נישט געפילט...

דאָס האַרץ קלאַפּט אַלץ שנעלער, עס ווערט אויך קירצער דער אָטעם. דאָס קלאַפּן פון די געקאָוועטע פּאָליצייאישע שטיוול אויפן ברוק הערט זיך אַלץ נעענטער און שאָסן קנאַלן אייגער נאָכן צווייטן.

אייזיקל האָט דאָ געקענט יעדעס געסעלע און יעדעס ווינקעלע, ער דערקענט די סאדלאָווסקי-גאַס, דאָ נישט ווייט איז דאָך דער פּאַרקן מיטן אַלטוואַרג. דאָ — קומט אַ געדאַנק — דאָ, צווישן די בלעכן, אַלטע וועגענער, דראָטן און רייפן מוז מען אַנטרינען... מיטאַמאָל איז ער געוואָרן נאָך שלאַנקער ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט געווען, דורך דעם לייכט אַוועקגעשפּאַרטן טויער האָט ער זיך דורכגעקוועטשט אינעווייניק...

— אָ, ליבע פינצטערניש! — האָבן געשעפּטשעט זיינע ליפּן ווי אַ געבעט — וואָס פאַרא גרויסן נוצן ברענגסטו אַמאָל אַ מענטשן אין זיין אומגליק...

אָנגעשפּאַרט אין אַ פאַרזשאַווערטער קאַראָסעריע פון אַ צעבראָכענעם אויטאָ, האָט ער לייכט אָפּגעאָטעמט. ערשט איצט האָט ער דערפילט

ווי שטאַרק אָפּגעמאַטערט ער איז. זיינע ליפּן האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסל וואַסער, ווי אַ פיש, וואָס ליגט אויפן הייסן ברעג פון דעם ים. אין קאָפּ זשומעט און רוישט ווי נאָך אַ פאַרשיכורטער נאַכט, ער ווערט שווער און פאַלט אויף דער ברוסט.

ער הערט זיך איין. דאָס קלאַפּן פון די שטיוול אין שוין ווייט... עס איז אַ ביסל זיכערער... צו וועמען קאָן מען אָבער איצט גיין?... עס איז דאָך אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? און די ווונד... וואָס וועט ער זאָגן דעם דאָקטער? מען מוז זיין פאָרזיכטיק... אויפן געדאַנק קומט דער שניידער־מייסטער — לייבוש וואַלפיש, ער איז נישט קיין שלעכטער יונג, און אַ שטיקל סימפּאַטיקער — ער וועט מסתמא העלפן.

אייזיקל האָט זיך טאַקע נישט טועה געווען. ס'איז נאָך געווען נאַכט, ווען לייבוש וואַלפיש איז מיט אים געגאַנגען צו זיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטער. איבערבעטנדיק האָט לייבוש, ווי זיין שטייגער, גלייך אָנגעהויבן דערציילן וויצן, פון וועלכע דער דאָקטער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט און זיך גלייך גענומען צום פּאַציענט.

מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן אָרעם איז אייזיקל געזעסן עטלעכע טעג אין לייבושעס וווינונג, וואַרטנדיק אויף אַ ידיעה פון דרויסן.

צווישן די חברים האָט זיך דערווייל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז „וואַרש“ איז געפאַלן. מיט דער הילף פון פאַרשידענע באַקאַנטע האָט מען אָנגעהויבן נישטערן אין אַלע שפּיטעלער.

נאָר ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן, ווען די אָוונט־צייטונג איז אַרויס מיט אַ סענסאַציאָנעלן קאָפּ: „דערמאָרדעט אַ גלח אויף דעם קלע־פּאַריוער. דאָס גרויסע געיעג פון דער פּאָליציי נאָך די באַנדיטן. איינעם האָט אַ קויל געטראָפן. ס'איז אים אָבער געלונגען צו אַנטלויפן“.

אייזיקל האָט געשמייכלט, ווען לייבוש וואַלפיש האָט אים געוויזן די צייטונג. וואָס וואָלט געווען, ווען מען כאַפּט אים? ער וואָלט געמשפּט גע־וואָרן אַלס באַנדיט, וועלכער האָט דערמאָרדעט אַ גלח...

## קאַפּיטל 27

# די לויה פון קאַראָלינע פּעקעלעס

עס איז פעברואַר 1933. דער הימל איז פאַרצויגן מיט וואָלקנס ווי די הערצער ביי די מענטשן מיט אומעט און טרויער. דער ווינט האָט צעשויבערט די האָר ביי אַלע, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער גאַס מיט אַנטבלויזטע קעפּ.

אַלע בליקן האָבן זיך געווענדט צום טויער פון זאַמקענטע=גאַס נר׳ 9, פון וועלכן מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם מיט רויטן טוך באַדעקטן קאַסטן. ס׳איז געשטאָרבן די חברטע קאַראָלינע פּעקעלעס.

די חברים שטעלן זיך אויס צו פיר אין אַ ריי. פאָרויס גייען די, וואָס טראָגן בלומען און קרענץ.

דער צוג האָט זיך לאַנגזאַם גערירט. זעקס חברים טראָגן אויף זייערע אַקסלען דעם ארון אין דער ריכטונג פון יאַנאָווער בית=עולם.

לענגאויס דעם צוג האָבן מאַרשירט פון ביידע זייטן די אָרדנונגס=מענער, די חברים: הערש שודריך, איוואַן ראָמאַניוק „שמיד“, הערציג, כאַנדי. דער גראָבער דוד, בריקנער, דער „ווייסער“, אָנופרי ליאַליוק „מאַקס“, שלמה באַק, די ברידער גוטוויליג, אַראָנאָוויטש, „דער לאָדזשער“, יאָסל שטראַוס, יולעק מונד, וואָלף ווייגראַד, דוד מער „איזאַק“ און נאָך פיל אַנדערע.

אלע האָבן מארשירט מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ.

ביים ערשטן קראַנץ איז אויך געווען אייזיקל. אין זיין קורטקע מיט דעם גרויען קאָלנער האָט דער יונגער בחור אויסגעזען פיל עלטער.

דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן שפּיציקע אייגעלעך פון געהיים=אַגענטן. אייניקע האָבן פאָטאָגראַפירט דעם צוג פון אלע זייטן.

הונדערטער און הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אין די רייען, זענען געגאַנגען פון ביידע זייטן טראָטואַר, כדי

באַטש אויף אַזאַ אופן אָפּצוגעבן כבוד דער פרוי קאַראָלינע פּעקעלעס, וועלכע פיל האָבן געקענט און געאַכטעט.

און די רייען האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. מען האָט בלויז געהערט דעם ריטמישן אָפּהילך פון די שיך אויף דעם שטיינערנעם ברוק. שטיל, אָן אַ וואָרט צו פאַרלירן, האָבן זיך געביטן די חברים ביים ארון. די גאַסן, איבער וועלכע דער טרויער־צוג האָט געצויגן, האָבן פאַרלוירן זייער אומרו. די טראַמווייען האָבן זיך פאַרהאַלטן, פאַרבייגייער זענען שטיין געבליבן, אַראָפּגענעמענדיק זייערע היטלען. קרענץ זענען געווען פון פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. עס האָבן זיך דאָ געפונען מענטשן פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען.

דער צוג האָט זיך פּאַוואָליע דערנעענטערט צום בית עלמין... מיט־אַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ קאָרדאָן פּאָליציי.

א סערזשאַנט אויף אַ פייַנעם בולאַנעם פערד רייט אַקעגן. דאָס פערד גייט גישט, נאָר עס טאַנצט מיט זיינע געטאָקטע פיס, האַלטנדיק דערביי דעם קאָפּ אין דער זייט, ווי עס וואָלט זיך געשעמט. דאָס פערד טראָגט לייכט זיין רייטער, וועלכער האַלט עס איין האַרט ביים שפּיץ פון דעם לויה־צוג...

— שטיין בלייבן! — הערט זיך אַ ריטשען פון דעם סערזשאַנט — דערביי פאָכעט ער אין דער לופטן מיט זיין אַנטבלויזטער שווערד.

די מענטשן־מאַסע האָט זיך געגעבן אַ וואַקל צוריק.

— די טרעגער מיט דעם ארון קאָנען אַרויסגיין און אויפן בית־עולם — הערט זיך ווידער די שטים פון סערזשאַנט — אויך די נאָענטסטע קאָנען באַגלייטן. אַלע איבעריקע גייען צוריק! — האָט ער געוויזן מיט דער שווערד אויף דער שטאָט. — די קרענץ מיט די בלומען זאָלן אַנידערגעלייגט ווערן אין דרויסן, ביים פּאַרקן, און דערנאָך וועלן די באַגראָבער זיי אַרויפלייגן אויף דעם פאַרשאָטענעם קבר... פאַרשטאַנען!

— לעבן לאָזט איר נישט, און שטאַרבן איז אויך שוין נישט דער־לויבט?! — האָט מיט דעם זעלבן טאָן אים געענטפערט „דער לאָדזשער“.

— דעם טאָן באַהאַלט פאַר מאָסקווע! און איצט וועט איר אייספירן דעם באַפעל וואָס איך גיב אייך.

אַ ברום פון אומצופרידנקייט איז געווען דער ענטפער פון דער מאַסע. אַליץ איז געשטאַנען אויפן אָרט ווי איינגעמויערט.

— אין נאָמען פון דעם גאַנצן לויה־צוג פּראָטעסטיר איך קעגן אַזעלכע מעטאָדן! — האָט מיט אַ זיכערער שטימע אַ זאָג געטאָן דער

חבר סאַמעט — עס איז אַ פאַרשוועכונג פון דעם אָנדענק פון דער פאַרשטאָרבענער פרוי פּעקעלעס!...

— ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט צו פּראָטעסטירן, באָלשעוויסטישע קאַנאַליע?! —האָט שוין מיט כעס אַ געשריי געטאָן דער סערזשאַנט.

— מיר אַלע! — האָט אַ דונער געטאָן אַ שטים פון עטלעכע הונדערט מענטשן.

צוויי געהיים=אַגענטן זענען גלייך צוגעשפּרונגען צו סאַמעטן און געוואָלט אים אַרעסטירן, אַרונטערדרייענדיק אים די הענט אויף הינטן.

אויף דעם אָרט האָט זיך פאַרקאָכט, ווי אין אַ ווירבל=ווינט. חברים האָבן זיך געוואָרפן אָפּשלאָגן סאַמעטן. ווי אַן אַלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך איבער דער גאַנצער מאַסע. אַלץ האָט זיך געגעבן אַ באַוועג פאָרויס...

אַ לאַנגער פּאָליציייִשער פייף האָט דורכגעשניטן די לופט. צעלאָזט אין אַ טיראַליערע האָבן די רייטער אין פולן גאַלאָפּ געריטן פון זייער פּלאַץ. די פערד האָבן זיי פריי געלאָזט די ציימלעך און מיט אַנטבלויזטע שווערדן האָבן זיי אַ צי געטאָן גלייך אויף די מענטשן.

די ערד איז געוואָרן באַנעצט מיט פריש בלוט...

— פאָרויס, חברים, פאָרויס! — האָבן זיך דערהערט קולות פון אַלע זייטן. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די הילפס=רופן און קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע. אַ געוואַלדיקער כּוח האָט יעדן געטריבן פאָרויס. ווי פון אונטער דער ערד זענען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן חברים מיט דרענגער אין די הענט. פריִער האָבן געריסן האַלב=קאַנטיקע שטיינער פון וועג. אַ האָגל פון פלעשער, שטיינער און גלעזער האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף די פּאָליציאַנטן. די בראַוור פון די רייטער איז וואָס אַן אמת געוואָרן אַ ביסל געהאַמעוועט, אָבער זיי האָבן זיך אַרייַנגעריסן אין דער גדיכטעניש פון דער מאַסע און מיט די שווערדן געשניטן אויף רעכטס און לינקס.

די קולות האָבן זיך געטראָגן ביז אונטערן הימל. די פּאָליציי האָט זיך שוין אויסגעמישט מיט דער גאַנצער מענטשן=מאַסע. נישט געקוקט דערויף וואָס די צאָל פאַרווונדעטע איז אַלץ געוואַקסן, איז דער קאַמפּסגייסט נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. קיינער האָט זיך נישט צוריקגעצויגן פון פּלאַץ. פריִען האָבן אויף שנעל באַנדאַזשירט די וווּנדן מיט וואָס

נאָר אייגע האָט געקאָנט. מען האָט פון זיך געצויגן בלוזקעס און וועש. די פעלדער אַרום האָבן אויסגעזען ווי א שפּיטאָל אונטערן פרייען הימל.

אַ קלייגער גרופּע חברים איז געלונגען זיך דורכרייסן מיטן אָרון אויפן בית־עולם...

שטיל און שנעל איז די חברטע פעקעלעם געוואָרן באַערדיקט אָן אַ רעדע, אָן קרענץ, אָן שאַרפן און בלומען. בלויז דער ווינט האָט גע־בלאָזן און געשאָקלט די שפּיצן פון די צווייגן, טראָגנדיק מיט זיך די געשרייען און קרעכצן פון די אַרומיקע פעלדער.

אַרום האָט געהערשט די נאַכט. אויף די אָפּגעטריקנטע גרעזלעך גלאַנצן ווי טרערן גרויסע טראָפּנס רעגן. די ביימער אויפן יאַנאָווער בית־עולם האָבן נישט אויפגעהערט צו רוישן, זיי האָבן זיך געבוקט פאַרן פרישן קבר.

## קאַפּיטל 28

# אין דער פּאַרטאַגאַרניע*) אויף יאַכאָוויטש־גאַס

— וואָס זוכסטו, באָלשעוויק, דעם וועג קיין מאָסקווע? — האָט אייזיקל געהערט הינטער זיך אַ שטימע, וואָס איז געווען באַגלייט מיט אַ קרעפּטיקן שניט פון אַ גומע־שטעקן איבער זיינע פּלייצעס. ער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, נישט אויסדרייענדיק זיך פון דער וואַנט.

— איר וועט פריער אַלע דאָ אויספּגרן אין דער תפיסה, איידער איר וועט איינפירן די באָלשעוויסטישע הערשאַפט אין פּוילן! — האָט זיך ווידער געהערט די זעלבע שטימע — מיר וועלן אייך לערנען, ווי אַזוי איינצואָרדענען לויות און שלאָגן פּאָליציי.

פינף מאַן זענען געשטאַנען שוין העכער צוויי שעה צייט מיט די פּנימער אויסגעדרייט צו דער וואַנט און געוואַרט... מיט זייערע שיפּע בליקן האָבן זיי פון צייט צו צייט אויפגעכאַפּט די באַוועגונג פון די אַגענטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פון איר אַראָפּלייענען דעם זין פון זייער לאַנג וואַרטן. די קני האָבן זיך אָנגעהויבן בייגן פון מידקייט... די נעבע־טיקע לויה, די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געקריגן, די נאַכט אויף דער פּריטשע און איצט דאָס נישט פאַרשטענדלעכע וואַרטן...

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און אין צימער האָט מען עמעצן אַריינגעפירט.

— אַך, דער הער זילבערמאַן — האָט מיט אַ שמייכל אויסגערופן דער קאָמיסאַר. — נו וואָס, ווידער ביי אונדז? וואָס איז געשען?

---

*) פּאַרטאַגאַרניע — דער נאָמען פון דער תפיסה פון אויסשפּיר־אַמט אין לעמבערג.

מאַנעק איז געשטאַנען ביים טיש און געקוקט שאַרף דעם קאָמי־סאַר אין די אויגן, אָבער נישט געענטפערט קיין וואָרט.

— נו, זאָגט אַליין, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ געמיטלעכן טאָן — דער טאַטע איז אַזאַ פיינער און אָנשטענדיקער מענטש, און איר זענט אַ קאָמוניסט!...

— איר האָט נישט קיין שום באַוויזן — ערוויפ, העד קאָמיסאַר.

די זון האָט זיך אַפּגערוקט פון אונטער אַ וואָלקן. אַ סנאָפּ ליכט האָט באַדעקט דעם צימער. די מענטשן זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אויס־געדרייט מיט די פּנימער צו דער וואַנט. אייזיקל האָט ווייטער געקוקט אויף דער מאַפּע, וואָס איז פאַר אים געהאַנגען — די מאַפּע פון פּוילן. אָט איז דאָס קליינע שטעטעלע וואַריש. אַ קליין, שוואַרץ פּינטעלע, וואָס אַ צווייטער וועט עס אפילו נישט באַמערקן. אים, אייזיקלען, האָט אָבער אַ נאָג געטאָן דאָס האַרץ. ביי אים איז דאָס ליב און טייער. דאָרט גע־פינט זיך זיין היים, זיין מאַמע.

— מאַרקום — האָט ער פּלוצלינג דערהערט זיין איצטיקן נאָמען. אייזיקל האָט געגעבן אַ לייכטן ציטער. ער האָט זיך אויסגעדרייט פון דער וואַנט און געבליבן שטיין אויפן אָרט.

— און דו, יונגער באָלשעוויק, וואָס האָסטו דאָרט געטאָן אויף דער לויה?

— איך בין צופעליק פאַרבייגעגאַנגען.

— און דער קראַנץ, וואָס דו האָסט געטראָגן, איז אויך געווען צו־פעליק? — האָט דער קאָמיסאַר בייז צוגעגעבן, אויפשטייענדיק פון זיין אָרט. זיינע שפּיציקע בליקן האָבן אייזיקלען ווי דורכגעלעכערט דורך און דורך.

אייזיקל איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך. אויפן טיש איז געלעגן זיין בילד, ווי ער טראָגט דעם קראַנץ. נאָר וואָס האָט די פאָטאָגראַפיע אריינ־געבראַכט איינער פון די געהיים־אַגענטן.

— די פרוי, וואָס האָט געטראָגן דעם קראַנץ איז געווען שוואַנגער, האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל זי אַ ווייל פאַרטרעטן — האָט אייזיקל שטיל געזאָגט.

דאָס ליכט פון דעם פענצטער האָט הנוועדיק פאַררויטלט דאָס פּנימל פון דעם יונגן בחורל און פאַרשטאַרקט די געמאַכטע אומשולדיקייט.

— מיר וועלן שוין זען, ווער דן ביסט — האָט שאַרף געזאָגט דער קאָמיסאַר.

דאָס האָט געהייסן, אַז דער פֿאַרהער איז פֿאַרענדיקט.

אייזיקל איז אַ צופֿרידענער געלעגן אויף דער נאַרע אין קאַמער. זי האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן צו זיין ווייכער, ווי נישט פֿון האָלץ. זיי ווייסן פֿון אים גאָרנישט. זיי האָבן אפֿילו נישט זיין אמתן נאָמען...

זיין בליק איז די גאַנצע צייט געפֿאַלן אויפֿן סופֿיט, פֿאַרשידענע פֿלעקן און שטריכן האָבן געשווינדלט פֿאַר די אויגן, ווי געשפּענסטער. פֿיגורן זענען געשווומען אין דער לופֿטן אהין און צוריק. ער האָט לייכט איינגעדרימלט.

די קאַמער איז געווען פֿול געפּאַקט. נישט געווען קיין מינוט. מענטשן זאָט מען אַרויסגעפֿירט און צוריקגעבראַכט. דאָס האָט אָבער מאַנעקן נישט געשטערט אין זיין אַרבעט.

מאַנעק איז שוין דאָ געווען אַ תושב. ער איז געווען אויך גוט באַ־האַוונט אין אַלע מנהגים פֿון דער תפֿיסה... געקענט יעדן ווערכטער און יעדעס ווינקעלע. געווען אפֿילו אַזעלכע, וועלכע פֿלעגן אַרייננשמוגלען טאַ־באַק אויף דעם שיפֿרירטן לשון — „היי".

אַלע האָבן ליב געהאַט דעם חבר זילבערמאַן. ער איז געווען די נשמה פֿון דער קאַמער. ער האָט אָרגאַניזירט לעקציעס, ער האָט אָנגעפֿירט מיט דער גימנאַסטיק. די חברים האָבן מאַרשירט און אַ ראָד. מאַנעק פֿלעגט אויסבעסערן עמעצן דעם טראָט. לינקס! לינקס! — האָט זיך געהערט זיין מעלאָדישע שטים. מאַנעק האָט אינטאָנירט אַ ליד צום ריטם פֿון מאַרש:

סאָנדי דאָראָזשנע ניע אָדסטראַשאָן נאַם,
ווידמאָ שוביעניץ יוזש ניע צאָפּניע נאַם,
קראָוואָ זוואַלימי בורזשואַזיני לאַד,
סטוואָזשים נאַ יעגאָ גרוזאַד רעפּובליקען ראַד!....

הויך האָט מיט זיין באַסיקער שטימע געזונגען דער חבר לאַליק אנופֿרי. דאָס ליד האָט זיך געהויבן אַלץ העכער. די זינגער זענען אריין אין אַ התלהבות, ווי גלוביקע ביי אַ תּפֿילה. זיי האָבן ממש פֿאַרגעסן, אַז זיי געפֿינען זיך פֿאַרשלאָסן אין אַ תּפֿיסה, הינטער דיקע, נאַסע ווענט, באַוואַכט פֿון צענדליקער פֿאַרקויפֿטע נפֿשות, וואָס זענען גרייט צו יעדער מינוט צו שלאָגן און טייטן.

אַז איבעררייס איז געווען דאָס עסן.

צוויי אַרעסטאַנטן אין דער באַגלייטונג פון אַ וועכטער האָבן געברענגט אַ גרויסן קעסל זופּ. יעדער האָט באַקומען נישט קיין פולע כאָכלע אין זיין בלעכענער מענאַזשקע אַריין.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אייזיקל איז געווען שטאַרק הונגעריק איז דאָס עסן נישט געגאַנגען דורכן האַלדז. דאָס איז געווען עפּעס אַ מאָדנע זופּ, ווייס ווי קראָכמאַל, מיט אַ זויערלעכן געשמאַק. ער איז געזעסן און געמישט מיטן לעפל, ווי ער וואָלט אין דער מענאַזשקע עפּעס בעסערס געזוכט און נישט געקאָנט געפינען.

— פאַרוואָס עסטו נישט? — האָט זיך מאַנעק געווענדט צו אייזיקלען — עס איז דאָך אַ זופּ ווי אויף אַ קוראָרט... נישט געזאָרגט, ברודערלעבן, ביסט נאָך יונג. וועסט נאָך לויפן נאָך אַ רעפּעטע.

צום ערגסטן איז געווען די נאַכט. די געדיכטע לופט אין דער קאַמער... אַזוי פיל מענטשן צונויפגעפּרעסט; נישט איבערצודרייען זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, זייער שוויס, דער קיבעל — נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. פון שלאָפן איז נישט געווען קיין רייד. די נאַכט האָט זיך אומענדלעך געצויגן.

אייזיקל איז געלעגן מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער וואַנט, וווּ אויבן איז געווען אויסגעהאַקט דאָס קליינע פענצטערל. זיין בליק איז געווען צוגעשמידט צו די איינגעמויערטע קראַטעס, צווישן וועלכע עס איז געווען מעגלעך בלויז דורכצושטעקן אַ האַנט... פון דער אַנדערער זייט איז געווען די שטאָט לעמבערג — די פרייהייט...

אין דער קאַמער שוועבט אַ שווערע דומפּיקייט, אַרום הערשט אַ טויטע שטילקייט, פון צייט צו צייט הערן זיך נאָר די טריט פון דעם וועכטער, וואָס האָט דינסט אין קאָרידאָר. אַ זילבערנער שטראַל פון דער לבנה רייסט זיך אַריין דורך די פאַרזשאַווערטע קראַטעס און ברענגט אַ גרוס פון זיין שטעטל. די לבנה ווערט אָבער שנעל פאַרשוווּנדן צווישן די וואָלקנס און מיט איר אויך דער טרוים פון דער היים.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ טומל אין קאָרידאָר, אַ שווער קרעכצן פון אַ צעשלאָגענעם מענטש. אַ ווילד לויפן פון דער פּאָליציי און אַ געקלאַנג פון שליסלען, מיט וועלכע זיי דערלאַנגען איבערן קאָפּ פון אַן אַרעסטירטן.

אייזיקל הערט זיך שטאַרק איין. די אויגן האַלט ער ברייט צעעפנט. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין קערפּער... צי איז עס אמת, וואָס זילבערמאַן האָט געזאָגט, אַז איך וועל זיך צו דעם אַלעם צוגעוווינען?...

עס איז ווידער שטיל. בלויז אַ האַלב=אונטערגעהויבענע בלעך קלאַפּט ערגעץ איינטאָניק אויפֿן דאַך, געריסן פֿון ווינט. פֿון יענער זייט קראַטעס ליגט צעשפּרייט די שוואַרצקייט פֿון נאַכט, וואָס דריקט זיין געמיט. די וויעס ווערן שווער ווי בליי, אָבער אייזיקל קאָן נישט איינשלאָפֿן. איין געדאַנק יאָגט דעם צווייטן: די ווייטערדיקע אויספֿאָרשונג, דער אורטייל, די מאמע — איר ליכטיק פּנים, וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַזוי פֿאַרחושכט, די קנייטשעלעך אַרום אירע מויל=ווינקלען און אירע שיינע העלע אויגן, וואָס האָבן זיך פֿאַרגרעסערט מיט יעדן טאָג. ער האָט געזען איר שטאָלצן גאַנג, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ מין שוועבנדיקע ווייכקייט — זי איז געוואָרן לעצטנס אָפּגעלאָזן, מיד... דאָס האָט ער, אייזיקל, איר פֿאַרשאַפֿט צרות... ער האָט שוין ווידער נישט געשריבן...

עס טאָגט... די דומפּיקייט אין דער קאַמער ווערט שיטערער, די לופֿט שאַרפֿער. עס פֿאַרשווינדט די שווערקייט פֿון דער נאַכט. פֿון קאָרידאָר הערט מען שוין דעם געלויף פֿון די אַרעסטירטע צום וואַשן. עס גרילצן די ברייטע ריגלען פֿון די טירן. האַלב=פֿאַרשלאָפֿענע אַרעסטאַנטן טראָגן אַרויס די קיבלען, אַנדערע ווידער ברענגען די שוואַרצע, ביטערע קאַווע אין די גרויסע בלעכענע קעסלען. דאָ און דאָרט הערט זיך ווידער דאָס ווילדע ריטשען פֿון די וועכטער און פּאָליציאַנטן — מען פֿירט מענטשן אויפֿן פֿאַרהער...

## קאַפּיטל 29

# די נאַכט פֿון סילוועסטער

אויף דער גאַס איז שוין געווען טונקל טראָץ דער פֿריצייטיקער שעה. דער הימל אַרום איז געווען פֿאַרצויגן מיט וואָלקנס. אָן אויפֿהער האָט געשיט אַ שניי מיט גרויסע און געדיכטע פֿלאַטן. די ביימער, לאַמטערנס, די הייזער, דער שאָסיי, אַלץ אַרום איז געווען איבערגעצויגן ווי מיט אַ ווייסן קיטל. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן ליכט אין די פֿענצטער. ס'האָט געשווירבלט פֿון מענטשן. די טראַמווייען און דראָזשקעס זענען געווען פֿול געפּאַקט. אַלע האָבן געאײַלט צו זייערע היימען: די, וועלכע האָבן נאָר וואָס אָפּגענומען זייערע נייע קליידער ביי די שניידער, כּדי צו זיין פֿון די ערשטע אויפֿן באַל, אַנדערע ווידער זענען געלאָפֿן צו די פֿריזירער די האָר צו אָנדולירן. אַלץ האָט געמוזט שפּיגלען און בלישטשען. אַלץ האָט געמוזט זיין לויט דער לעצטער מאָדע... אַ קלייניקייט — סילוועסטער! מען מוז זיין פֿריילעך, עלעגאַנט. אויפֿן טיש די בעסטע עסנס, די בעסטע וויינען, און אפֿשר וועט זיך טאַקע טרעפֿן דער געוווּנטשענער מאַן אויף אַזאַ באַל...

אויך דער יונגער סטודענט מיט דעם שוואַרצן געלאָקטן קאָפּ האָר, וואָס איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען פֿיליפּ, האָט זיך אויך געגרייט אויפֿצונעמען דאָס נייע יאָר, אָבער אָן מוזיק און אָן וויינען. ער האָט זיך געגרייט צום אינטערנאַציאָנאַלן טאָג פֿון די הונגעריקע...

אָנגעטאָן אין אַ טונקעלן אַנצוג, מיט אַ ווייס העמד, פֿאַרבונדן דעם קראַגן מיט אַ שוואַרץ געפּינטלטן קראַוואַט, און אַ פּאָר לאַקירטע שיך, האָט פֿיליפּ אויסגעזען ווי אַן אמתער דזשענטעלמען.

— אַזוי וועט זיין בעסער — האָט ער געטראַכט — מען קאָן בעסער (נישט) ווייסן, וואָס עס קאָן זיך טרעפֿן. די פּאָליציי ווייסט דאָך וואָס פֿאַראַ טאָג היינט איז, זי וועט באַשטימט נישט פֿאַרשלאָפֿן, און די שפּיצלעס טוען באַשטימט לויערן אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער שטאָט. אַזוי אָנגעטאָן וועט זיין אַ גוטער אַליבי — עס איז סילוועסטער, איך גיי אויף אַ באַל...

דער אינטערנאַציאָנאַלער טאָג פון די הונגעריקע האָט דאָס יאָר געזאָלט אויספאַלן שטורמישער. עס איז געווען אַן אָנזאָג פון דער אָרגאַניזאַציע אַקטיוו זיך אָנטקעגנצושטעלן דעם טעראָר פון דער פּאָליציי.

פיליפּ איסטנער האָט היינט געזאָלט זיין דער רעדנער אויף דער מאַסןווּקע, וועלכע האָט געדאַרפט פאָרקומען אין דעם פּוילישן פּערטל פון לעמבערג — אויף דער סאַפּיעהאַ־גאַס.

ער איז ספּעציעל פריער אַרויסגעגאַנגען פון זיין היים און זיך געלאָזט צווישן דער גרויסער שפּאַצירנדיקער מענטשן־מאַסע פון דעם „קאָרזאָ“ — ווי מען האָט גערופן דעם שפּאַציר־וועג פון דער לעגיאָנען־גאַס ביז דער אַקאַדעמישער.

דאָ איז איצט זיכערער ווי אין דער היים... אויף די ראָגן זענען געשטאַנען פאַרקויפער מיט לאַנגע דרענגער, אויף וועלכע עס האָבן זיך אין די צענדליקער געריסן אין דער לופטן קאָלירטע באַלאָנען, צוגעפּעמפּטע מיט דינע דרעטלעך...

— באַלאָנען, קאָלירטע באַלאָנען! — האָט זיך ווייט געטראָגן זייער קול.

— כ'בעט אַ צווייטן — האָט געזאָגט אַ דאַמע, וואָס האָט זיך דערנעענטערט מיט טאַנצנדיקע טריט. — אָט דעם בלויען — האָט זי געוויזן מיט איר צאַרט הענטל, דער ערשטער איז מיר אַרויס פון דער האַנט — ער איז שוין דאָרט הויך אין דער לופט. — אַלע האָבן פאַרריסן די קעפּ און נאָכגעקוקט דעם באַלאָן, וואָס האָט זיך וואַקלענדיק געטראָגן אַלץ העכער און העכער.

פון דעם האָטעל „דזשאָרזש“, אויך פון דעם ווינער קאַפע־הויז האָבן זיך שוין געטראָגן די קלאַנגען פון דזשאַז... די זאַלן זענען שוין געווען פול געפּאַקט. אַרום האָט זיך געטראָגן דער אַראָמאַט פון קובאַ־ציגאַרן. אַלץ איז לוסטיק און האַפערדיק. דאָס איז איין וועלט... און מענטשן יונגע, בחורים און מיידלעך, אָבער אָן אַרבעט, טייל הונגעריקע — איילן אויף מאַסןווּקעס, וואָס וועלן פאָרקומען היינט אין אַ סך פּונקטן פון דער שטאָט — די צווייטע וועלט.

דער ראַטהויז־זייגער האָט אָפּגעגעבן זיבן לאַנגע, ריטמישע קלאַנגען. פיל האָבן גלייך גענומען פאַרגלייכן זייערע קעשענע־ און האַנטזייגערלעך, כדי פּינקטלעך אויסצולעשן דאָס ליכט, ווען עס וועט זיך באַגעגענען דאָס צ,לטע מיט דעם נייעם יאָר.

אויך פיליפ איסטנער האָט קאָנטראָלירט זיין זייגער און אַוועק צו דער יאַגעלאָנסקע גאַס.

אויפן וועג האָט ער אויסגעמיטן עטלעכע חברים פון זיין קעמערל, באַשטימטע פאַר זיין שוץ. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען ווי אייגער וואָלט דעם צווייטן נישט געקענט. מען וועט זיך שוין באַגריסן דאָרט, אויפן פונקט.

פון אַלע זייטן האָט געשטראָמט די דרייסיקפראַכיקע יוגנט פון לעמבערג. אייניקע זענען אויך געגאַנגען פאָרגוויין געאָרעמט מיט חברטעס, מאַרליבטע, אָדער שפילנדיק די ראָל פון פאַרליבטע.

אייזיקל איז געגאַנגען מיט קלאַרען. ער האָט באַשלאָסן היינט זי דאָס ערשטע מאָל מיטצונעמען אויף דער מאַסאָווקע...

— דו וועסט זיך האַלטן אַ ביסל ווייט פון אַ לאַמטערן — האָט ער אויפן וועג זי געלערנט — ווייל טאָמער וועט זיין אַן איבערפאַל פון דער פאָליציי, וועלן מיר קודם=כל מיט שטיינער צעברעכן די לאָמפן.

ער האָט אויך פונדערווייטנס שוין דערקענט אַ סך פון זיינע באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ווי אויף אַ שפּאַציר=גאַנג אין די זייטן=געסלעך פון דער סאַפּיעהאַ=גאַס, אָסקאַר ראַמערן, וואָס האָט געפירט אונטערן אָרעם פערל קאָרן פון די שניידער, שרה גרינבערג, סאָניע ערטל, דעם גראָבן דוד מיט דער סטודענטין פון קראָקע טאַנקע לייפער.

איסטנער איז פעסט געזעסן אויף די אַקסלען פון עטלעכע חברים. זיין ווייכע יונגע שטימע האָט געשניטן די לופט און זיך הילכיק אָפּגעשלאָגן אין די אַרומיקע הויכע מויערן. די ווייסע פלאַטערלעך שניי האָבן ווי קאָנפעטי באַצירט דעם שוואַרצן, געקרייזטן קאָפּ פונעם רעדנער. זיינע רייד זענען פול געווען מיט צאָרן קעגן די, וואָס זענען שולדיק אין דעם עלנט און נויט, הונגער און פיין פון טויזנטער מענטשן.

— דער שוואַרצער פלעק אויף דער ציוויליזאַציע איז אַ הונגעריקער מענטש! — האָט זיך ווידער געהערט איסטנערס שאַרפע שטימע.

— די מאַמע ערד גיט גענוג ברויט פאַר אַלעמען, עס ווערט אָבער שלעכט פאַרטיילט...

אַלע אַרום זענען געשטאַנען מיט ערנסטע פנימער. יעדער האָט דערפילט אַזאַ מאָדנע נשמה=וואַרעמקייט, וואָס קומט פון געפיל פון אייניקייט, פון גלויבן אין דעם, אַז מאָרגן וועט די וועלט זיין שענער, בעסער.

דער גאַנצער פלאַץ, די גאַס, די טראָטואַרן פון ביידע זייטן זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. די טראַמווייען און דראָזשקעס האָבן

זיך אָפּגעשטעלט. אייניקע, וואָס האָבן זיך געאײַלט אויף די בעלער האָבן נישט געקאָנט אַדורכגיין און נישט ווילנדיק אויף עטלעכע רגעס זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון דעם רעדנער, אָבער זייער שנעל צונויפגענומען די עקן פון זייערע לאַנגע, זײַדענע קליידער אין די הענט, זיי זאָלן נישט אויסקערן די גאַס, און ווײַטער געלאָפן זייער וועג.

עס איז געוואַקסן דאָס האַרץ פאַר פרייד פון דער אײַנגעגעבענער מאַסאָווקע. מיטאַמאָל אָבער האָט זיך דערהערט אַ פײַף. דער אומהיימלעכער באַקאַנטער פּאָליציייִשער פײַף. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר די געהיים־אַגענטן, וועלכע האָבן זיך געפונען צווישן דער מאַסע... צוויי פון זיי האָבן שוין געהאַלטן איסטנערן און אים געפּרוּווט אַרונטערדרייען די הענט.

די זעלבסטשוץ האָט זיך גלײַך געוואָרפן אָפּשלאָגן איסטנערן. איינער פון די ערשטע איז געווען דער חבר שודריך. אין זײַן שוואַרצן אויפגעקנעפּלטן מאַנטל מיט דעם סאַמעטענעם קעלנערל האָט ער אויסגעזען ווי אַ פויגל, וואָס האָט צעשפּרייט זײַנע פליגל. מיט אַ שטאַרקן זעץ אין די ציין, האָט ער גלײַך אומגעשליידערט איינעם פון די אַגענטן, וואָס האָבן געהאַלטן איסטנערן. צוהילף שודריכן איז אויך געקומען אײַזיקל, אָסקאַר ראַמער, פעדערל, אַנדערע האָבן גענומען שליידערן מיט שטיינער אין די לאַמטערנס. דער טראַסק פון די צעשמעטערטע לאָמפּן, די פינצטערניש, וואָס איז דערמיט געקומען, האָט צעטומלט די אַגענטן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פילן נישט זיכער צווישן דער ברויזנדיקער מאַסע. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערנעענטערט די מונדירטע פּאָליציי... די מאַסאָווקע איז געוואָרן ארומגערינגלט פון אלע זייטן.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט די פּאָליציי אויף סאַפּיעהאַ־גאַס געשיקט גרעסערע כוחות. אין פערטל, וואָס איז באַוווינט פון די רײַכסטע און אײַדלסטע בירגער פון דער שטאָט, האָט זי נישט געוואָלט דערלאָזן צו אַ קאָמוניסטישן מיטינג. דערצו נאָך אין סילוועסטער פון נײַיאָר. אויסגעפאַלן איז אָבער פונקט פאַרקערט.

עס זענען געווען פיל פאַרוונדעטע און אַרעסטירטע.

אין אַ זײַטיק געסל איז אויך דערקענט געוואָרן דער אָפּגעשלאָגענער פיליפּ איסטנער און אַרעסטירט געוואָרן.

די סילוועסטער־נאַכט פון 1932 האָט ער מיט נאָך אַנדערע אַרעסטירטע פאַרבראַכט אין לעמבערגער תפיסה.

## קאַפּיטל 30

# דער בלוטיקער דאָנערשטיק

אין דער סוטערין־וווינונג פון דעם באַן־אַרבעטער, וואַזשישטשאַק, קומט פאָר אַ זיצונג פון לעמבערגער קרייז־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי. ביים טיש זיצן די חברים: מיכאַל בוטרא, סאַראַ ברין („קאַזיאַ“), הערש שודריך, בראָניסלאַוו ראָט און יאַן מאַקאַר. זיי באַטראַכטן די פראַגע פון קאָזאַקס לויה.

דאָנערשטיק אין דער פרי. לעמבערג איז איינגעהילט אין אַ טיפן טרויער. אויף דריי אַזייגער איז באַשטימט די לויה פון וולאַדיסלאַוו קאָזאַק, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַ פּאָליציייִשער קויל, בעת ער האָט צוגלייך מיט אַנדערע אַרבעטלאָזע געפאָדערט ברויט פאַר זיינע הונגעריקע קינדער. אַ ריזיקע מענטשן־מאַסע האָט געשטראָמט צו דער פּיעקאַרסקי־גאַס, ווו ס'איז געלעגן דער דערמאָרדעטער אַרבעטער. עס מאַרשירן אָרגאַניזירטע צוגן פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, מיט פענער, קרענץ און בלומען און אין די הענט. אין די קלאַפּעס שטעקן רויטע מעשלעך, באַפלאָכטן מיט שוואַרצער קרעפּ.

די מחנות ווערן אַלץ גרעסער און גרעסער. קינד און קייט איז היינט אַרויס אויף דער גאַס. עס פאַרמאַכן זיך שוין די לעצטע קראָמען.

מען טראָגט אַרויס די טרוגע. אויף דעם לאַמטערן־סטענדער האָט זיך באַוויזן דער חבר רודעק פון די בוי־אַרבעטער, ער רעדט:

— דער וואָיעוואָדע וויל נישט דערלויבן צו באַערדיקן דעם חבר קאָזאַק אויף דעם אָרעמען יאַנאָווער צמענטער, נאָר אויף דעם ליטשאַקאָווער. ער וויל נישט, אַז די לויה זאָל דורכציען דורך די לעמבערגער גאַסן. ווי מיינען די אַרבעטער, וואָס זאָל מען טאָן?

די לופט האָט געגעבן אַ ציטער פון דער ריזיקער שטים פון פאָלק: — אויף יאַנאָווער! עס האָבן זיך פאַרביילט פויסטן.

אָרגאַניזירט, צו אַכט אין אַ ריי האָט דער המון זיך געגעבן אַ וואַקל און גערירט פון אָרט.

דער שפּיץ־פון לויה־צוג איז שוין אדורך די פּיעקאַרסקע און צוגע־קומען צו דער זשולינסקי־גאַס. ס'האָט זיך באַוויזן אַן אָפּטיילונג פון פּאָ־ליציי, אָנגעפירט פון קאָמיסאַר שימקעוויטש.

— שטיין בלייבן! — איז געפאַלן אַ באַפעל.

קיינער האָט נישט גענומען ערנסט דעם פּאָליצייאישן רוף. דער צוג האָט ווייטער רואיק מאַרשירט, בלויז די אַרבעטער־מיליץ, וואָס פון ביידע זייטן, האָט אָנגעהויבן צואיילן איר גאַנג מער צו פאָרנט. איינציקע פּאָ־ליציאַנטן וואַרפן זיך אויף די פאָנען־טרעגער.

עס ווערט אַ טומל... אַרבעטער פאַרטיידיקן די פאָנער, אָבער די מאַסע שטויסט דעם צוג פאָרויס.

עס דערהערט זיך דער גרויזאַמער פּאָליצייאישער באַפעל: — פייער!

די לופט רייסט אַדורך אַ זאַלפּ פון עטלעכע צענדליק ביקסן... מענטשן פאַלן... אויך די חברטע בראָנקע העניץ...

ס'איז געוואָרן אַ געראַנגל. דאָס בלוט אויפן ברוק האָט געררייצט און געשטויסן צו נקמה... דער געדיכטער צוג האָט זיך געריסן פאָרויס.

ווי פון אונטער דער ערד האָבן זיך באַוויזן הרעגער, אייזנס און דזשאַגאַנעס. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסרייסן די שטיינער און די פּליטן פון טראָטואַר.

דער מענטש האָט פאַרגעסן אין זיך. קיין מורא, קיין געפאַר. איין ציל, איין פאַרלאַנג איז געווען ביי יעדן: דער אַרון מיט קאָזאַקן מוז קו־מען צום יאַנאָווער בית־עולם...

ביים בערנאַדינער פּלאַץ. באַוואָפנטע מיט פלעשער, שטיינער און דרענגער זענען פרויען צוגלייך מיט מענער געגאַנגען קעגן שווערדן, ביקסן און מאַשינגעווער.

די פּאָליציי איז געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציען. נאָר באַלד האָט זי געעפנט אַ פייער. דאָס מאָל פון אַ מאַשינגעווער, וואָס איז געשטאַנען אויף יונה שפּרעכערס הויז. און ווידער אויפן ברוק מענטשן אין קאָלו־זשעס בלוט... אויך דער 19־יאָריקער קאָמוניסט מיראָניוק. די פענער און קרענץ פון די געפאַלענע האָבן גלייך אויפגעהויבן אַנדערע, געטראָגן ווײַ־טער, זיך געריסן פאָרויס, צום יאַנאָווער בית־עולם.

די מאַסע איז שוין ביים מאַריאַצקי־פּלאַץ. די פּאָליציי האָט ווידער געעפנט אַ פייער, און גלייך אויף די, וואָס האָבן אויף זייערע אַקסלען

געהאַלטן די טרונע... איינער פון זיי איז געפאַלן, נאָר זיין אָרט האָט גלייך פאַרנומען די הברטע בלומע פינקעלשטיין, וועלכע איז קוים מיט עטלעכע וואָכן אַרויס פון תפיסה, וווּ זי איז אָפּגעזעסן זעקס יאָר. די מאַסע האָט געשפּאַרט צום יאַנאָווער צמענטער און בלוט האָט געריזלט נאָך אירע טריט. דער טויט האָט פאַרלוירן זיין ווערט. קאָזאַקס אַרון איז געוואָרן דער גרעסטער אוצר, וועלכן מען טאָר נישט אַרויסלאָזן פון די הענט. ער מוז דערגיין צו זיין אייביקער רו...

דער צוג איז שוין צעקלאַפּט אויף עטלעכע טיילן. עס באַווייזן זיך באַריקאַדן. זיי וואַקסן פון אַלץ וואָס קומט נאָר אונטער די הענט. עס ליגן שוין אויך איבערגעדרייטע טראַמווייען. פּאָליציי ווערט באַגעגנט מיט אַ האָגל פון שטיינער, צווישן דער מאַסע האָט זיך שוין באַוויזן היים געווער, דעראָבערט ביי פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך אונטערגעגעבן.

מען הערט רופן: — באַפרייען די ברידער, וואָס שמאַכטן אין דער תפיסה!... צו די בריגידקעס!...

עס פאָרמירט זיך גלייך אַ גרופּע, וואָס מאַרשירט צו דער קוזמיער גאַס... עס פירן די חברים: פּיאָטר קרופּסקי, „דאָמב“ פון די בוי-אַר-בעטער, אַנטשל פישער פון די מאַלער, גריגאָרי וואָווק „מיראָן“, מאַקס באַס, וולאַדעק פּיאָלקאָווסקי, „סימכע“, יוליאַן מאַוויוצקי „האַלעק“.

אין אַלע געגנטן פון דער שטאָט קומט פאָר דאָס בלוטיקע געראַנגל מיט דער פּאָליציי.

ס'האָט באַהערשט אַ כעס צו דער אָרדענונג פון רייכקייט און דלות. מענטשן רייסן די פוטרינעס פון די רייכע מאַגאַזינען, צעקלאַפּן די לאַמטערנעס אויף די גאַסן, פאַרניכטן די שיינע אויסשטעלונגען פון די שויפענצטער... אָבער די הונגעריקע, די אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, וואָס בענקען נאָך אַ ווייס שטיקל ברויט, קוקן אויפן גוטס, וואָס וואַלגערט זיך אויף די גאַסן, אויף די נייע שיך, אַנצוגער, צוקער, ברויט, פלייש, גוטע וויינען — און קיינער רירט זיי נישט... די מאָראַל פון קעמפער... ס'איז ערב רעוואָלוציע...

שווער איז געווען דער קאַמף מיט דער פּאָליציי אויף די העטמאַנסקע וואַלן און אויף לעגיאָנען-גאַס. די טרונע איז עטלעכע מאָל געפאַלן אויף דער ערד. אָבער גלייך ווערט זי אויפגעהויבן און נייע מענטשן טראָגן זי ווייטער אין דער ריכטונג פון יאַנאָווער צמענטער.

די טרונע איז אינגאַנצן צעלעכערט, עס פאַלט אָפּ אַ ברעט, פון אינעווייניק זעט מען שוין אַרויס דעם אָרעמען אָנצוג פון טויטן וואָלאַ-

דיסלאַוו קאָזאַק. חברים ביגדן זי אויף ושנעל צוזאַמען מיט וואָס עס לאָזט זיך און די טרונע גייט אַלץ פּאָרויס...

פּלוצעם אַ ידיעה, וואָס פאַרשאַפט פרייד און גיט צו מוט: די זעלנער פון 26-טן פּולק האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגיין קעגן די אַר-בעטער. עס הערן זיך רופן: — „באַזעצן דאָס ראַטהויז!"...

דער קאַמף פאַר די ברויגידקעם דויערט. מען האַקט די טויערן פון דער תפיסה. פון איר דאַך און פענצטער הערט גישט אויף דאָס פייער פון ביקסן און מאַשינגעווער אויף די וואָס שטורמען דעם טויער. קרעכצן פון פאַרוואונדעטע ווערן דערטרונקען אין די הורא-געשרייען... אינעם געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל, פון אינעווייניק און אויסנווייניק. דאָס ליד דראָט, מאָנט און וואָרנט די, וואָס זענען שולדיק אין דער בלוט-באָד.

דער געראַנגל ביי דער תפיסה איז שטאַרק פאַרעקשנט, ער דויערט שוין העכער אַ שעה צייט. דער ברוק, דער טראָטואַר, דער פּלאַץ אַרום די בריגידיקעם זענען באַדעקט מיט טויטע און פאַרוואונדעטע... עס ליגט דאָ אויך מיעטשיסלאַוו שיקאָרסקי, אַ צעשניטענער פון אַ פּאָליציי-אישער שווערד — ער האָט געטראָגן קאָזאַקס טרונע.

צעריסענע פענער, קרענץ און בלומען זענען איינגעטונקען אין בלוט.

אָסקאַר ראָמער, מאַריקע קיך זענען פאַרוואונדעט, אויך אייזיקל האָט געקריגן אַ שווערע וווּנד אין קאָפּ. דאָס בלוט רינט איבערן פּנים. אַ בלאָנד מיידל האָט אויף שנעל אַראָפּגענומען איר ווייסע בלוזע, צעריסן אויף פּאַסן און גענומען באַנדאַזשירן אייזיקלען דעם קאָפּ.

דער שטורעם אויף דער תפיסה דויערט נאָך אַלץ...

די פּאָליציי האָט געקריגן הילף פון די אַרומיקע שטעט און שטעט-לעך, אויך די גאַנצע פּאָליציי-שול פון מאַסטי-ווילקע איז געקומען, כדי צו שיצן די תפיסה. עס איז געלונגען אָפּצושלאָגן דעם אָנגריף פון די אַרבעטער.

עס איז שוין געווען טונקל אויף דער גאַס, ווען אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט מענטשן האָבן זיך דורכגעריסן דורכן האָגל פון קוילן מיטן אָרון פון קאָזאַקן און דערגרייכט די טויערן פון דעם יאַנאָווער בית-עולם....

דער נצחון איז גרויס.

דער אָרון ווערט אַראָפּגעלאָזט אין קבר צוזאַמען מיט אַ שווערד, וואָס אַ קעמפער האָט אַרויסגעריסן ביי אַ פּאָליציאַנט.

ביים אָפענעם קבר רעדן מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַר־טייען. אין נאָמען פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין לעמבערג האָט קאָזאַקן געזעגנט דער חבר סטעפאַן פּערעטיאַטקאַ „אָגניוו“.

דאָס זענען נישט געווען קיין געוויינלעכע רעדעס. דאָס איז געווען פייער קעגן די, וואָס האָבן דערפירט צום בלוטיקן דאָנערשטיק.

דאָס קבר איז געוואַקסן, באַדעקט פון די רעשטלעך קרענץ און שאַרפן, וועלכע עס האָבן מיט זיך געבראַכט די אָנקומענדיקע קליינע גרופעס מענטשן. צעריסענע פענער, גאַס פון בלוט האָבן איצט באַצירט דאָס הייליקע אָרט.

דער קאַמף אין שטאָט איז נאָך דערווייל אָנגעגאַנגען. אויף דער באַריקאַדע לעבן קלויסטער פון דער הייליקער אַננע, אויף דער באַריקאַדע ביים איינגאַנג צו דער יאַנאָווער גאַס; עס ברענט עקס האָלץ־סקלאַד אויף גראָדעצקע־גאַס. די פלאַמען האָבן העל באַלויכטן דעם אַרום און זיך צונויפגעגאָסן מיטן רויטן אָפּשיין פונעם בלוט...

איבער דער ברייט פון די גאַסן האָבן געפלאַטערט טראַנספּאַרענטן. דער הימל איז געוואָרן שטאַרק פאַרצויגט און א שאַרפער ווינט האָט גע־נומען בלאָזן מיט א יאָמערלעכן וואָיען, ער האָט געברענגט די לעצטע קרעכצן פון די גוססדיקע.

לעמבערג האָט אויסגעזען ווי א חורבה.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער גאַנצער לעמבערגער אַרבעטער־קלאַס אַרויס מיט אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט־שטרייק פאַר דעם בלוטיקן דאָ־נערשטיק.

פּראָטעסטן, שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס זענען אויך פאָרגעקומען אין א סך אַנדערע שטעט פון פּוילן.

די פּאָליציי האָט געענטפערט... וועמען זי האָט נאָר געטראָפן אויף דער גאַס מיט א פאַרבונדענער וווּנד איז גלייך געוואָרן אַרעסטירט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן טראַנספּאָרטן קיין קאַרטוז־בערעזע...

## קאַפּיטל 31

# איך האָב נישט געטיילט, נאָר גענומען...

די טעכנישע אַרבעט האָט אָנגענומען נייע פֿאָרמען. די צייט און פּראַקטיק האָבן געלערנט. עס גייט זיך אַ בחור מיט אַ פּעקל ליטעראַטור אין איין טאָרבע און מיט רעקלאַמעס אין אַ צווייטער. פֿאַר אים גייט זיין חבר, וועלכער דרייט זיך יעדעס מאָל אויס, נעמט אַ ביסל בלעטער, געמישט מיט רעקלאַמעס און פֿאַרטיילט זיי די פֿאַרבייגייער.

לאַנג איז די פּאָליציי דערויף נישט געקומען. עס זענען געווען וויניקער אַרעסטן. אָבער דאָס מאָל איז אייזיקלען נישט געלונגען...

עס איז געווען אַ מחיהדיקער זומערדיקער אָוונט. די לופֿט איז געווען ריין, וואַרעם, די לעמבערגער איינוווינער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפֿן שפּאַציר, צום באַרג פֿון הויכן שלאָס.

דאָ איז געווען דער זאַמאַרסטינאָווער זייגער. דאָ האָט מען רעגולירט די זייגערלעך, דאָ האָט מען זיך געטראָפֿן ביים אַרויפֿגיין אויף דעם באַרג, זיך געזעגנט ביים אומקער פֿון שפּאַציר. פּאָרלעך האָבן דאָ געהאַט זייערע ראַנדקעס. דאָ האָט מען אויף שנעל איבערגעלייענט די קעפּלעך פֿון די געקויפֿטע אָוונט-צייטונגען. דאָ האָט שטענדיק געשוויבלט און געווירבלט פֿון מענטשן. טאַקע דערפֿאַר פֿלעגט די אָרגאַניזאַציע דאָ איינאָרדענען מאַסאָווקעס. דאָ איז תמיד געווען צו וועמען צו רעדן, דאָ האָבן זיך די קאָמוניסטן אויסגעמישט מיט דער מאַסע, וואָס האָט באַשווערט די אַרבעט פֿון דער פּאָליציי.

ס'איז נאָך אַ מאַסאָווקע.

אַלץ איז אַריבער בשלום. דער רעדנער האָט געענדיקט. ביים וואַרפֿן די ליטעראַטור האָט מען קיינעם נישט פֿאַרהאַלטן. דער עולם האָט זיך געלאָזט מיט פֿאַרשידענע אַנטימלוכהשע לאָזונגען און אַ פּאָליציאַנט

פאַר אַ מיליאָן! — זיי זענען היינט עפּעס ווי אויסגערונען געוואָרן — האָבן זיך די חברים געוויצלט.

דאָ האָט אייזיקלס אויסגעצויגענע האַנט מיט בלעטלעך אָנגעכאַפּט אַן אַגענט.

אמת, די זעלבסטשיץ האָט אים נישט פאַרלאָזט. זעקס יאָטן האָבן זיך געוואָרפן צו באַפרייען אים פון דעם אַגענטס הענט, נאָר ווי פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואַקסן פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן גלייך געלאָזט אין באַוועגונג זייערע גומע־שטעקנס און קאָלבעס פון די ביקסן.

עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער. אייזיקל איז געלעגן אויף דער ערד.

די קולות: נישט שלאָגן! נישט שלאָגן! האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. אויף דעם פייפן פון דער פּאָליציי איז גלייך אָנגעקומען הילף פון דער דערנעבנדיקער תפיסה, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער זאַמאַרסטינאָווער. ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון דער צעוויגטער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט געהילכט, געשאָלטן, געברומט פאַר כעס און אויפרעגונג, איז אייזיקל מיט נאָך צוויי פון זיינע באַשיצער אָפּגעפירט געוואָרן אין תפיסה אויף דער יאַכאָוויטש־גאַס.

דעם חבר, וואָס האָט געהאַט דעם גאַנצן פּאַק מיט ליטעראַטור, איז איינצווישן־צייט געלונגען צו אַנטלויפן.

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט איז אייזיקל אַריבערגעפירט געוואָרן אויף סאַפּיעהאַ־גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער אויספאָרש־אַמט.

אין אַ קליין פינצטער צימערל, צו וועלכן עס האָבן געפירט צוויי טירן, האָבן שוין אויף אים געוואַרט פיר געהיים־אַגענטן, וועלכע ער האָט ביים אַריינקומען נישט גלייך באַמערקט. ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין צייט צו געבן אַ טראַכט, וואָס דאָס באַדייט, ווי ער האָט דערהערט אַ באַגריסונג: „סערווס, פריינד!“ און צוזאַמען מיט איר איז אויך געקומען אַ שווערער זעץ צווישן די אויגן. ער האָט זיך געטאָן אַ וואַקל אויף צוריק, אָבער אַ זעץ פון הינטן, האָט אים נישט געלאָזט פאַלן און אים גלייך געוואָרפן אויף פאָרנט.

— וואָס וואַרפסטו זיך אויף מיר, דו באָלשעוויק?... — האָט ער געקריגן אַ דריטן זעץ, נאָר דאָס מאָל שוין אין בויך.

אייזיקל האָט ווי פאַרלוירן דעם אָטעם, טוענדיק דערביי זיך כאַפּן מיט ביידע הענט ביי דעם בויך. אַן איינגעקאַרטשעטער און דרייען איז

ער געפֿלויגן פֿון איינעם צום צווייטן, פֿון דריטן צום פֿערטן. די קלעפּ זענען דערביי באַגלייט געוואָרן מיט מיאוסע זידל־ווערטער און געלעכטער.

מיטאַמאָל איז אין צימער געוואָרן ליכטיק. אייזיקל איז געלעגן אויף דער ערד, נישט ענלעך צו קיין מענטשן, אַ פֿאַרבלוטיקטער און שמוציקער. זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר זענען געווען נאַס און צעשויבערט.

דאָס פּלוצעמדיקע ליכט, וואָס מען האָט אויף אים אָנגעשטעלט, האָט געשטאָכן אין די אויגן ווי שפּיזן און געניצלעך פֿאַרבלענדט. אינסטינקטיוו האָט ער גענומען זיך פֿאַרשטעלן מיט ביידע הענט אַריינציענדיק טיפֿער דעם קאָפּ.

— ווער האָט דיך געלערנט שלאָפֿן אין אָנטועכץ, דו באָלשעוויסטישע מאָרדע!... סטאַלין?! — און דערביי באַקומען אַ קאָפּ מיטן שטיוול — אויסטאָן זיך!...

די גאַנצע צייט, בעת אייזיקל האָט באַקומען די קלעפּ, האָט ער געשוויגן. דאָס האָט זיי נאָך ווילדער געמאַכט. איצט האָט ער באמת נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס זיי ווילן פֿון אים און ער האָט אַ פֿרעג געטאָן:
— וואָס ווילט איר פֿון מיר? דערביי האָט ער געפּרוּווט זיך אויפֿהייבן פֿון דער ערד...

— אָך, דו רעדסט? — האָט זיך ווידער אָנגערופֿן אַן אַגענט — אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז דו ביסט אַ שטומער. אויב אַזוי, וועסטו אונדז זאָגן, פֿון וואַנען איז די ליטעראַטור? און ווי הייסט דער צווייטער, ביי וועלכן דו האָסט גענומען די בלעטער צום טיילן?

— נישט איך האָב געטיילט, נאָר מען האָט מיר געגעבן — האָט אייזיקל קורץ געענטפֿערט.

— אַזוי גאָר? — האָבן אַלע אַרויסגעלאָזט אַ הילכיק געלעכטער — דאָס האָט דער הער קאָמיסאַר גאָר געטיילט די קאָמוניסטישע ליטעראַטור, נישט דו?...

צוויי שניט מיט אַ גומע־שטעקן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיין רעכטן אָרעם.

— איך פֿרעג נאָך אַמאָל, פֿון וואַנען איז די ליטעראַטור? ווער איז דיין שותּף?

— איך קען נישט קיין שום שותּפֿים, נישט איך האָב געטיילט, נאָר מען האָט מיר געגעבן — האָט ער איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם שותּף האָט ער טאַקע געזאָגט דעם אמת. ער האָט אים נישט געקענט, ווייל דאָס איז געווען אַ טעכניקער פון אַ צווייט קעמערל.

— איך וועל דיך גלייך דערמאָנען — האָט מיר אַ געמאַכטער העפלעכקייט צוגעגעבן דער זעלבער אויסטוענדיק ביי די ווערטער זיין ראָק.

— קענסט אויך דיינעם אויסטאָן. דאָ זענען נישט פאראן קיין דאַמען, דאַרפסט זיך נישט שעמען — האָט ער צוגעגעבן מיט דעם זעלבן חוזק־טאָן.

אייזיקל איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון זיין אָרט.

— דער הער קאָמיסאַר האָט דאָך דיר געהייסן אויסטאָן דיין ראָק! — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער.

אייזיקל איז אַלץ געשטאַנען אומבאַוועגלעך...

אַ האָגל פון גומע־שטעקנס האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטן.

אייזיקל איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד ווי אַ שווערע מאַסע... ער האָט קיין ווייטיק מער נישט געפילט, בלויז אַ שווייס האָט באַדעקט זיין לייב. אַ קאַלטער בליאַסק וואַסער אין פּנים האָט אים גלייך אויפגעמונטערט. ער האָט דערזען די זעלבע פיר פּאַרשוינען, אָבער נישט אויף לאַנג. זיין קאָפּ איז ווידער אַנידערגעפאַלן אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען אים ווידער גענומען. אָבער אייזיקל האָט געהאַט נאָר איין ענטפער: — נישט איך האָב געטיילט, נאָר מען האָט מיר געגעבן...

דאָס מאָל האָט די אויספאָרשונג אויסגעזען אַנדערש. ער האָט נישט געדענקט ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר אין אַ געוויסער רגע האָט ער זיך דערזען אינגאַנצן אַ נאַקעטן, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. מען האָט אויף אים פאַרוואָרפן אַ נאַס לײַלעך, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט ווי אַ פּלאַסטער צו זיין קערפּער. און זיי האָבן אָנגעהויבן זייער מלאכה...

יעדער שניט מיט דעם גומע־שטעקן איבערן לייב האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי מען וואָלט דורכגעצויגן אַ פייערדיקן פּאַס איבער זיין הויט. זיי האָבן אַזוי געטאָן, כּדי נישט איבערצולאָזן קיין סימנים פון די קלעפּ.

די דערוואַרטונג אויף אַ ווייטערדיקן ברען האָט עלעקטריזירט די נערוון, צוזאַמענגעדריקט די ציינער און פאַרגליווערט דעם קערפּער...

דער ענטפער פון דעם יונגן בחור איז אָבער געווען אַלץ דער זעלבער. די שלעגער זענען געווען אויסער זיך. אָבער אייזיקלס באַוווסט־לאָזיקייט איז געווען די גרענעץ פון זייער געוואַלט איבער אים.

— יאָ, מיינע הערן — האָט זיך אָנגערופן אַן אַגענט — אַ קאָמוניסט כאַפּ ביי דער האַנט זאָגט ער, אַז דאָס איז נישט זיין האַנט... אַלע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, די אויספאָרשונג האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן. די אַגענטן זענען שוין געווען מיד.

אייזיקל איז פון דעם אויספאָרשונגס־צימער שוין אויף זיינע איי־גענע פיס נישט אַרויסגעגאַנגען. מען האָט אים אַרויסגעטראָגן, מיט אַ טעמפּעראַטור פון 39 גראַד... ווי נאָר אָבער ער איז געקומען צום באַוווסטזיין, האָט ער, ווי מען האָט אים געפרעגט, צי נישט, אַלץ געענטפערט: — איך האָב נישט געטיילט נאָר מען האָט מיר געגעבן.

אויפן געריכט האָט דער אַגענט אויסהערנדיק אייזיקלס פאַרטיידי־קונג מיט אַ שמייכל אויפן געזיכט איבערגעחזרט: — אַ קאָמוניסט, אַז דו כאַפּסט ביי דער האַנט, זאָגט ער, אַז ס׳איז נישט זיין האַנט...

אייזיקלס קורצער ענטפער און די באַמערקונג פונעם געהיים־אַגענט — די צוויי זאַצן זענען מיט דער צייט געוואָרן צוויי פאָלקס־ווערטער צווישן דער לעמבערגער אַרבעטערשאַפט.

## קאפיטל 32

# די באַגעגעניש אין צוג

— אַ גליקלעכע רייזע! — האָט איציק=הערש קאַץ מיט אַ שמייכל געווונטשן אייזיקלען, געבנדיק אים דאָס רענצל, וואָס ער האָט מיט עטלעכע טעג צוריק ביי אים איבערגעלאָזט אונטער דער שאַפע, ביי דער איינגאַנגס=טיר — זאָלסט אַלדאָס גוטס פועלן! — האָט ער מיט אַ געמאַכטן ערנסט צוגעגעבן — פאָרסט באַשטימט אויף ראש השנה צום בעלזער צדיק...

ביי די דיאַמאַנדס האָט מען געקאָנט אַלץ איבערלאָזן. אַזוי האָט מען גערופן די פאַמיליע, ביי וועלכער איציק=הערש קאַץ איז געווען אַן איידעם און געוווינט אויף דער פעלטעווונע=גאַס. ערשטנס, האָבן זיי געשטאַמט פון זיין שטעטל וואַריש און זיך אפילו גערעכנט אַלס ווייטערע קרובים, דערצו זענען איציק=הערש און זיין שוואָגער סומער דיאַמאַנד געווען סימפאַטיקער. צווייטנס — האָבן דאָ אַלע וואַרישער יידן געהאַט זייער אומזיסטיקע סטאַנציע...

ביי מאַלי משה איציקס, אַזוי האָט געהייסן איציק=הערשס שוויגער, האָט מען געקאָנט זיך דערוואַרעמען פון דעם וועג, טרינקען אַ הייס גלעזל טיי, וואָס האָט גאָרנישט געקאָסט, אפילו מיט אַ שטיקל לימענע, איבערלאָזן די פעקלעך און אַנדערע ווערט=זאַכן, ווי נאָר מען איז געקומען קיין לעמבערג אויף אַ קורצן באַזוך, כדי עפעס צו דערליידיקן ביי העכערן מלכות. שוין אָפגערעדט פון די סוחרימלעך, וועלכע פלעגן קומען צו פאָרן נאָך סחורה. זיי האָבן זיך שוין פון דער קוואַרטיר נישט גערירט. דאָס האָט טאַקע אויסגענוצט אייזיקל. ער פלעגט דאָ נישט איינמאָל איבערלאָזן עפעס פון זיינע לינקע זאַכן...

— זיי נאָר פאָרזיכטיק — האָט איציק=הערש שטיל צוגעגעבן — עס איז נישט קיין שפאַס, אַזאַ רענצל שמעקט מיט אַ פאָר שנים.

— אויב אַזוי וועל איך לאַנג לעבן — האָט זיך אייזיקל געוויצלט — ווייל זייער אַ סך יאָרן האָב איך שוין ביז היינט פאַרדינט. יעדנפאַלס וועל איך נאָך אַמאָל אַרויסגיין אַ קוק געבן, צי דער אייבערשטער האָט מיר נישט נאָכגעשיקט קיין גוטן מלאך.

איציק־הערש האָט דערווייל צוריק אַרויפגעוואָרפן דעם אַלטן שלאָפ־ראָק אויפן רענצל און זיך צוריק געזעצט עסן דעם איבערגעריסענעם מי־טאָג, וואָס זיין ווייב איידל האָט דערלאַנגט צום טיש.

— אַ מענטש פאַר אַ מיליאָן — האָט אייזיקל געזאָגט ביים צוריק־קומען פון דרויסן.

פון פעלטעווע־גאַס האָט ער זיך גלייך געלאָזט צום לעמבערגער הויפּט־וואָקזאַל... דאָס האַרץ האָט שוין היינט נאָרמאַל געקלאַפּט ביים דערנענטערן זיך פון אַ מונדירטן אויף דער גאַס, די הענט האָבן נישט מער געציטערט. גיין איבער דער שטאָט מיט אַ טראַנספּאַרענט איינגעפּאַקט אין אַ בויגן פּאַפּיר, טאַפּעטן אָדער מיט אַ רענצל קאָמוניסטישער ליטע־ראַטור איז שוין געוואָרן זיין טאָג־טעגלעך ברויט. נאָר ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: „פאַרזיכט איז די מאַמע פון זיכערקייט“. און אפשר טאַקע נישט מיט דעם גאַנצן רענצל און פּעקל אַריינפאָרן קיין בעלז. עס איז דאָך פאָרט אַ קליין שטעטל. יעדער פרעמדער מענטש איז דאָ אויפפאַלנד. דאָס פּעקל פאַר וואריש וועט ער איבערלאָזן אין סעקאַל און דערנאָך צו־ריקפאָרן דאָס נעמען. צווייטנס, איז בעסער אַרומצושפּאַצירן ראש־השנה אין סעקאל ווי אין בעלז. אין בעלז קענען אים אַ סך יידן. ער פלעגט דאָך נישט איינמאָל פאָרן צום בעלזער צדיק אויף די יום־טובים. און אהרן־שיע דער הויפּט־גבאי קען דאָך אים אוודאי. עס האָט דאָך נישט קיין סך געפעלט, ער זאָל חתונה האָבן מיט זיין אייניקל, מיט פערעלען... ווייניק רייד איז געווען דערביי, אַ קאָמוניסט מיט רב אהרן־שיעס אייניקל. יאָ, ער וועט דאָס רענצל טאַקע איבערלאָזן אין סעקאל, ביים פעטער קאנדל פון דער מיל. ווען וועט עס איינפאַלן צו גיין זוכן קאָמוניסטישע ליטע־ראַטור צו אַזאַ עושר ווי קאַנדל, צו אַזעלכע ציוניסטן ווי זיינע קינדער...

דער יצר האָט זיך געאיילט, די רעדער האָבן געיאָגט אַלץ שנעלער און שנעלער, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט באַפרייען פון די אייזערנע אַקסן, וואָס האָבן זיי צוגעשמידט צו דעם יאָך פון די וואַגאָנען. די האַרבסטיקע זון האָט געוואָרפן נאָך וואַרעמע שטראַלן דורכן פענצטער פון דעם וואַגאָן אייזיקל איז געזעסן מיטן פנים צוגעדריקט צו דער שויב און פון ציי־

צו צייט זיינע אויגן געווענדט צום בלויען הימל, ווי ער וואָלט וועלן ביי אים פרעגן אַן עצה, ווי אַזוי צו לייזן די שווערע פראַגע.

ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף זיין געפעק, וואָס איז געלעגן, ווי פאַריתומט אויף דער קעגנאיבערדיקער פּאָליצע. אין וואַגאָן איז שוין אויך קיינער נישט געווען. מען מוז זיך וואָס שנעלער אַריבערפּעקלען אין אַ צווייטן וואַגאָן, עס איז געפערלעך צו זיצן אַליין... כאָטש ער איז עלעגאַנט אָנגעטאָן, לויט דער לעצטער מאָדע, און ווי דער שטיי־גער, וועקט ער אָס א קלענערן פאַרדאכט, אָבער דאָך, ווי א זאך מאכט זיך, קאָן גראד אַריינקומען אַ באַקאַנטער אַגענט און דעמלט איז ער פאַרלוירן.

דער צוג האָט פאַרקלענערט זיין לויף. עס ווייזט אויס, עס איז נישט ווייט פון אַ סטאַציע. די רעדער האָבן ריטמיש געקלאַפּט, און דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער און מיד אָנגעהויבן צו סאָפּען, אַרויסוואַרפנדיק געדיכטע וואָלקנס רויך, וועלכע האָבן זיך געשפּרייט איבער די אַרומיקע פויערישע פעלדער.

אייזיקל האָט אַראָפּגענומען זיין רענצל מיטן פּעקל און מיטן אָנשטעל פון אייגעם, וואָס איז נאָר וואָס איינגעשטיגן האָט ער זיך געלאָזט זוכן אַן אָרט, וווּ עס וועט זיין אַן עולם מיט אַ סך געפּעק.

— ראַוואַ רוסקאַ, אויסשטייגן! — האָט זיך דערהערט די אויסגע־צויגענע שטים פון קאָנדוקטאָר.

די פּאַסאַזשירן האָבן גענומען פאַרלאָזן דעם צוג, אָבער נאָך אַ גרע־סערער עולם האָט גענומען אויפסניי איינשטייגן. דורך טיר און פענצטער האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און שוואַרצע סאמעטענע קאַפּעלושן, באלאָדן מיט פּעק און רענצלעך פון אלע זייטן. עס איז געוואָרן א ליאַרעם, אַ געפּילדער איבערן גאַנצן וואַגאָן, טאַקע ווי אין בית־המדרש אַרום אויוון. דער האָט זיך געשטופּט צוריק אַרויס נאָך זיין פּעקל, וואָס ער האָט נאָך געלאָזט אין וואַרטע־זאַל, אַן אַנדערער ווידער, האָט זיך געזעגנט אויפן גאַנצן קול מיט זיין משפחה, וועלכע האָט אים באַגלייט צום רבין און געשטאַנען אויפן פּעראָן. „חיים־יאָסל, זיי געזונט!“ און „משה־וואָלף: זאָלסט פּועלן ביים רבין אַלדאָס גוטס, פאַרגעס נישט אין קוויטל וועגן גיטל־ביילעס חתונה!“ ענלעכע ווינטשע־וואַגיעס האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן, אַז ס׳האָט געלעכערט די אויערן. יעדער האָט געפּרוווט דעם צווייטן איבערשרייען און זיך איינגאַנצן נישט

גערעכנט דערמיט, אַז עס זענען פֿאַראַן אויך אַנדערע פּאַסאַזשירן, נישט־ייִדן, בקיצור — א ייִדישע מלוכה...

דער צוג האָט צום גליק גערירט. די פּאַסאַזשירן האָבן שוין טײלווײַז פֿאַרנומען זײערע פּלעצער, אַרויפֿגעלייגט דאָס געפּעק אויף די פּאָליצעס, געפּלאָכטענע פֿון דינעם שפּאַגאַט און, ווי געוויינלעך, אָנגעהויבן שמועסן וועגן יום־טוב, וועגן דער סטאַנציע, וואָס מען האָט אין בעלז שוין פֿון איין יום־טוב צום צווייטן, און דער עיקר וועגן הייליקן צדיק, צו וועלכן מען פֿאָרט.

— איז דאָ פֿרײַ? — האָט זיך אײַזיקל געווענדט אויף פּויליש צו אַ גרופּע ייִדן, וואָס האָבן פֿאַרנומען ביידע בענק.

— ביטע, ביטע — האָט זיך אָנגערופֿן אַ שוואַרצער יונגערמאַנטשיק מיט צוויי לאַנגע, געקרײַזלטע פּאות, ווי פֿלאַשער.

— וואָס טויג דיר דער ערל אין סאַמע ערב יום־טוב? — האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ חוצפּהדיקן טאָן זײַן שכן — האָסט דאָך געקאָנט זאָגן, אַז עס זיצט שוין דאָ עמעצער.

— שאַ, שאַ, יעקב־אשר — האָט רואיק געענטפֿערט דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק, אײַנבויגנדיק זיך גלײַכצײַטיק אין זײַן זײַט — עס איז נישט שיין אַזוי צו זאָגן. אין די הייליקע ספֿרים שטייט געשריבן: אלהים נברא את האדם בצלמו. דערפֿאַר טאַקע מוז מען יעדן מענטשן באַהאַנדלען גלײַך, ווײַל יעדער איז דאָך ענלעך צו זײַן ליבן נאָמען. צווייטנס, פֿאַרוואָס טאַקע זאָגן אַ ליגן? דערצו נאָך, ווי דו זאָגסט, אין סאַמע ערב יום־טוב?... וואַרט, וואַרט — האָט ער אָנגעהויבן דרייען מיט זײַן קאָפּ און גלעטן זײַן שוואַרץ שפּיציק בערדל — עס קאָן נאָך חלילה זײַן, אַז דער ערל איז מבין כל חבר און ווייסט, און דו האָסט אים געוואָלט טאָן אַן עולה.

אײַזיקל איז געזעסן און זיך צוגעהערט צו דעם מוסר, וואָס דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק האָט געגעבן יעקב־אשרן, און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט פֿון אַלעם דאָ גאָרנישט פֿאַרשטאַנען. פֿאַרלייגנדיק איין פֿוס אויפֿן צווייטן, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּעקל טיטון און פֿאַררויכערט אַן אײַנגעדרייטן ציגאַר.

אַ געשמאַקער ריח האָט זיך צעטראָגן פֿון דעם גוטן טיטון, וועלכער האָט ממש געקיצלט די נאָזלעכער. בײַ יעדן צי האָט ער מיט אַ ספּעציעלער פֿאַנטאַזיע אַרויסגעלאָזט דעם רויך, אַ צופֿרידענער דערפֿון, וואָס זײַן געפּעק איז צווישן אַזויפֿיל טלומאָקעס. ער האָט געגעבן אַ טראַכט, עס

וואָלט אפשר אויך נישט שלעכט געווען די שכנים צו האָבן אויף זיין זייט...

— איר ווילט אפשר אויך פאַררויכערן? — האָט ער זיך געווענדט דווקא צו יעקב־אשרן, אונטערטראָגנדיק אים דאָס פּעקל טיטון.

— אַ שיינעם דאַנק — האָט יענער שנעל געענטפערט.

— עס ווייזט אויס, נישט קיין שלעכטער ערל — האָט יעקב־אשר שטיל געזאָגט צו די איבעריקע — נאָר איך וועל דאָך נישט רייכערן פון זיין האַנט, ער האָט דאָך געקאָנט ערשט נישט לאַנג האַלטן אין איר חזיר...

— איר ווילט נישט רייכערן פון קיין ערלס האַנט? — האָט אייזיקל מיט אַ שמייכל זיך אָנגערופן אויף יידיש — וואָס־זשע, איך האָב נישט קיין צורת ישראל.

— אַ ייד!? — האָבן פאַרוואונדערט זיך אָנגערופן די חסידים — אויסשטרעקנדיק דערביי אַלע מיטאַמאָל זייערע הענט נאָך דעם פיינעם פּעקל טיטון, פון וועלכן מען האָט איצט געקאָנט לגמרי אומזיסט געניסן.

די חברה האָט אָנגעהויבן רויכערן און לויבן דעם גוטן טיטון, ווי דאָס גוטע האַרץ פון דעם צופעליקן גאַסט.

— זעט איר — האָט זיך אָנגערופן דער שוואַרצער מיט די לאַנגע לאָקן — מיין רבי, רב חיים ראווער, פלעגט זיך תמיד באַנוצן מיט דעם ווערטל: „אל תסתכל בקנקן, אלא במה שיש בו“.

— ער האָט געהאַט נאָך אַ ווערטל, אפשר קאָנט איר זיך דערמאָנען: „והוה דן את כל האדם לכף זכות“ — דערפאַר האָב איך טאַקע מוחל געווען אייער שכן, יעקב אשרן.

— אייער רבי אויך, רב חיים ראווער? — האָט דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק קנייטשנדיק זיין שטערן געקוקט אייזיקלען גלייך אין די אויגן און מיטאַמאָל אויסגעשריגן: — צי בין איך מיך נישט טועה, אייזיקל, פון וואַריש?

— ניין, האָסט נישט קיין טעות, הערשעלע סילימיווער — האָט אייזיקל צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — און גערופן האָט מען דיך פּעפּערל.

— אוי ווי, ווי ער געדענקט... אַזאַ באַגעגעניש, נאָך אַזויפיל יאָר! — האָט ער אָנגעהויבן דרייען מיטן קאָפּ — אוי, אייזיקל, דו וואָלסט דאָך געווען אַן עילוי — הערשעלע האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער מיט אַ גרויסן ווייטיק, ווי ער אַליין וואָלט דאָ עפּעס וויכטיקס פאַרלוירן. — ווי איך זע, ביסטו שוין אינגאַנצן אַראָפּ פון דעם הדרך הישר, אָנגעטאָן ווי אַ דייטש, געוואָרן אַ גלוח. מען האָט געשמועסט, אַז דו ביסט נאָר געוואָרן איינער פון די, וואָס ווילן אויף דער וועלט מאַכן אַלע מענטשן

גלייך. איז דאָס טאַקע אמת, האַ?... נו, זאָג אַליין, צוליב אַזוינע נאַריש־קייטן פאַרלאָזט מען די הייליקע תורה, יידישקייט, אַזוינע טייערע מנהגים? און מען שטעלט נאָך איין דאָס לעבן אויך?... מ'קאָן נאָך, זאָגט מען, גיין דערפאַר אין תפיסה אַריין אויך, אַ קלייניקייט — אַקעגנשטעלן זיך דעם מלכות?! — האָט שוין הערשעלע צעשפּרייט זיינע ביידע הענט און אויפגעהויבן זיינע אויגן צו גאָט — דו הבהסט זיך מיט גויים — האָט ער צוגעגעבן מיט גרויס מיטלייד.

די חסידים זענען די גאַנצע צייט געזעסן און מיט גרויס נייגיר גע־קוקט דאָ אויף איזיקלען, דאָ אויף הערשעלע סילימיוווער.

נאָר דער האָט זיין מוסר זאָגן נישט אויפגעהערט, אַלץ געבּרענגט נייע און נייע סברות פון דער גמרא און פון די הייליקע ספרים וועגן דער גרויסקייט און דער געררעכטיקייט פון דער תורה און אירע דינים.

אַיזיקל האָט אויף א ווײַלע פאַרגעסן אין זיין רענצל מיט ליטעראַ־טור. פאַר זיינע אויגן איז ווידער געשטאַנען די קלויז, דער רבי רב חיים ראוווער, די קלויז־בחורים מיט זייערע לאַנגע בעקעשעס און שוואַרצע קיילעכדיקע „פּוילישע היטעלעך“ מיט די קליינע דאַשיקלעך, ער האָט זיך ווידער געזען מיט דעם חלבענעם ליכטל איבער דער גמרא, זיין שטעטל וואַריש... ער האָט אפילו שוין נישט געהערט, וואָס הערשעלע רעדט צו אים. ער האָט געשלאָסן זיינע אויגן, ווי ער וואָלט אין זיין דמיון וועלן קראַמפּהאַפט איינהאַלטן יענע צייט.

— זאָגט דען נישט די גמרא — האָט זיך ווייטער געהערט דאָס קול פון הערשעלען — כל הכובש שכר שכור, כאלו נוטל נפשו ממנו? דאָס איז געזאָגט, ווען מען פאַרהאַלט בלויז די שכירות פון אַ געדונגענעם צו דער אַרבעט, איז שוין געגליכן הערצו, ווי ער וואָלט אים דערמאָרדעט, היינט ווער שמועסט, ווען מען באַצאָלט אים בכלל נישט, ווי האַרב איז דעמלט די עבירה?... גייסטו נאָך זוכן גערעכטיקייט צו זיי?... צו די פרעמדע?... און אפילו דאָס, וואָס זיי האָבן שוין, איז דען זייערס? זיי מאַכן דאָך אונדז אַלץ נאָך. ווי קאָנען זיי זיך בכלל גלייכן צו די יידן? מיר זענען דאָך פאָרט פון די אתה בחרתנו ביי זיין ליבן נאָמען. און צוריקגעשמועסט, די גאַנצע וועלט וואָס איז דען? — אַ פּרוזדור, אַ פּאַ־ליש, אַ געוויינלעך פעדערהייזל. וואָס איז דען ווערט דאָס גאַנצע יאָגן זיך, דאָס גאַנצע לויפן, דאָס גאַנצע רייסן זיך פאַר אַ שטיקל ערד? און טאַקע, ווי געזאָגט, מיר וועלן צוריקגיין צו דיין אויסגלייכן די וועלט. די אמתע וועלט איז דאָך דאָרט — דאָ האָט הערשעלע געוויזן מיטן פינגער

אויף דעם הימל. — און צי שטייט דען נישט בפירוש, כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא. און ס'איז אפילו דאָ אַ פּרשה, אַז די אומות העולם מיינט מען אויך... נו, צי טוט דער אייבערשטער נישט גערעכטער פאַרטיילן? דאַכט זיך מיר, אַז אַ ביסל גערעכטער, ווי איר ווילט דאָס מאַכן! — און דער עולם הבא איז שוין אַ ביסל אַ שענערע וועלט, ווי דאָס זינדיקע וועלטל אויף וועלכן מיר לעבן, מ'שטיינס געזאָגט. ווילסטו דאָס אַלץ איבערלאָזן? פּשוט אַנטלויפן, צו זיי, צו די גויים?...

— אייערע בילעטן ! — האָט זיך דערהערט די שטימע פון דעם קאָנדוקטאָר.

דאָס האָט אייזיקלען אַרויסגעשלאָגן פון זיין טרוים, און אינסטינקטיוו האָט ער אַ בליק געגעבן צו די אייבערשטע פּאָליצעס, וווּ עס איז געלעגן דאָס געפּעק. און פּלוצעם אַ געדאַנק: און אפשר געבן הערשעלען דאָס רענצל מיטן פּעקל אויף זיין סטאַנציע? — און הערשעלע, ווי ער וואָלט אַרויסגעפילט אייזיקלס כוונה, קומט אים אונטער:

— זאָג נאָר, אייזיקל, און ווי האַלטסטו מכוח אכצן און דרייצן?

— ווען דעם פּאָר איך איצט טאַקע.

— וואָס הייסט דו פאָרסט?... וווהין?... צו וועמען?...

— צום בעלזער רבינס גבאי.

— צו רב אהרן־שיען? — האָט איבערראַשט געפרעגט הערשעלע און אַלע חסידים האָבן אויסגעגלאָצט זייערע אויגן.

— יאָ, צו אהרן־שיען.

— הייסט עס, אַז דאָס, וואָס יידן רעדן, איז טאַקע אמת?

— אמת! — האָט אייזיקל איבערגעחזרט.

— טאַקע אמת? — האָבן אַלע איבערגעחזרט מיטאַמאָל.

— אַ יידישע קישקע קאָן מען טאַקע נישט אָפּשאַצן —האָט זיך אַריינגעמישט אַ רויטלעכער יונגערמאַנטשיק מיט אַ שיטער בערדל און צוויי פלאַקסענע פּאות, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון דער מקווה.

— טאַקע, טאַקע — האָבן די איבעריקע צוגעגעבן גערעכט.

— דערפאַר וואָלט איך געוואָלט דיך בעטן, הערשעלע, זאָלסט מיר נעמען דערווייל מיין רענצל מיט די זאַכן צו דיר אויף דיין סטאַנציע. ווי געזאָגט, ווייס איך נישט, ווי מען וועט מיך דאָרט אויפנעמען, און צוריקגיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער, מיטן רענצל אין דער האַנט, וויל איך אויך נישט.

— אדרבה, בחפץ לב — האָט הערשעלע ברייט אַרויסגערעדט — אין אַזאַ ענין זיך אַריינצומישן איז דאָך פשוט אַ מצווה.

אייזיקל האָט געהאַט געמישטע געפילן. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער קאָן גלייך קיין בעלז ברענגען די ליטעראַטור, גלייכצייטיק האָט ער זיך געשעמט, וואָס ער מיסברויכט מיט הערשעלעס צוטרוי...

ס'האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער פייף.

אייזיקל האָט א בליק געגעבן דורכן פענצטער. פונדערווייטנס האָט זיך שוין באַוויזן ווי פון אַ באַרג אַראָפּ דאָס קליינע יידישע שטעטל בעלז, מיט זיינע הילצערנע, האַלב־איינגעפאַלענע הייזלעך, די „מעקקאַ“ פון די גאַליציישע חסידים.

סטאַציאַ בעלז! ווישאַדאַטש! — האָט אויסגערופן דער קאָנדוקטאָר.

דער עולם האָט גענומען פאַרלאָזן די וואַגאָנען, וואָס זענען שטיין געבליבן ווי מחותנים נאָך אַ חתונה, ווען עס צעפאָרן זיך די געסט.

אייזיקל האָט אויך גענומען צוויי פעקלעך פון זיינע באַגלייטער, כדי ער זאָל נישט גיין מיט ליידיקע הענט און אויך זיי געהאָלפן פאַרלאָדן זיך אויף איין דראָזשקע, ווי געוויינלעך, עס זאָל ווייניקער קאָסטן.

— איך וועל עמעצן צושיקן מיט אַ בריוועלע נאָך מיינע זאַכן, דו שטייסט נאָך איין מסתמא אויף דיין אַלטער קוואַרטיר, ביי דעם רוי־טישקען מיט די צוויי טעכטער — האָט אייזיקל אינצווישן צוגעוואָרפן ביים געזעגענען.

— יאָ, יאָ, דאָרט — איז געווען דער ענטפער פון דער דראָזשקע אַראָפּ, וועלכע האָט שוין געריט פון אָרט.

אַליין האָט אייזיקל זיך אַריינגעזעצט אין אַ צווייטער דראָזשקע, וועלכע האָט אים געפירט צום אָפּגערעדטן טרעף־פונקט, צו דער אַזוי גערופענער „פשי'יאַזדוווקע“.

## קאַפּיטל 33

# מע לאָזט נישט לעבן

נאָכן פאַרמאַכן דעם גאָלדפאַדען־קלוב אין לעמבערג, איז די אָרגאַניזאַציע צוגעטראָטן צו עפענען אַ צווייטן —אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. דער חבר „שמאל" — אייזיקל, איז באַשטימט געוואָרן אַלס זיין סעקרעטאַר, אויף זיין אמתן נאָמען, וועלכן די פּאָליציי האָט נישט געקענט. דעם קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי האָט אייזיקל אָנגעהאַלטן דורכן חבר הערציג, וועמען ס'איז פאַרבאָטן געוואָרן אַריינצוקומען אין קלוב.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעט האָבן פאַקטיש געטאָן די אַקטיוויסטן פון דעם פאַרמאַכטן גאָלדפאַדען־קלוב, ווי די ברידער גוטוויליג — צוויי אינטעליגענטע קירזשנער־אַרבעטער, דער בחור מיטן אויסגעלייגטן קאָלנער, וועלכן מען האָט גערופן „גאַנדי", די דיכטער יעקב שודריך, ישראל אַשענדאָרף און דער חנוודיקער סאָניע פרידמאַן, אַראָנאָוויטש, קנאָל, די הברטע שיינער, דער „ווייסער", די סטודענטקע פון קראָקע טאַנקע לייפער, שלמה באַק פון די שוסטער, דער תמיד זינגענדיקער וואָלף ווײַנראַד און נאָך אַנדערע אַקטיוויסטן פון פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

דער קלוב האָט זיך געפונען אויף דער בערענשטיינער גאַס. אַלס אָפיציעלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, נאָך נישט קאָמפּראָמיטירטע ביי דער פּאָליציי, זענען געווען: ווייס אַלס פאָרזיצער, פישער — זיין פאַרטרעטער, אייזיקל אַלס סעקרעטאַר, אידע צווערלינג און דער חבר מאַרגולעס פון זימנע וואָדע אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די מענטשן איז געווען גרויס, שוין אָפגערעדט דערפון, וואָס זיי האָבן געוווסט, אַז זיי שטייען מיט איין פוס אין תפיסה.

צוערשט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קורס פאַר יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, אָנגעפירט מיט אים האָט דער דיכטער יעקב שודריך. דער

סטודענט מילשטיין, וועלכער איז צוריקגעקומען פון די סטודיעס אין פּאַריז, האָט איבערגענומען דעם קורס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

אַ וויכטיקע ראָל אין קלוב האָט געשפּילט דער קליינער אַראָנאָוויטש. זיין גרופּע האָט שטודירט מאַרקס „קאַפּיטאַל“. זיינע לעקציעס פלעגן צוציען אַ גרויסן עולם.

אָבער אויך די פּאָליציי איז נישט געשלאָפן. זי פלעגט אָפט אַריינפאַלן און לעגיטימירן די נעמען פון די אָנוועזנדיקע. דערמיט האָט זי געוואָלט אָפּשרעקן. ס'האָט איר ווייניק וואָס געהאָלפן. דער קלוב פלעגט יעדן אָוונט זיין איבערפולט.

שפּעטער נעמט זי זיך צו נייע פּאָרטלען, ווי אונטערוואַרפן ליטעראַטור, אָבער אויך דאָס געלינגט אים נישט. עס איז גלייך באַשטימט געוואָרן אַ גרופּע יאַטן צו האַלטן דיזשור אין קלוב. דאָס זענען געווען די חברים ריקער פון די שניידערס, יאָסל שטראָום פון וואַריש, האָקטער און זיין פרוי קלאַרע, טאָנקיע קרייטער, קלאַרע טאַבאַק, דער סטודענט משהלע העלפּגאָט, סאַלע דינער, ווי אויך אַ סך אַנדערע.

זייער אויפגאַבע איז געווען נאָכצוגיין טריט ביי טריט די אַרויפגעקומענע אַגענטן און אויפּפּאַסן אויף יעדער זייער באַוועגונג ביז צום פאַרלאָזן דעם קלוב.

נישט דערגרייכט קיין רעזולטאַט דורך אָפענעם טעראָר, האָט זיך די פּאָליציי גענומען צו הינטער-שפּיצלער. זי האָט אָנגעהויבן דראָען דעם באַלעבאָס פון לאָקאַל און פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל באַזייטיקן דעם קלוב. דער איבערגעשראָקענער באַלעבאָס האָט נאָכגעגעבן איר פאַרלאַנג.

נאָך לאַנגער מי און זוכענישן איז געלונגען אים איינצואָרדענען אויף דער זשולקעווסקער גאַס אויפן פערטן שטאָק. די שטיגן אין דעם הויז זענען געוואָרן אַ אמתער „קאָרזאָ“ פון אַרויף- און אַראָפּגייענדיקע מענטשן.

— בריקנער העער שוסטער רעציטירט היינט „די שטאָלענע פייגל“ — האָט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל. און דער עולם איז געלאָפן. ער פלעגט רירן ביז טרערן.

די צאָל מיטגלידער איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. דער קלוב האָט געבליט. און באַלד — אַ ירידה... עס זענען געקומען די מאָסקווער פּראָצעסן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטורמישע דיסקוסיעס. אין קלוב האָבן זיך געשאַפן גרופּן, פאַר סטאַלינען, קעגן סטאַלינען.

אין א שיינעם פרימאָרגן האָט דער חבר העשציג איבערגעגעבן אייזיק־לען דעם באַשלוס, אַז דעם חבר מילשטיין דאַרף מען שטעלן פאַר אַ גע־ריכט, פאַר זיין שטעלונג לגבי די מאָסקווער פּראָצעסן.

אייזיקל איז דאַן געווען דער פאָרזיצער פון קלוב, זיין פאַרטרעטער דער חבר אָסקאַר ראַמער און דער סעקרעטאַר דער חבר איזשע בערבער פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

עס איז גערופן געוואָרן אַן עפנטלעך געריכט, אין באַשטאַנד: איי־זיקל אַלס פאָרזיצער פון געריכט, מאַרגולעס פון זימנע וואָדע, די סטו־דענטין טאַנקע לייפער, וויס, בערגמאַן, באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים „קראָקאָדיל".

מילשטיין איז באַזייטיקט געוואָרן פון קלוב, עס איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן מיט אים זיך צו טרעפן. אפילו זיין חברטע מאַשע האָט זיך פון אים אָפּגעקערט.

אויף דעם קלוב האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן צרות פון אַלע זייטן. טאָג און נאַכט האָט די פּאָליציי „געהיטן" דעם קלוב. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די מיטגלידער. אייזיקל באַקומט אַ מעלדונג צו קומען אין קאָמיסאַריאַט. די חברים האָבן געהאַלטן, אַז אייזיקל אַלס לעגאַלער פאָרזיצער דאַרף גיין.

דער באַריכט, וועלכן אייזיקל האָט אָפּגעגעבן פון זיין וויזיט ביי דער פּאָליציי, האָט אַלעמען באַאומרואיקט, באַזונדערס די פראַגע, צו וועמען עס געהערט דאָס מעבל פון קלוב. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז זי גרייט צו אַן ענדגילטיקן קלאַפּ. מען האָט געראַטן אייזיקלען אַ געוויסע צייט נישט צו נעכטיקן אין זיין וווינונג.

און אַזוי איז טאַקע געווען. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז דער קלוב געשלאָסן געוואָרן און אָסקאַר ראַמער אַרעסטירט.

אייזיקל איז שוין דעם טאָג צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. עס איז געווען קלאָר, אַז אייזיקל דאַרף פאַרלאָזן לעמבערג... ער איז אַוועק קיין ראַווע רוסקאַ. מען האָט אים איינגעאָרדנט ביי אַ שניידער, אַ סימפּאַ־טיקער, וועלכער האָט געוווינט אויפן קליינעם סאַסקע־געסל.

די וווינונג פון דעם שניידער איז געווען גרוים ווי אַ געגעט. דאָ האָט געוווינט דער שניידער מיט זיין פרוי און קליין קינד. דאָ האָט מען געקאָכט, געבאַקן אויף אַ גאַנצער וואָך ברויט, געגעסן, געשלאָפן. דאָ איז אויך געווען דער וואַרשטאַט.

ס'איז אַריבער אַן ערך אַ יאָר צייט. דאָס לעבן ווי אַ פויגל אין אַ שטייג האָט זיך אָנגעהויבן איינעסן אין דער גאַל. עס האָט אָנגעהויבן ציען צוריק צו אַ פריי לעבן.

אַ שיינעם פרימאָרגן האָט אייזיקל איינגעפּאַקט זיינע זאַכן און אַוועק צוריק אין זיין היים־שטעטל וואַריש.

## קאַפּיטל 34

# דער בלוטיקער שניט

עס איז געווען אַ שיינער זומער־פרימאָרגן. אַלץ אַרום האָט געשמעקט מיט פרישער גרינקייט. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ געזאַנג פון די פייגל. אַפילו זייער פלי האָט זיך אַרויסגעוויזן שנעלער. עס האָט אויסגעזען ווי אַלץ אַרום האָט זיך געפרייט פון דעם גרויסן פויערים־יום־טוב, צו וועלכן עס גרייטן זיך די איינוווינער פון דער וואַרשער פאָרשטאָט — פאָלאַנקע.

אויף דער לעשניטשעווקע נעבן וואַלד איז שוין געשטאַנען אויפגעבויט א טריבונע, באַצירט מיט גרינע צווייגעלעך און בלומען. אַרום וואַלד האָבן זיך שוין אָנגעהויבן זאַמלען די ערשטע פורן. מחנות מענטשן האָבן געצויגן פון די אַרומיקע דערפער און קאָלאָניעס.

די פּאַרטיי האָט געגעבן אַ דירעקטיוו אָנטייל צו נעמען אין דער פייערונג פון דער פויערים־פּאַרטיי, און אַזוי אַרום מאַניפעסטירן דעם איינהייטלעכן פראָנט פון אַרבעטער און פויערים.

די פייערונג האָט אויסגעזען אימפּאָזאַנט. די לאָנקע אַרום וואַלד, די וועגן און סטעזשקעס זענען געווען באַלאַגערט פון מענטשן און זייערע פורן. ווען עמעץ וואָלט אַזוי א בליק געגעבן פון דער הייך, וואָלט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער זעט פאַר זיך אַ זאַמל־לאַגער פאַרן אַרויסמאַרש אויף אַ גרויסער שלאַכט.

די רעדנער זענען אַרויסגעטראָטן איינער נאָכן צווייטן. פון אַלע זייטן האָבן אָפּגעקלונגען די איינהייטס־רופן. די שטימונג איז געוואַקסן צוזאַמען מיטן צופלוס פון דער מענטשן־מאַסע. ס'זענען געווען אַן ערך דרייסיק טויזנט מענטשן.

אַלע זענען געווען יום־טובדיק געקליידעט. די קינדער האָבן געהאַלטן קליינע פענדעלעך, אויך די וואָגנס און פערד זענען געווען באַצירט מיט

בלומען, די גריוועס געפלאָכטן מיט פאַרשידענע קאָלירטע סטענגעס. אַ גרופּע פויערים איז געקומען אין זייער נאַציאָנאַלער טראַכט, מיט די אַזוי גערופענע גלאָוואַצקי-קאָסעס און לעמיעשן. די רופן צו פאַרברידע-רונג האָבן אָפּגעקלונגען מיט אַ שטאַרקן ווידערקול פונעם גרויסן וואַרי-שער וואַלד, און דער ווינט האָט זיי געטראָגן העט ווייט איבער די ברייטע פוילישע פעלדער ביז צו די קליינע, האַלב-איינגעפאַלענע פויערישע שטיבלעך מיט די שטרויענע דעכער.

אויך די מאַכט האָט זיך געגרייט אויפצונעמען דעם פויערישן יום-טוב. דער סטאַראָסטע פון סעקאַל האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן וועגן רופן אויפן זעלבן זונטיק אַ הייליקע מיסיע פון גלחים-מיסיאָנערן, פאַר וועלכע די מענטשן וועלן זיך מתודה זיין פון זייערע זינד. די כוונה איז געווען אַ פּינצטערע: אָנרייצן די אוקראַינער קעגן די פּאָליאַקן און פאַרקערט.

שוין פון גאַנץ פרי אָן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גלחים און מיסיאָנערן פון פּשעמישל און זיך געלאָזט צו דער וואַרישער אוקראַינישער צערקווע. נאָך זיי האָבן געצויגן לאַנגע רייען פון מענער און פרויען.

די גלעקער פון דער צערקווע האָבן געהאַלטן אין איין קלינגען און אָנגעוואָרפן אַ מרה-שחורה.

די מיסיע האָט צוגעצויגן פיל גלויביקע פון דער גאַנצער געגנט. זיי האָבן באַלאַגערט דאָס שטעטל, היסטעריזירטע פאַנאַטיקער האָבן באַשלאָסן איינפאַך צו נעכטיקן אויף דער גאַס, כדי אַזוי אַרום אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד, וועלכע זיי זענען באַגאַנגען קעגן גאָט און דער הייליקער צערקווע. דער גאַנצער פּלאַץ אַרום דער צערקווע איז פאַרפולט געווען מיט פאַרשידענע קאַליקעס, בלינדע און שטומע, טויבע און קרומע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, וועלכע זענען געקומען אַהער זוכן אַ היילונג אין דעם הייליקן וואַסער, וואָס עס האָבן אויף זיי געשפּריצט די גלחים פון דער מיסיע.

עס איז שוין געווען נאָך מיטאָג צייט. די פייערונג לכבוד דער פאָן פון דער פויערים-פּאַרטיי האָט זיך דערנענטערט צום סוף. פויערים האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ פון דער „לעשניטשווקע“. די אָרדע-נונגס-מענער מיט אָרעמס-בענדער האָבן רעגולירט די באַוועגונג פון די אָפּפאָרנדיקע.

דער צוג האָט זיך געצויגן אויף לאַנגע קילאָמעטער. ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט גרייכן, האָט מען געזען אַ באַוועגלעכע מאַסע, וואָס האָט זיך גערוקט פאָרויס אויף דעם וועג צוריק צו זייערע היימען.

ווען די ערשטע מחנות זענען שוין געווען אינעם דאָרף אָשטשיי און אַפילו שוין דערגרייכט דאָס צווייטע דאָרף דאַלהאָבישטשוו, וואָס איז געלעגן אַן ערך 8 קילאָמעטער פון וואַריש, האָט זיך נאָך אַ גאַנץ גרויסער טייל געפונען אויף דער פאָרשטאָט, אַרום דער „לעשניטשווקע“.

אין וואַרישער וואַלד איז געשטאַנען אַן אוקראַאינישע רייטער־סאָטניע אונטער דער אָנפירונג פון בעלזער דיאַקס טאָכטער — טערעניאַ זשאַרסקאַ. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין שאַראַוואַרן פון פאַרשידענע קאָלירן, לויטן מוסטער פון די לעגענדאַרע אַטאַמאַנען — דאָראָשענקאָ און סאַהאַידאַטשני. אַלע זענען געווען באַוואָפנט אין ספּרענזשינענע האַראַפּן, איבערגעצויגענע מיט לעדער. אַ טייל האָט אויך געהאַט אייזערנע פּריענטן. טערעניאַ זשאַרסקאַ האָט געהאַט אַ נאַגאַן.

די שיינע צוגאָווע פערד האָבן נישט געוואָלט איינשטיין רואיק אויף זייער אָרט. זיי האָבן געריסן די ערד אונטער זיך מיט די אייזערנע פּאָדקאָוועס פון זייערע פאָדערשטע פיס, אויסציענדיק דערביי ווי אַ בויגן די קעפּ און די העלדזער, וועלכע זענען געווען באַצירט מיט געפלאָכטענע צעפּעלעך פון בלויע און געלע סטענגעס לויטן אוקראַאינישן נאַציאָנאַלן קאָליר.

דער גלח גאַוק מיט זיין פּראָצעסיע האָט זיך געפונען אויף די לאָנקעס, נישט ווייט פון די אַזוי גערופענע לאַזשינעס.

פּלוצעם דערהערט זיך אַ געשריי:

— גוטע מענטשן... קאַטאָליקן... ראַטעוועט... די קאָמוניסטן זענען באַפאַלן די צערקווע און פאַרניכטן די הייליקע בילדער!... און מיטאַמאָל האָט זיך אַ גרופּע אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן אַ לאָז געטאָן מיט דרענגער אין די הענט אויף די רעשטלעך אָפּפאָרנדיקע פורן. כ׳איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. פרויען און קינדער האָבן געשריגן. די מענער זענען געווען דעזאָריענטירט און לכתחילה אפילו נישט געפּרוווט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. דערווייל האָט גערירט אַ צווייטע גרופּע, באַוואָפנט שוין אויך מיט ווילקעס, און צום סוף האָט אַ פלי געטאָן די „סאָטניע“ ווי היישעריקן האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די אומשולדיקע מענטשן, אויף אַלטע לייט, פרויען און קינדער. בלוט האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער די גאַסן. יאָמערלעכע קולות האָבן זיך געטראָגן ביז אין זיבעטן הימל. אין

די רייען פון די פויערים איז געוואָרן א כאַאָס, פיל האָבן איבערגעלאָזט זייערע פערד=און=וואָגן און זיך געלאָזט צופוס איבער די לאָנקעס און פעלדער. אַנדערע, ווידער, האָבן אויסגעדרייט זייערע פערד אויף צוריק און אויף שנעל אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד, זיך געכאַפּט פאַר די אָרטשיקעס און דישלעס פון זייערע וועגענער.

דער שמאָלער, אזוי גערופענער פוילישער וועג, איז איצט אינגאנצן געווען פאַרטאַראַסעוועט. ס'איז אפילו נישט מיגלעך געווען אַוועקצופירן די פאַרוואונדעטע. די הילפס=רופן פון די פרויען, דער ליאַרעם פון די קינדער האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם פלאַצן פון דרעננער, קלאַנג פון אייזן. דער קאמף האָט זיך שוין געהאט איבערגעטראָגן אויף דער צווייטער זייט פון דעם וואַרישער טייך.

מיט אַן אויסגעשטרעקטן נאַגאַן אין איר האַנט האָט טערעניע אין דער שפּיץ פון איר ווילדער סאָטניע זיך געוואָרפן איבערן וואַסער. עס האָט זיך דערהערט איר אויסגעשריי: — זאַ סאַמאָסטינו אוקראַינו! הוראַ, נאַ ליאַכיוו!

דער קאַמף איז נישט געווען קיין גלייכער. פון איין זייט אַ גוט אָרגאַניזירטע באַנדע אויף פערד, באַוואָפנט מיט כלערליי מאָרד=מכשירים, און פון דער צווייטער זייט — בלויז רעשטלעך פון אַ גרויסער מחנה.

דער בלוטיקער שניט האָט געקאָסט פיר טויטע, העכער פופציק פאַרוואונדעטע. צווישן די פאַרוואונדעטע זענען אויך געווען אַקטיוויסטן פון נאָוואָסיולעק און זאַפּטשע, די חברים פיעטקאַ, דער קאָוואַל גזשעשיאַק, דער יונגטלעכער קאָמוניסט יאַן קישילעוויטש, וועלכער איז צעשטאָכן געוואָרן מיט א ווילקע פון דעם אוקראַיִנישן פאשיסט פון דער וואַרישער פאָרשטאָט — איוואַן צאַפּקא.

טייל פון די שווער=פאַרוואונדעטע האָבן זיך גענייטיקט אין אַ באַלדיקער אָפּעראַציע. ד"ר לעאָן גאַנגעל איז שוין געווען אויפן אָרט. אַ גאַנצן טאָג און א גאנצע נאכט איז דער מענטש געשטאַנען צוזאמען מיט זיין פרוי און עלטערער טאָכטער יאַנקע און באנדאזשירט, אויף שנעל אָפּערירט די קרבנות פון דעם פאשיסטישן איבערפאַל. א סך האָבן אים צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן. די גאנצע גאס ארום זיין הויז איז געוואָרן א גרויס שפּיטאָל. דאָס איז נישט געווען בלויז מעדיצינישע הילף. דאָס איז געווען ליבע צו מענטשן, פארטייאישע פליכט.

פאַר דער צעי־שעטער באַנדע, וועלכער די פּאָליציי האָט געגעבן פרייע הענט, איז די שחיטה נאָך אַלץ נישט געווען גענוג. היטלערס שותפים אין פוילן האָבן זיך א לאָז געטאָן איבער דעם יידישן שטעטל, האָבן אָנגעהויבן האַקן די שויבן און ברעכן די פענצטער פון די איינגעהויקערטע יידישע שטיבלעך... יידן האָבן גענומען פאַרהאַקן טיר־און־טויער, מיט די פאַמיליעס זיך פאַרשטעקט אין די קעלערס, אויף די בוידעמס, אַ טייל איז אויך אַוועק אין די בתי־מדרשים און זיך געכאַפּט צום אַלטן געווער — צו תהילים...

די ידיעה וועגן דעם אוקראַיניש־פאַשיסטישן אָנפאַל איז שנעל דערגאַנגען צו די אַרבעטער און פויערים פון די פאָדערשטע טיילן פון צוג. זיי האָבן אויף שנעל גענומען אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד און דערלאַנגען צוריק. אָבער איצט האָט זיך שוין מיטאַמאָל געפונען די פּאָליציי, וואָס האָט אָנגעהויבן איינצופירן „רו און אָרדענונג“, אָנהייבנדיק צו אַרעסטירן די חברים פון דער זעלבשוץ, געבנדיק אַ געלעגנהייט די פאַשיסטן באַצייטנס אָפּצוטראָגן זיך.

אינצווישן איז אויסגעבראָכן אַ שלאַקס־רעגן. ער האָט געוואַשן די שטיקלעך גלאָז פון די אויסגעהאַקטע שויבן, וואָס זענען געלעגן אַרום די יידישע שטיבלעך און אָפּגעשווענקט דאָס בלוט פון די שטיינער. אויף דעם הימל האָט זיך באַוויזן אַ רעגנבויגן מיט אַלע זיבן קאָלירן. פאַר די תהילים־זאָגער איז דאָס געווען אַן אצבע אלהים, אַז ס'איז פון זיי אַראָפּגענומען געוואָרן די שטראָף און דער מבול איז פאַרביי...

באַלד האָט די זון ווידער אָנגעהויבן שיינען. זי האָט מיט איר וואַרעמקייט באַגאָסן די קליינע וואַרישער שטיבלעך, די ביימער, די געסלעך, אויף וועלכע עס איז אַזויפיל אומשולדיק בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, דאָס טייכל, וווּ די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געוואָלט דערטרינקען דעם חבר, וועלכן מען האָט גערופן „וויריש ון באָהא“ — גלייך ווי עס וואָלט דאָ גאָרנישט פאָרגעקומען...

## קאַפּיטל 35

# דער מיניסטראַנט און די טאָכטער פון למדן

עס איז אַ קאַלטער ווינטערדיקער אָוונט. דער הימל איז פאַרצויגן מיט געדיכטע וואָלקנס, וועלכע דער ווינט האָט געטריבן פון צפון. אין דרויסן האָט געשיט אַ שניי מיט פוכיקע ווייסע פלאַטן ווי גענדזענע פעדערן. אינעם קליינעם שטיבל אויף דער וואַרישער פאָרשטאָט ביים חבר יוזעף קאַטשקאָווסקי זענען געזעסן די חברים פון ראַיאָן=קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. זיי האָבן באַאַרבעט אַן אויפרוף אין דער פאָרם פון אַ פּראָטעסט=בריוו צום אינערן=מיניסטעריום קעגן דער פּאַציפיקאַציע פון די דערפער.

זיי האָבן באַשלאָסן איין עקזעמפּליאַר טאַקע איבערשיקן אין אינערן=מיניסטעריום. געשריבן האָט דער חבר וויטשיצקי. ער האָט זיך געגעבן מי, עס זאָל אַלץ זיין גענוי און דייטלעך, יעדעס וואָרט, יעדעס אות, ווי געדרוקט, כאָטש דער בריוו האָט געמוזט איבערגעשריבן ווערן. אַזאַ געווינשאַפט האָט ער שוין געהאַט. אַלע איבעריקע זאַכן האָט אויף זיך גענומען צו דערלעדיקן דער חבר קאַזשימיעזש וורהאָנסקי, דער סעקרעטאַר פון ראַיאָן=קאָמיטעט אין וואַריש.

— ביי מיר איז צום זיכערסטן — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל
— ווער וועט דאָס גיין זוכן צום מיניסטראַנט פון דעם גלח בריטשקאָווסקי פּראָטעסט=בריוו?!

נאָך די זעלבע נאַכט איז דער בריוו איבערגעשריבן געוואָרן דורך וורהאָנסקין, און יאַן קישילעוויטש איז מיט אים אַוועקגעפאָרן קיין כאָראָבראָוו און אים דאָרט אויפגעגעבן אויף דער פּאָסט.

דער ווינטער איז געווען אַ קאַלטער, די טעג טריבע, די חברים זענען געווען פאַרזאָרגט אין טאָג=טעגלעכע זאָרגן, אייגענע און פרעמדע, און אַלע האָבן אינעם בריוו ווי פאַרגעסן.

נאָר דער אויספֿאָרשונגס־אַמט האָט נישט גערוט. ער האָט גלייך געשאַפֿן קאָפּיעס פֿון דער האַנטשריפֿט און זיי אַרויסגעשיקט צו אַלע פּאָליטישע אָפּטיילונגען פֿון דער פּאָליציי אין גאַנץ סעקאַלער פּאָוויאַט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעוויזיעס און קאָנטראָלן.

אין אַ שיינעם אָווונט איז אין פּראָפּעסיאָנעלן בוי־פֿאַריין אין וואַריש געקומען דער פּאָליציאַנט פֿאַר פּאָליטישע ענינים — דול. ער האָט מיט אַ צביעותדיקן שמייכל געזאָגט, אַז די מאַכט וויל וויסן וואָס פֿאַרא פֿאַרלאַנגען האָבן מיטגלידער פֿון פֿאַריין, וואָס שרייבן זיי אין די בריוו צו דער פֿאַרוואַלטונג... און צוגענומען די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. קיינעם איז נישט איינגעפֿאַלן, וואָס דאָ קומט פֿאָר...

דול האָט זיך אַפֿילו באַצויגן גאַנץ סקעפּטיש צום גאַנצן ענין. הונדערטער בריוו און פּראָטאָקאָלן לייענען. אָבער אַז עס איז דאָ אַ באַפֿעל, מוז מען זוכן, און זיינע צוויי אויסגעבאַלעטע, קאָלירלאָזע אויגן האָבן גענישטערט, געזוכט, געבלעטערט, פֿאַרגלייכט מיט דער קאָפּיע.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז צווישן די פּאַפּירן זאָל זיך האָבן פֿאַרוואַלגערט אַ בריוו פֿון וורגאָנסקין. דול האָט באַמערקט די ענלעכקייט פֿון כתב. זיין פּנים איז אַזש געוואָרן אויסגעצויגן פֿון פֿאַרוואונדערונג.

דער קאָמענדאַנט סכאַב האָט אָבער באַלד געפּסקנט: — איר זענט אייך טועה, מיינע הערן, דאָס איז דאָך אונדזער מיניסטראַנט פֿון גלה בריטשקאָווסקי!... אָבער ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט מען ביידע פּאַפּירן איבערגעשיקט צו דער העכערער מאַכט...

איבעראַשט זענען געווען די חברים, ווען זיי זענען געקומען אָפּנעמען די דאָקומענטן. די פּאָליציאַנטן זענען געווען זייער העפֿלעך. דאָס האָט נאָך מער צעטומלט די חברים. זיי האָבן בשום אופֿן נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס אַזוינס זוכט די פּאָליציי. קיינער האָט נישט געקאָנט געבן קיין ענטפֿער.

אָבער נישט לאַנג האָט מען זיי געלאָזט וואַרטן. דער דאָקומענט איז דערווייל מיט אַ דינסטלעכן וועג אָנגעקומען צו גראַפֿאָלאָגן, וועלכע האָבן גלייך פֿעסטגעשטעלט, אַז דעם בריוו צום אינערן־מיניסטעריום האָט געשריבן קאַזשימיעזש וורגאָנסקי...

וורגאָנסקי איז דעם טאָג פֿריער אויפֿגעשטאַנען. עס איז געווען נאָך במעט פֿינצטער אין דרויסן. דער פֿרימאָרגן האָט געברענגט מיט זיך אַ שנייאיקע זאַווייערוכע, אַרום האָט זיך געהערט דאָס סקריפּען פֿון די שיך אויף דעם פּראָסטיקן שניי, וועלכער האָט געבלישטשעט ווי דימענטן.

פרויען זענען געלאָפן מיט הילצערנע שקאַפּיקלעך מעלקן די קי אָדער צום ברונעם נאָך וואַסער.

ווראָנסקי האָט געלייענט פאַרטייאישע ליטעראַטור, זיצנדיק איינגעבויגן ביי אַ קליין נאַפט=לעמפל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש. אין שטוב זענען אַלע געשלאָפן. בלויז די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט ביי דער קיך און צוגעגרייט עפּעס אויף פרישטיק. פלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר, און דאָס קליינע שטיבל האָט זיך פאַרפולט מיט פאָליציי... דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז עס איז אפילו נישט געווען די קלענסטע מעגלעכקייט צו באַהאַלטן די בלעטלעך, וועלכע דול האָט ביי אים אַרויסגענומען פון דער האַנט. איצט זענען שוין נישט געווען קיין שום ספקות. עס איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע אין גאַנצן הויז. מען האָט אָבער מער גאָרנישט געפונען.

קאַזשיק האָט זיך רואיק געזעגנט מיט זיין היים.

די ידיעה וועגן ווראָנסקיס אַרעסט האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן שטעטל. מענטשן האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט: — קאָמוניסטישע ליטעראַטור ביים גלח בריטשקאָווסקיס מיניסטראַנט?!...

קיינער האָט נאָך דעמלט נישט געוווסט די אמתע סיבה פון זיין אַרעסט. דער גלח בריטשקאָווסקי האָט נישט גערוט. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט גלייבן, אַז זיין קאַזשיק, אין ווייסן העמדל, מיט די אַרומגעזוימטע קריינדעלעך, וואָס האָט אים אין קלויסטער צוגעהאָלפן ביי די תפילות, זאָל זיין אַ קאָמוניסט.

אויך אין קלויז האָט מען וועגן דעם געשמועסט מיט שטוינונג.

— אַ קלייניקייט — האָט געזאָגט ישראל=חיים — אַז די מגפה האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער טומאה אַריין, איז שוין טאַקע עק וועלט. ס'איז טאַקע נישט להבדיל און צען מאָל להבדיל, טפו, טפו, טפו! — האָט ער אויסגעשפּיגן דריי מאָל — קיין יידיש כלי=קודש, אָבער דאָך, עס איז דאָך פאָרט אַ בית=תפילה פאַר די אומות העולם. געלויבט זיין ליבער נאָמען, וואָס ס'האָט קיין ייד נישט געטראָפן — האָט ער אויפגעהויבן ביידע אויגן צום הימל.

— מען שמועסט — האָט זיך אָנגערופן שיעלע הערש ליפּעלעס — אַז ער פלעגט גיין אונטערן זיידענעם בעטל לעבן גלח און קלינגען מיט די זילבערנע גלעקלעך.

ווראָנסקין האָט מען דערווייל איבערגעפירט קיין סעקאל, ווו עס איז פאָרגעקומען די ערשטע אויספאָרשונג. אַ מיטלוווקסיקער, ברונעטע־

אַגענט מיט שיין צוגעשפּיצטע ענגלישע וואָנסעלעך און שפּיציקע אייגעלעך ווי ביי אַ מויז האָט אים געשטעלט די ערשטע פֿראַגן וועגן דעם פּראָטעסט־בריוו.

די אויספֿאָרשונג אין סעקאל האָט געדויערט פֿינף טעג און נעכט... דאָס זענען געווען פֿינף אייביקייטן — פֿון שרעקלעכע פּייניקונגען. ווראַנסקי האָט געטענהט איינס, אַז דאָס איז נישט זיין האַנטשריפֿט...

אַ האַלב־לעבעדיקן האָט מען אים איבערגעפֿירט אין דער לעמבערגער תּפֿיסה, אין די אַזוי גערופֿענע „בריגידקעס“.

דאָ אין דער קאַמער איז ער פֿאַרבליבן זעקס גאַנצע וואָכן... איינער אַליין, מיט די פֿיר נאַסע און שווייגנדיקע ווענט... איינער אַליין, מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין יוגנט, מיט זיין לעבן ביי זיי טאַטן דעם אָרעמען שוסטער, ווו נישט שטענדיק איז געווען ברויט צו דער זעט...

ער האָט באַטראַכט שוין צום וויפֿלטן מאָל זיין קאַמער, דעם טאַבאַרעט, אויף וועלכן עס זענען געווען פֿאַרשידענע צייכנס פֿון געזעסענע שוין פֿאַר אים חברים, דעם שטרוי־זאַק מיט דער צעריבענער שטרוי ווי שעטשקע, די פּאָליצע אויף דער נאַסער וואַנט, דאָס בעטל וואָס איז געווען ביי טאָג צוגעשלאָסן צו דער וואַנט, די קראַטעס, דורך וועלכע מען האָט געקאָנט זען בלויז אַ קליין שטיקעלע הימל — דער איינציקער פֿאַרבינדעטער מיט דער פֿרייער וועלט.

אַזוי זענען פֿאַרביי זעקס לאַנגע וואָכן...

די אויספֿאָרשונג האָט אויך דאָ נישט מער געגעבן... כאָטש זי איז געשטאַנען אויף אַ „העכערן“ שטאַפּל, ווי צום ביישפּיל צובינדן די הענט אויף אונטן צום בענקל, די פֿינגער אַריינטאָן צווישן דער טיר, אַריינשטעלן העלצלעך צווישן די פֿינגער... קאַזשיק איז געבליבן דער זעלבער — נישט זיין האַנטשריפֿט...

און ווידער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן נייע צרות. עס פֿאַלט אַריין דער פּאַרטייאישער אַרכיוו פֿון כעלמער קרייז. עס הייבן זיך אָן נייע אַרעסטן, וועלכע מיידן נישט אויס וואַריש.

אין אַ שיינער פֿרילינגס־נאַכט ווערט דאָס שטעטל באַלאַגערט פֿון אַ מחנה ציווילע און מונדירטע פּאָליציאַנטן פֿון דער מאַסטער־שול און מען קערט איבער דאָס שטעטל, ווי מען זאָגט, האָרען־קאָרען, מען רייסט אַרויס פֿון די געלעגערס.

עס פֿאַלט אַן אימה אויף דער גאַנצער באַפֿעלקערונג.

...אין קייטן שטייען שוין געשמידט איינער צום צווייטן, בראָנעק וויטשיצקי, יוזעף גרוצא, יאַן קישילעוויטש, יוזעף וועגזשאָווסקי, יוזעף סאָקאָלאָווסקי, באַזילי מאַרטשיניוק, די ברידער ניזשניק, יוזעף קאַטשקאָווסקי, די וועלכע מען האָט אַהער געברענגט פון טאָמאַשאָווער פּאָוויאַט — גזשעשיאַק און וואָיטאָוויטש און אויך דעם לאַשטשעווער רבס אייניקל — אסתר גלאָז.

אין שטעטל איז געווען תשעה באב. יידן האָבן געוויינט ביים דאַווענען, ווי ביי קינות אין שול, בעטנדיק ביים אייבערשטן, ער זאָל אָפּטון דעם צאָרן פון מלכות, וועלכן ער האָט אויסגעגאָסן אויף זייער זינדיקער שטאָט.

אַ טרויער האָט אויך באַהערשט די קריסטלעכע גאַס. פרויען און קינדער האָבן געליאַרעמט. מענטשן, האַלב אָנגעטאָן, זענען געגאַנגען באַגלייטן זייערע מענער, ברידער, פריינד און באַקאַנטע. ווי אין אַ גרויסן לויה-צוג האָבן מארשירט פארברידערט אין טרויער אוקראינער, יידן און פּאָליאַקן העט ווייט הינטער דער שטאָט.

מען האָט זיי אַריבערגעפירט קיין לעמבערג.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונגען... מען האָט ווידער געפרעגט וועגן פּראָטעסט-בריוו און וועגן ווראָנסקין. קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, סיי די וואָס האָבן באמת נישט געוווּסט, סיי די וואָס האָבן יאָ געוווּסט...

ווראָנסקי האָט באַקומען זעקס יאָר תפיסה.

מיט ביטערע טרערן האָט זיך באַגאָסן די אַלטע מאַמע, וואָס האָט איבערגעלאָזט הינטער די פינצטערע ווענט איר עלטסטן זון און פּרנסה-געבער, נישט וויסנדיק, צי זי וועט נאָך דערלעבן דעם טאָג אים צו זען אויף דער פריי...

אַנדערהאַלבן יאָר תפיסה האָט באַקומען אסתר גלאָז. ווען איר פּאָטער, פייוול, דער ייד, דער למדן, האָט געטראָפן אייזיקלען און אים איבערגעגעבן די ידיעה, האָט ער אַ וויש געטאָן די אויגן, אָבער גלייך צוגעגעבן: — זי האָט זיך געהאַלטן ווי ס'קער צו זיין...

ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין טאָכטער.

## קאפיטל 36

# דער שמועס אויפן בענקעלע אונטערן גאז־לאמטערן

ביידע ציוניסטישע פארטייען, „התאחדות“ און „גורדוניה“ האבן ווי אומיסטנע געמאכט זייערע לאקאלן אינעם הויז פון דער אקושערין באיארסקא, וואס איז געשטאנען אנטקעגנאיבער דער ווארישער קלויז.

דער קאמף, וואס האט זיך געצויגן צווישן די מענטשן פון די צוויי געביידעס איז געווען להשמד ולהרג.

— נו, זאג אליין, באסקל, ווי גאט איז דיר ליב — האט זיך אויסגערעדט האס הארץ ר' שלום מנשהס — האט מען דען אזויגס אמאל געזען? ווען יידן גייען אין קלויז אריין, גייען זיי להבדיל אין זייער פארייין מיט בתולות און מען האלט דרשות. און אלץ איציקל אונגער, אוי ווייי! דער איציקל! — האט ר' שלום פארבראכן ביידע הענט — אזא ווויל יינגל אמאל געווען... און גראד שבת, ווען מען זינגט זמירות אין קלויז, עפענען זיי אויף די פענצטער און הייבן אן להבדיל צו בעטשען. מען זיצט אין דער פינצטער, ארומגענומען מיט בתולות און מען בעטשעט גויאישע לידער. נישט אומזיסט שיטן זיך אזויפיל צרות אויף יידן. זיין ליבער נאמען וועט דען דאס אלץ שווייגן?...

— ס'קאן נאך אמאל אויסברעכן א מגפה — האט שטיל אונטערגעזאגט באסקעלע.

— ווער ווייסט, וואס עס קאן חלילה זיין? — האט ר' שלום צוזאמענגעצויגן ביידע אקסלען, אנשפארנדיק זיינע הענט אויף די קני...

פון דרויסן האט זיך דערהערט דאס ליד:

א, וואס קלינגט איר קירכן־גלאקן,

הערט שוין אויף, גענוג געשראקן!...

די חסידים זענען אויפגעשפרונגען אויף די בענק און טישן און אנגעהויבן צו פארמאכן די פענצטער פון קלויז.

— איך זאָג דיר, כאַסקל, אַז ס'איז עק וועלט! מיין טאָכטער פייגען געפעלט שוין אויך זייער בעטשען, און מיין אשה הענע־גאָלדע — האָט זיך ר' שלום אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרץ אַריין — זאָגט דערצו גאָר־נישט...

— אַזוי, אַזוי, וואָס רעדסטו, שלום? — האָט כאַסקל פאַרוואונדערט זיך אָנגערופן, כאַפּנדיק דערביי א ביס פון דער בולקע מיט דעם פיש־קיילעכל — מען מוז רעדן מיט עזריאלן. ס'איז דאָך א חילול השם, אַזוי־נע זאַכן, רחמנא ליצלן!

— טאַקע גערעכט, מיט עזריאלן. נאָך היינט, גלייך נאָך הבדלה, גיי איך צו אים.

דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל עס איז אָנגעקומען די ריי רב כאַסקעלע זאָל זינגען „כי אשמרה שבת אל ישמרני".

נישט איינמאָל איז שוין געלאָפן א דעלעגאַציע פון חסידים מיטן קהילה־פרעזעס עזריאל רייזמאַן בראש צו דער וואַרשער מאַכט מיט א ליאַרעם, הלמאי זי דערלאָזט דערצו, אַז מען זאָל בפרהסיא שפּאָטן פון גאָט און פון לייט און ברעכגען שאָדן דעם מלכות.

עזריאל איז געווען זייער א באַליבטער מענטש ביי דעם וואַרשער פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ביי יעדן מלוכה־יום־טוב, ווי ביי סיים־וואַלן פלעגט עזריאל אָפּהרשענען זיין באַליבטע רעדע, פון וועלכער מען האָט זיך גע־האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

אין קלויז פלעגן זיך דעמלט פאַרזאַמלען די שטאָט־פּני, דער קאָ־מענדאַנט, דער עלטערער סערזשאַנט סכאַב, דער דירעקטאָר פון דער שול, מילאַנאָווסקי, דער אַלטער אַפּטייקער מיט זיין צוויקער אויף דער נאָז, וועלכער פלעגט וועקן גרויס דרך־ארץ ביי די פרומע ווייבער; עס פלעגט אויך קומען דער קאָמיסאַרישער בירגערמייסטער טורטשין און נאָך ענלעכע לייט.

די רעדע פלעגט עזריאל האַלטן אין פּויליש, כאָטש ער האָט שוואַך געקענט די שפּראַך. אין א געזעלשאַפט, אַז מען האָט זיך געוואָלט א ביסל פאַרוויילן, פלעגט אייזיקל איבערחזרן עזריאלס רעדע. מען פלעגט זיך קאַטשען פאַר געלעכטער...

די מחלוקת צווישן די חסידים מיט די ציוניסטן איז אָנגעגאַנגען. פאַרשטאַרקט האָט זי זיך דאָס יאָר, ווייל עס זענען פונקט אונטערגע־

קומען וואַלן צום סיום. די הענגלייכטער אין קלויז זענען דעמלט געפֿלויגן ווי די פֿייגל, קיין איינציקע העסע איז אין זיי נישט געבליבן. ווי די אָפּגעפּליקטע געענדז זענען זיי געבליבן הענגען. די קולות פֿון די חסידים האָבן זיך געטראָגן, ווי מען וואָלט ווייניקסטנס אַ העלפֿט פֿון זיי אויסגעשאָכטן. אין דער אמתן האָבן זיי באַקומען עטלעכע סטוסאַקעס און אַ פּאָר קאַפּעלושן זענען בעת־מעשה אַראָפּגעפֿלויגן.

— אַזוינע שקצים, אַזוינע שקצים! — האָט געהאַלטן אין איין שרייען רב שלום מנשהס — ציוניסטישע רעדעס אין אַ מקום קדוש! צי האָט מען אַזוינס געהערט, הייליקער טאַטע?!

אָבער דאָס איז שוין געווען גענוג, אַז עזריאל זאָל ברענגען פּאָליציי, כּדי צו באַרויִקן די חסידים און אַרעסטירן עטלעכע בחורים. דאָס איז גראָד אויסגעפֿאַלן שבת. און דאָס האָט טאַקע איבערפֿולט דאָס מעסטל. זייבער האָבן געוויינט אויפֿן גרויסן אומגליק. די חסידים זענען געלאָפֿן צו עזריאלן ווי די פֿאַרסמטע מייז. ס'איז דאָך אַ חילול השם. ווי האָט מען געקאָנט דערצו דערלאָזן?!...

עזריאל אַליין האָט זיך געשלאָגן חטאתי, אָבער איצט איז שוין אַלץ פֿאַרפֿאַלן, און אַלץ פֿאַרשפּילט...

די גאַנצע שטאָט פֿון קליין ביז גרויס האָט באַגלייט די צוויי פֿורן מיט די אַרעסטירטע בחורים ביז צום וואַרישער וואַלד, יונגוואַרג, ציוניסטישע און קאָמוניסטישע האָט געשריגן, פּראָטעסטירט.

דער סך־הכּל איז אָבער געווען פּונקט אַ פֿאַרקערטער. דאָס „איינסל", דער נומער פֿון דער רעגירונגס־ליסטע, האָט געקריגן צום ווייניקסטן שטימען. געשטימט האָבן אַלע, ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די גרעסטע צאָל שטימען האָבן באַקומען די קאָמוניסטן. דאָס איז געווען דער סימן פֿון דער צייט. מיטגלידער פֿון „התאחדות" און „גורדוניה" האָבן אָנגעהויבן צו סימפּאַטיזירן מיט דער קאָמוניסטישער אידעע, זיי האָבן זיך באַשטייערט פֿאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. אַפֿילו צווישן „מזרחי" האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע, וועלכע האָבן געגעבן אויפֿן „מאָפּר", למשל, אַזאַ ייִד ווי זכריה ליפּערמאַן.

די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצוברענגען רעדנער פֿון אַנדערע שטעט, כּדי צוריקצוהאַלטן דעם שטראָם פֿון איבערלויפֿער צו די קאָמוניסטן. קאָמוניסטן האָבן אויפֿגענומען דיסקוסיעס אין ציוֹ=

ניסטישע לאָקאַלן. אַ ציוניסטישער פּרעלעגענט האָט אַמאָל אָנגעגריפן דעם ראַטנפאַרבאַנד, איז גלייך געוואָרן אַ גרויסער טומל. אייזיקל האָט געבעטן אַ וואָרט. דער רעדנער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן דערצו; געדראָט מיט פּאָליציי. דאָס האָט פאַרשטאַרקט דעם טומל. דער עולם האָט פאַרלאַנגט אייזיקל זאָל רעדן. און אייזיקל האָט גערעדט.

מיט גרויס ברען האָט דער יונגער בחור גערעדט, אָפּשלאָגנדיק די אַטאַקעס פון פּרעלעגענט מיט פאַקטן פון דעם אייגענעם שטעטל. ער האָט אָנגעוויזן אויפן עלנט און נויט פון די וואָרישער ארבעטער, בעלי-מלאכות, קליינהענדלער. ער האָט גערעדט וועגן לעבן פון יידישע שניידער, פון מגליער בערעלע צביהם, פון שוסטער מאַריץ קריצער, פון קליינעם אשר פון די באַראַקן. אייזיקל האָט אויסגענומען.

די דיסקוסיע איז נאָך לאַנג אָנגעגאַנגען שפּעטער אויף די געסלעך פון קליינעם שטעטל, ווען דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

צוזאמען מיט אייזיקלען איז ארויסגעגאנגען איציק אונגער. זיי זענען איצט געזעסן אויף דעם קליינעם בענקעלע, נעבן גאַז-לאַמטערן, וועלכער איז געשטאַנען ביי יוחנען לאבאַנס ברונעם, און פאַרגעזעצט דעם וויכוח.

ס'איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל. זיי זענען געווען שכנים, צוזאַמען דערצויגן געוואָרן. יעדער האָט געשטרעבט צו גיין מיט זיין שכן אויף איין וועג, אים אַריבערציען אין זיין לאַגער... אָבער זיי פלעגן זיך פאַנאַנדערגיין מיט גאָרנישט...

פונדערווייטנס האָט זיך געהערט אַ געזאַנג. דאָס האָבן אוקראַינישע בחורים און מיידלעך פון וואָרישער פאָרשטאָט געזונגען. די קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן אין דער שטילער נאַכט; אַמאָל פונעם גאַנצן כאָר, באַלד ווידער, בלויז פונעם סאָלאָ-זינגער.

„שוויטע זאריאַ וועטשערנאַיאַ,
שטשאָ נאַד ראַנקאָם סייאיע...
אוי, דעש טי שיאַ, מי מילענקי,
אוי, דעש טי שיאַ זביראַיעש?..

הערט זיך דער מעכטיקער טענאָר פון יאַש האָלישעווסקי...

די חברים האָבן אַ ווייל זיך איינגעהערט איגעם ליד, און געזעסן אַן ווערטער...

—דאָס ליד האָט דיך געריהרט — האָט איציק איבערגעריסן די שטילקייט — מיך אויך... לידער, מוזיק, געזאַנג שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן פון אַ פאָלק. די יידישע לידער זענען פול אומעט, פול טרויער, מעלאַנכאָליע דריגגט אַדורך יעדן ניגון, יעדן געזאַנג... די לידער פון אונדזערע שכנים האָבן מער פרייד. זיי באַזינגען די ערד... און מיר? מיר זענען איינגעהילט אין שלייער פון גלות...

— גלות, זאָגסטו? רעדסט דאָך ווי חיים ראַווער... וואָס זשע פאַרא חילוק איז צווישן אייך? די שכנים האָבן ערד, זאָגסטו? די, וואָס זינגען, האָבן נישט קיין ערד. די ערד איז ביים פריץ. און דער פריץ האָט געמאַכט יד־אחת מיטן פאַבריקאַנט אשר קאַן, וואָס לעבט פונעם שוויים אויך פון יידישע ארבעטער. אָט ווו עס גייט די ליניע: נישט צווישן פאָלק און פאָלק, נאָר צווישן קלאַס און קלאַס.

— האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען: ערד — מיין איך נישט פשוט ערד, נאָר לאַנד. זיי האָבן זייער לאַנד און מיר זענען אין דער פרעמד...

— ביסט ווידער נישט גערעכט. דאָ, וו מיר וווינען, איז אונדזער לאַנד. אויסקעמפן סאָציאַלע פרייהייט פאַר די אַרבעטנדיקע — הייסט דעראָבערן דאָס לאַנד אויך פארן יידישן פראָלעטאַריאַט. און די יידישע פאָלקס־מאַסן דאַרפן געבן זייער צושטייער אינעם דאָזיקן וועלט־געראַנגל. אונדזער אידעע איז ווי אַ גאָלדענע קרוין איבער דער וועלט. יעדעס פאָלק איז אַן איידלשטיין, וואָס האָט זיין אייגנאַרטיקן בליאַסק...

— דאָס איז זייער שיין געזאָגט, ס'איז אפילו פּאַטעטיש, אָבער דער יידישער איידלשטיין וואַלגערט זיך אַרום, האָט נישט זיין אָרט. וואָס זשע פאַרא נוצן האָט פון אים די קרוין?...

דאָס קליינע שטעטעלע וואריש איז געווען פארזונקען אין טיפן שלאָף. מיר און פענצטער זענען געווען געשלאָסן. בלויז די זילבערנע לבנה האָט זיך יעדעס מאָל ווי אַרויסגעגנבעט פון אונטער די וואָלקנס, כדי אונטערצוהערן דעם אינטימען שמועס פון די צוויי יונגע מענטשן, וועלכע עס בינדט די שכנות פון זייערע הייזלעך און עס טיילן די געדאַנקען...

לאַנג זענען נאָך די צוויי יידישע בחורים געזעסן אויף דעם בענקעלע נעבן גאַז־לאַמטערן און געזאָרגט — איינער פאַר דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט און דער צווייטער בלויז פאַר זיין אייגן פאָלק...

אַ פריש ווינטל האָט אָנגעהויבן בלאָזן. עס שווימען אָן נייע וואָלקנדלעך אויפן הימל, וואָס פאַרשלינגען די ווינקענדיקע און בלישטשענדיקע

שטערן פון דער זומערדיקער נאכט. אויך די לבנה באַהאַלט איר פּנים און וויל נישט מער קוקן אויף דער פינצטערער וועלט געכּדעם, ווי זי האָט אונטערגעהערט דעם טרויעריקן און האַרציקן שמועס אויף דער ערד.

דאָ און דאָרט הייבן זיך אָן באַווייזן ליכטלעך אין די קליינע פענצ־טערלעך פון יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע מוזן פרי אויפשטיין, כדי האָם שטיקל ברויט פאַר דעם הויזגעזינד צו פאַרדינען...

## קאפיטל 37

# אויס מיט דער שפיל אויף דער סצענע, אויס מיטן לעבן...

אין קלויז איז אַ רעש, אַ טומל. ביי דער מזרח־וואַנט דרענגט זיך אַ רעדל יידן, מיט וועלכע עס פירט אָן רב שלום מנשהס און פּאַלעק. איינער טוט דעם צווייטן איבערשרייען, כדי צו באַווייזן זיין גרויס פרומקייט. אָבער איבער אַלע שטייט רב שלום. אפילו זיין „אייסעד וואָס און אייסעד ווען" — האָט היינט אַ טיפערן זין.

רב שלום מנשהס איז טאַקע אַ בכבודיקער ייד, אַ יחסן, מיט אַ שיין געוועלב אין מיטן מאַרק, זיין וואָרט אין קלויז און ביי קהל האָט אַ וואָג, נאָר אין די „הויזן" גייט זיין ווייב, העניע־גאָלדע. זי פירט דאָס געוועלב, פאָרט קיין לעמבערג נאָך סחורה; ווייסט ווען דאָלקען דעם פּאָליציאַנט אריינצושטופן אַ פּאָר גראָשן אין דער יד אריין, ער זאָל איר צו וויסן געבן, ווען עס קומט דער אינספּעקטאָר קאָלאָנסקי פון סעקאַל, כדי צו באַשטימען די פּאָדאַטקעס פאַר די געוועלבער אין שטעטל; ווייסט ווען אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר זלאָטעס אויף אַ שוואַרצער שעה און נאָך ענלעכע היים־זאַכן... זי, העניע־גאָלדע, הייסט שלומען זיצן אין קלויז ביי דער גמרא און לערנען. — איך וועל זאָרגן דאָ, פאַר דער וועלט — פלעגט זאָגן צו אים העניע־גאָלדע — און דו, שלום, פאַר יענער וועלט, פאַר דעם עולם האמת, זע צוצוגרייטן אַ בכבודיק אָרט טאַקע פאַרביידע...

אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. רב שלום איז געזעסן יום־ולילה אין קלויז און געלערנט, אַמאָל אויך צוגעהאָלפן אַ בחור ביי אַ שווער שטיקל גמרא מיט תוספות; שבת נאָכן טשאָלנט געלערנט מיט יידן מדרש, אָבער צו אנדערע זאַכן — ווי ער פלעגט זאָגן אַפּיקורסישע — האָט ער זיך נישט געמישט. — אייסעד וואָס, אייסעד ווען — פלעגט ער צוגעבן און זיך צוריקגעוואַנדן צו זיין גמרא.

נאָר היינט איז שוין עפּעס אנדערש. דאָס איז שוין נישט קיין זאַך

פון קיין יחיד. אַ קלייניקייט, מען גרייט זיך צו פירן אַ מלחמה מיט דעם שר־העליון!

— גיי, פאַלעק, גיי, איך הייס דיר, רב משהלע גיט אויך זיין הסכמה — ווייזט ער מיטן קאָפּ אויפן מורה־הוראה.

— יאָ, יאָ — האָט געענטפערט רב משהלע.

צוויי שטאַרקע קלעפּ מיט דער האַנט אויף אַ סידור, וואָס איז גע־לעגן אויף דעם באַלעמער, האָבן אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער קלויז.

— רבותי — האָט זיך געהערט דאָס הייזעריקע קול פון פאַלעקן — איך בין אייך מודיע מדעת הרב ומדעת הקהל, אַז מען וועט היינט נישט אויסנעמען צום לייענען די ספר תורה, ביז ס'וועט נישט אַנטרינען די מגפה...

אַלע בליקן האָבן זיך געווענדט צו אים. מענטשן האָבן זיך אָנגע־הויבן שושקען, יונגעלייט האָבן גענומען צוזאַמענלייגן די טליתים, אָבער קיינער האָט נישט געוווסט געגוי, אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— אַן אסיפה — האָט מען זיך בלויז איבערגעגעבן פון מויל צו מויל.

הערש ליפּעלעס און שיע אברהם אזשעס האָבן גלייך אַרויסגעשיקט שליחים אַהיים, צו די ווייבער, זיי זאָלן נישט עפּענען דעם טשאָלנט, ווייל מען וועט היינט שפּעטער אַהיימקומען פונעם דאַווענען.

די ייִנגלעך זענען טאַקע בליץ־שנעל געלאָפן איבערגעבן די ידיעה וועגן דער אסיפה, וואָס קומט פאָר אין קלויז.

די נייעס האָט זיך גיך פאַרשפּרייט איבערן שטעטל. ווייבער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און אין האַרצן געהאַט אַ שטילע טענה צום רבונו של עולם, הלמאי זיי זענען נישט קיין מאַנספאַרשוינען און קאָנען נישט אַנטיילנעמען אין דער אסיפה, וואָס דאַרף זיך אַרויסזאָגן וועגן אַזאַ וויכ־טיקן ענין.

פון אַלע בתי־מדרשים האָט מען אָנגעהויבן צונויפצוגיין זיך אין קלויז אַריין, און אויך די יוגנט, וואָס האָט שוין געוווסט וועגן וואָס די חסידים וועלן היינט ליאַרעמען. ווייל פרייטיק־צונאַכטס ביים עסן האָט שוין פאַלעק אָנגעהויבן מיט זיין זון רפאל וועגן דעם צו שמועסן...

— דיין זון איז דער גאַנצער גדול! — האָט געשריגן ר' שלום מנשהס צו הענדל שימעלעס, וועלכער האָט נאָר צעלייגט די הענט און אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, ווי איינער רעדט: — וואָס קאָן איך טאָן? אדרבא, גיב אַן עצה.

— מ'דאַרף זיי עוקר מן השורש זיין! — האָט זיך געריסן הערש גרינער מיט זיין קוויטשענדיק קול. זיין טאָכטער יהודיתל איז אויך געווען אַ מיטגליד פון פאַריין, איז ער פאַרלאָפן די פיש פאַר דער נעץ.

אפילו שטילע יידן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט, האָבן אויך זיך היינט געהיצט און געשריגן. נאָר מיטאַמאָל איז געשען אַזוינס, וואָס קומט זעלטן פאָר ביי אַן אסיפה. רב הערש חיים כולעס איז צוגעגאַנגען צום עמוד און געגעבן צוויי קלעפּ מיט זיין שווערער האַנט אויפן סידור. רב הערש חיים כולעס איז געווען אַ ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד און פאות, א ייד אַ למדן און פון די ערשטע גמרא־מלמדים אין שטעטל. אז ער האָט שוין געגעבן א געשריי „שאַ, שאַ!“ און נאָך אַ קלאַפּ געטאָן אין סידור, זענען טאַקע אַלע מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, ווייל מען האָט געוווסט, אַז איצט וועט עפּעס זייער וויכטיקס פאָרקומען...

און אזוי איז טאַקע געשען. אויף די טרעפּ פון דעם ארון קודש האָט זיך באַוויזן דער מורה הוראה רב משהלע אַליין. איינגעהילט אין זיין טלית, צוהאַלטנדיק אים מיטביידע הענט ביי זיין פּנים, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו קוקן אויף דער זינדיקער וועלט, איז ער געשטאַנען איינגעבויגן אין צווייען און אינגאַנצן געציטערט.

— רבותי — האָט ער אָנגעהויבן מיט א וויינענדיק קול — ס'ברענט אַ פייער, יידן, ס'ברענט! — זיין קול האָט אָנגעיאָגט אַ פּחד אויף די חסידים, און זיי האָבן זיך, ווי ביימער אַרומגעכאַפּט פון אַ ווינט, אָנגעהויבן צו שאָקלען...

— אַ מגפה האָט זיך נעבעך אַריינגעכאַפּט צום יידישן פאָלק — האָט ער אַ טיפן זיפץ געטאָן — מען טוט זיצן אין דער פינצטער, אויסנוצנדיק דעם שלוש סעודות, אין די פאַריינען, אינאיינעם בחורים מיט בתולות, מען טוט חוזקן פון גאָט, מען טוט מאַכן בילדער. יידן! עס ציטערן די ש"י עולמות!... און איצט גרייט מען זיך צו שפּאָטן פון גאָט, פון דער הייליקער תורה און אונדזערע נביאים. זיי גייען שפּילן טעאַטער!... — די ווערטער זענען געווען ארויסגעזאָגט מיט אן אויסגעצויגן קול און מיט אַ געוואַלדיקער אימה. די טרערן האָבן אים אָנגעהויבן צו שטיקן, ער האָט נישט געקאָנט מער אַרויסברענגען קיין וואָרט.

דעם קליינוווקסיקן מורה הוראה האָבן צוויי חסידים גיך אָנגעכאַפּט אונטער די אָרעמס און אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ צוריק צו זיין שטאָט ביי דער מזרח־וואַנט.

אין קלויז האָט איצט געקאָכט ווי אין אַ קעסל...

— האָט עץ געהערט אַ וועלט, וואָס איז געוואָרן! — האָט געשריגן רב חיים ראַוווער — אייזיקל לייבושעס און יאנקל שמואל שמש האָבן געוואָלט מאַכן פּילסודסקין אויס מלך, און איצט האָט זיך זיי פּאַר־גלוסט אַ פּרעזידענט... — און אויסגעשפּיגן דריי מאָל.

— ערגער ווי חזיר, רחמנא לצלן! — האָט געדרייט מיטן קאָפּ שיעלע בטלן, לויפנדיק פון איין רעדל צום צווייטן.

— יידן, אויף קידוש השם לאָמיר גיין און דערצו נישט דערלאָזן! — האָט זיך געהערט דאָס קול פון פאַלעקן איבער דער גאַנצער קלויז.

פאַלעק האָפּנער איז טאַקע נישט געווען קיין גרויסער למדן, אָבער אַ ייד זייער אַ פרומער, מיט אַ שטאָט ביי דער מזרח־וואַנט; פאָרט אַלע יום־טובים צום בעלזער צדיק; דערצו טאַקע אַ גרויסער סוחר, וואָס נישט איינער איז צו אים אָנגעקומען. דערפאַר האָט מען טאַקע געוווּסט, אַז רב פאַלעק זאָגט, מעג מען זיך שוין אויף אים פאַרלאָזן, ער וועט שוין באַשטימט עפּעס טאָן, און חסידים איז אַ ביסל גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן.

נאָר איין רב שלום מנשהס האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַ־רויִקן, ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן, ווי צו זיך אַליין, הייבנדיק דערביי מיט ביידע אַקסלען. — נאַדיר גאָר אַזאַ אָנשיקעניש — איציקל אונגער מיט אַ נחום וויטיץ, אַז אומגליק מיט ציוניסטן, מיט קאָמוניסטן. איין חברה, וויל נאָר מאַכן מיינס דיינס, דיינס מיינס — פון קרום גלייך און פון גלייך קרום — מילא, ס'איז שוין אַזוינס געווען. די צווייטע חברה לייקנט גאָר אין משיחן... האָט עץ געהערט אַ מעשה, ער, איציקל אונגער, וויל גאָר ווערן אַ משיח? ער מיט זיין חברה וויל גאָר אַליין גיין קיין ארץ ישראל... און צו דעם אַלעם וויל מען נאָך חוזקן פון דער תורה און מאַכן פּרעזידענטער...

— מען מוז איצט זיין זייער פאָרזיכטיק מיט די פּראָבעס — האָט געזאָגט בן־ציון ביק צו בערל שטייכל, אַרויסגייענדיק פון דער קלויז — דו שפּילסט זיך מיט אַזעלכע פּאַנאַטיקער, זיי זענען צו אַלעם פעיק...

עס איז גראָד געווען אין דער צייט, ווען אייזיקל איז צוריק אַהיים געקומען פון ראַווע רוסקע. חברים און באַקאַנטע האָבן זיך צו אים גלייך געווענדט ער זאָל אָנטיילנעמען אין דער פאָרשטעלונג.

עס איז באַשטימט געוואָרן אויפצופירן די פּיעסע פון משה ריכ־טער „יעקעלע בעל־עגלה“ און אייזיקל זאָל שפּילן די ראָל פון יעקעלען.

צו רעזשיסירן די פּיעסע האָט זיך אונטערגענומען אַ סימפּאַטישער שוואַר־צער יונגערמאַנטשיק, וועלכער האָט חתונה געהאַט קיין וואַריש מיט דער טאָכטער פון הערש לאַטשטשעווער — יונה זינגער.

דער עולם האָט טאַקע נישט לאַנג געקלערט און זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט... און מיטאַמאָל אַזאַ געשיכטע מיט דער אסיפה... מען האָט טאַקע איצט געמוזט זיין זייער פאַרזיכטיק. די פּראָבעס זענען פאַר־געקומען ביי שטאַרק פאַרהאַנגענע פענצטער. מען איז שוין איצט נישט מער אַרויסגעגאַנגען אַלע אויף איין מאָל, נאָר איינציקווייז און שטיל. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן די פאַרשטעלונג צוצוהאַלטן.

די פּראָבעס זענען נישט אַזוי לייכט געגאַנגען.

— דו זינגסט — האָט געטענהט יונה זינגער צו אייזיקלען — אַזוי האָט נישט געערדט קיין בעל־עגלה, וואָס האָט געדאַרפט פאָרן אין אַ פינצטערער נאַכט נאָך געהילץ צום וואַסער... רייזל גרינער, נחום ווייטץ, הינדע מישלער — נאָך אַמאָל ארויף אויף דער סצענע, דאָס איז נישט קיין שפּילן, אַזוי דעקלאַמירט מען אַ ליד, אָבער נישט אַזוי קומט פאַר אַ נאָרמאַל געשפּרעך צווישן מענטשן, אַ שטיק לעבן מוזט איר ווייזן און נישט שיטן ווי פון אַ זאַק...

און די חברים זענען אויפסניי אויפגעטראָטן, נאָך אַמאָל איבערגע־חזרט די האָלן... אַזוי זענען פאַרביי אַוונטן פון אומדערמידלעכער אַר־בעט פון דעם רעזשיסער און די ליבהאָבער.

עס איז שוין געווען די לעגאַליזאַציע פון דער מאַכט. משה ווייטץ און מאיר בעק האָבן שוין אָנגעהויבן סטעמפּלען די בילעטן און גענומען פאַרקויפן צווישן חברים און באַקאַנטע אין שטעטל. מלכהלע מעסער האָט זיך געמאַכט אַ ניי קליידל צו איר ראָל פון טויבעלען. אויך משה־יהודה קראַם און ביילע עלבאַום האָבן זיך שוין צוגעקליבן די געהעריקע קליידער. אַלץ איז איצט געווען אין פולן ברען...

די חסידים זענען אָבער אויך נישט געשלאָפן... זיי האָבן אין גרויס געהיים אַוועקגעשטעלט שומרים יעדן שבת, אָנהייבנדיק פון דער אסיפה אָן, אַז זיי זאָלן אויפפּאַסן, ווו עס זאַמלען זיך גרעסערע גרופּן מענטשן און דעמלט צו וויסן געבן רב שלום מנשהס אָדער פאַלעקן.

ענדלעך איז געקומען דער דערוואַרטער שבת. ביי חנה־יענטען אין הויז איז געווען אויפגערוימט דער סטאָליער־וואַרשטאַט, אויפגעבויט אַ סצענע, מיט אַ פאָרהאַנג צו פאַרציען אויףביידע זייטן. פרייטיק אַ גאַנצן טאָג האָט די יוגנט צוגויפגעטראָגן בענקלעך, אויסגעבאָרגטע ביי

פֿאַרשידענע באַקאַנטע, און אויפֿגעקלעפּט נומערירטע צעטעלעך. מען האָט אויך געמאַכט לאַנגע פֿאָרהענגלעך צו פֿאַרשטעלן די פֿענצטער, מען זאָל נישט קאָנען אַריינקוקן פֿון דרויסן.

חנה־יענטע אַליין איז געווען מלא שׂמחה. ערשטנס, וואָס מען האָט זי שוין נישט פֿאַררעכנט צו די אַלטפֿרענקישע ווייבער, ווייל זי האָט דאָך דערלויבט ביי זיך אין הויז צו מאַכן די פֿאָרשטעלונג, צווייטנס, וועט דאָך איר טאָכטער חיהלע טאַקע זען טרעיאַטער...

עס איז געווען אַ קילער פֿאַרנאַכט. אויפֿן הימל האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטערן, דער צייכן פֿאַר פֿרומע יידישע ווייבער, אַז מען מעג שוין אָנצינדן ליכט. די פֿענצטער פֿון די אַרומיקע הייזלעך האָבן זיך איינס נאָכן צווייטן באַגאָסן מיט אַ העלקייט.

פֿון אַלע זייטן האָבן גענומען גיין מענטשן צו חנה־יענטעס הויז. ביי דער טיר זענען געזעסן בן־ציון ביק און בעריל שטייכל און פֿאַרקויפֿט בילעטן.

דאָס צימער האָט זיך שנעל פֿאַרפֿולט. ווו צו שטיין איז שוין אויך נישט געווען. אַ גרויסער עולם איז געבליבן אין דרויסן און מיט גרויס נייגער צוגעפּרעסט זייערע אויערן צו די פֿענצטער און זיך צוגעהערט, כּדי אַ וואָרט אָדער אַ קלאַנג פֿון דעם געזאַנג צו כאַפּן, און אויך האָבן וואָס צו דערציילן.

מען האָט אַוועקגענומען דעם פֿאָרהאַנג און די פֿאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן... דער עולם האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ביי פֿיל איז דאָס אפֿשר געווען די שענסטע פֿאַרווייַלונג, וואָס זיי האָבן ווען עס איז געהאַט אין זייער לעבן...

די פֿאָרשטעלונג האָט שוין געהאַלטן ביים צווייטן אַקט... מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיק קלאַפּן אין דער טיר. אין זאַל איז אַריין פֿאַלעק, די בעקעשע אויפֿגעקנעפּלט און צעכראַסטעט, בלויז מיט דער יאַרמלקע אויפֿן קאָפּ. מיט זיין קאָלטענעוואַטער באָרד און פּאות און אויסגעגלאָצטע אויגן האָט ער אויסגעזען ווילד.

— געוואַלד, סע ברענט, סע ברענט, ראַטעוועט! — האָט זיך דערהערט זיין שרעקלעכער ליאַרעם... פֿון דרויסן האָט אונטערגעהאַלטן פֿאַלעקן מיט זעלבן געשריי דער בטלן שיעלע הערש ליפּעלעס.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן צום אַרויסגאַנג. נישט קאָנענדיק אַזוי שנעל זיך אַרויסבאַקומען דורך די שמאָלע טירלעך פֿון חנה־יענטעס הויז, האָבן פֿיל אָנגעהויבן שפּרינגען דורך די פֿענצטער...

— ווו ברענט? ווו ברענט? — האָבן זיך געהערט די רופן פון די איבערגעשראָקענע מענטשן. אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט דערויף געבן קיין ענטפער.

די פינצטערע נאַכט האָט צוגעשפּילט. מען האָט זיך געלאָזט צו די היימען, כדי אָנצוזאָגן די טרויעריקע בשורה פון דער שׂרפה און זיך נעמען צום פּאַקן די שטוב-זאַכן. געווען אפילו אַזעלכע, וועלכע זענען געלאָפן צום קלויסטער-גלאָק.

אין חנה-יענטעס הויז האָט זיך גלייך באוויזן דער ווארישער קהילה-פּרעזעס עזריאל ריימאַן אין באַגלייטונג פון פּאָליציי... זי איז תיכף צוגעטראָטן צו מאַכן אַ פּראָטאָקאָל...

— דער זאַל איז צו קליין אויף אַ פאַרזאַמלונג, די בינע איז נישט ריכטיק געבויט — האָט אַרויסגעוויזן מבינות דער קאָמענדאַנט סכאַב...

ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די „אַקטיאָרן". אייזיקל האָט געמוזט נאָך אַמאָל פאַרלאָזן זיין שטעטל. דאָס מאָל שוין אויף תמיד...

ס'האָט זיך פאַרצויגן דער פאַרהאַנג איבער דער סצענע, ס'האָט זיך פאַרצויגן דער פאַרהאַנג איבערן יידישן לעבן אין וואַריש...

אין יאָרן אַרום איז אייזיקל געקומען אויף אַ פּאָר טעג אין שטעטל. קיינעם נישט געטראָפן. קיין טאַטע-מאַמע, קיין שוועסטער און ברידער, קיין קרובים, קיין פּאָלישע קענער, קיינעם... זיי האָט אַלע איינגעשלונגען די היטלעריסטישע קרעמאַטאָריע.

# אַ פאָר ווערטער וועגן מחבר

שלמה שטראַוס=מאַרקאָ האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין פאָלקס=פוילן מיטן אויטאָביאָגראַפישן בוך „דער ראַסיקער אַריער“, וואָס האָט מיט זיין מערקווירדיקן אינהאַלט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג ביים יידישן לייענער אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

דאָס בוך, וואָס ווערט איצט אונטערגעטראָגן דעם לייענער, „געווען אַמאָל אַ שטעטל...“ איז אויך געשטיצט אויף אַ פערזענלעכן לעבנס=שטאָף. עס נעמט אָבער אַרום צום אונטערשיד פון „דעם ראַסיקן אַריער“ אַ לענגערן צייט=אָפּשניט און פירט אונדז אַריין אין אַ לעבנס=שטייגער און געשעענישן, וואָס זייער פילקאָלירקייט און ווידערשפרעכלעכקייט וועלן, לאָמיר האָפן, אויך צושמידן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פונעם לייענער.

איידער שלמה שטראַוס האָט גענומען די פען אין דער האַנט אַריין, האָט ער פיל דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט. זיין לעבנס=וועג איז אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער.

געבוירן איז ער געוואָרן ביי אָרעמע עלטערן אינעם קליינטשיקן גאַליציש שטעטל וואַריש, וואָס ליגט נישט ווייט פון סאָקאַל. שוין אַלס קינד האָט ער דערפילט אויף זיך קעגנזעצלעכע איינפלוסן. די מוטער אַ וועלטלעך=געזיניקטע פרוי באַמיט זיך צו געבן איר זון היינטצייטיק וויסן, בעת דער פאָטער, אַ רעליגיעזער פאַנאַטיקער טוט אַלץ, כדי צו דערציען אים אין אַלטפרענקישן גייסט. דערפון באַקומט זיך, אַז שלמה שטראַוס לערנט אין קלויז, טראָגט די גאַליציש=חסידישע הלבשה, געשריפטע פאַהלעד, און גלייכצייטיק באַזוכט ער די אַלגעמיינע גרונט=שול.

גאָר יונג ווערט שלמה שטראַוס אַריינגעצויגן אין דער לינקער אַרבעטער=באַוועגונג. אירע אידעען פילן אויס זיין גייסטיק וועזן און באַשטימען זיין שפּעטערדיקן לעבנס=וועג. זיין טעטיקייטס=געביט איז די יידישע קולטור=אַרבעט.

אין יאָר 1930 קומט ער קיין לעמבערג. מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען

וואַרפֿט ער זיך אין דער באַוועגונג. גאָר אין גיכן ווערט ער געשטעלט בראש פֿונעם לינקן קולטור־קלוב א. נ. פֿון י. ל. פּרץ.

שלמה שטראַוס איז דרייסט און אומדערשראָקן, גייט שטענדיק אין די פֿאָדערשטע רייען. ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אים טרעפֿן פּאָליציי־אישע קוילן. אין יאָר 1931 ווערט ער פֿאַרוווּנדעט ביים אויפֿהענגען אַ פֿאָן. אין יאָר 1936, בעת די פּאָליטישע אומרוען אין לעמבערג אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערמאָרדן דעם אַרבעטסלאָזן וולאַדיסלאַוו קאָזאַק, נעמט שלמה שטראַוס אַקטיוו אָנטייל אין די גאַסן־קאַמפֿן. ער באַקומט אַ טיפֿע וווּנד אין קאָפּ.

1939. היטלער פֿאַלט אָן אויף פּוילן. שלמה שטראַוס קומט אין פּולק א. נ. פֿון „די פּאַרטיייִקער פֿון לעמבערג" און מעלדעט זיך צו דער פֿרייוויליקער קאָמפּאַניע, וועלכע ווערט תּיכף אַרויסגעשיקט אויפֿן פֿראָנט.

אין דער שלאַכט הינטער פּלאָצק ווערט ער פֿאַרוווּנדעט און פֿאַלט אַריין אין דער דייטשישער געפֿאַנגענשאַפֿט. ער האָט נישט קיין אילוזיעס וועגן די היטלערישע מאָרד־כוונות לגבי די יידן. ער גיט זיך אָן אַלס אוקראַינער טימאָפּיעי מאַרקאָ. אונטערן דאָזיקן נאָמען הייבט אָן שלמה שטראַוס זיין מאַראַניש טאָפּלטלעבן: אַלס באַהאַלטענער ייד, אונטערערדישער אַנטיהיטלעריסטישער פּאָליטישער טוער און עפֿנטלעכער אָנפֿירער פֿון אַרבעטס־לאַגער פֿאַר געפֿאַנגענע הינטער וויִן, וועלכער געפֿינט זיך אונטער דער פּאָליטישער אויפֿזיכט פֿון אוקראַינישע פֿאַשיסטן, די טרויעריק־באַקאַנטע באַנדעראָוויצעס. דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט באַשרייבט דער מחבר אין זיין בוך „דער ראָסיקער אַריער".

נאָך דער מלחמה קערט זיך אום שלמה שטראַוס צוריק אַהיים. ער קומט אויף די חורבות פֿון זיין שטעטל וואַריש, וווּ ער טרעפֿט קיינעם נישט פֿון זיין הויזגעזינד, פֿון זיינע קרובים, ער טרעפֿט בכלל קיין יידן נישט. פֿול מיט ענערגיע און דורכגענומען מיט נקמה־געפֿילן צו די רוצחים פֿון זיין פֿאָלק נוצט אויס שלמה שטראַוס די אַנטיהיטלעריסטישע אונטערערדישע דערפֿאַרונג פֿון „מאַרקאָ טימאָפּיעי" און נעמט אָנטייל אַלס קאַפּיטאַן פֿון פּוילישן פֿאָלקס־מיליטער אינעם קאַמף, אין ליקווידאַציע פֿון די פּויליש־אוקראַינישע רעאַקציאָנער־פֿאַשיסטישע באַנדעס, וועלכע פֿאַלן אָן און מאָרדן פֿאַרשטייער פֿון דער פֿאָלקס־מאַכט און די רעשטלעך יידן, וועלכע האָבן זיך פֿון פֿאַרשידענע ערטער אומגעקערט צו זייערע היימען. אין איינער פֿון די שלאַכטן מיט די דאָזיקע באַנדעס ווערט שלמה שטראַוס־מאַרקאָ צום פֿערטן מאָל פֿאַרוווּנדעט.

ווען עס ענדיקט זיך דער קאַמף מיט דער קאָנטררעוואָלוציע אין פּוילן, באַשליסט ער צו פֿאַרפֿולקאָמען זיין בילדונג. ער טרעט אַריין לכתּחילה אין דער אַקאַדעמיע פֿאַר סאָציאַלע וויסנשאַפֿטן און שפּעטער, אין יאָר 1948 ווערט ער

אָנגענומען אויפֿן יורידישן פֿאַקולטעט פֿון לאָדזשער אוניווערסיטעט. אין יאָר 1952 באַקומט ער דעם דיפּלאָם אַלס מאַגיסטער פֿון רעכט.

שלמה שטראַוס־מאַרקאָ ווייזט אָבער נישט אַרויס קיין איבעריקן אינטערעס פֿאַר יורידישער פּראַקטיק. אים ציט צו ליטעראַרישער טעטיקייט. ער פֿילט די באַדערפֿעניש צו דערציילן דער וועלט זיינע איבערלעבענישן און דערפֿאַרונגען. אַזוי ווערט געבוירן זיין ערשט בוך „דער ראַסיקער אַריער“, אַזוי קומט אויף די אידעע פֿונעם בוך „געווען אַמאָל אַ שטעטל...“ און שוין פֿאַר פֿון מחבר ליגט שוין אויך אַ דריט בוך, גרייט צום זאַץ.

דער נאָמען מאַרקאָ, וועלכער האָט אויסגעהיט שלמה שטראַוסן פֿון דער היטלעריסטישער גאַז־קאַמער, איז צונויפֿגעוואַקסן געוואָרן נישט בלויז מיט זיין פּאָליטישער אַרבעט, נאָר אויך געוואָרן זיין ביינאָמען, מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין פֿאָלקס־פּוילן.

מיכאל מירסקי

# אינהאַלט

זייט